ידידיה אפרת

# אַמדור,
# מײַן געבױרן־שטעטל

ידידיה אפרון

# אַמדור, מײַן געבוירן־שטעטל

קאָמיטעט צו באַערן דעם אָנדענק פון ר׳ ידידיה אפרון
בוענאָס־אײַרעס
1973



ר׳ ידידיה אפרון ז״ל

גערייליקט דעם אַנדענק
פון מיינע עלטערן,
ר׳ מרדכי בן דוד און
פעשע בת ר׳ יהודה, ז״ל.

# תוכן

# אַרײַנפיר

## דאָס לעבן און אויפטו פון ר׳ ידידיה אפרון

— 1 —

דאָס ארויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך איז אַ פועל־יוצא פון צוויי ענג פאַרבונדענע כוונות: באַערן דעם אָנדענק פון ר׳ ידידה אפרון ז״ל, איינע פון די פּראָמינענטסטע פּערזענ־לעכקייטן פון אַרגענטינער יידנטום, און באַמיִען זיך ס׳זאָל ניט אָפּגעמעקט ווערן דאָס בילד פון זײַן געבוירן־שטעטל, אַרויסגעבנדיק אין בוכפאָרעם דאָס ווערק ווו ער באַשרײַבט זײַנע קינדער־יאָרן און זײַן ערשטע יוגנט אין אַ ליטוויש שטעטל פון גראָדנער גובערניע וואָס איז פאַרשוווּנדן פון דער וועלט אונטער דער רוצחישער היטלעריסטישער כוואַ־ליע. ס׳איז קלאָר אַזביידע כוונות טרעפן זיך צונויף: מען וואָלט ניט געקענט פאַרשטיין גרינטלעך ר׳ ידידה אפרונס לעבנסוועג ווי אַ דערציִער, כלל־טוער און גײַסטיקער מנהיג פון אַרגענטינער יידן, ניט באַקענענדיק זיך פריִער מיט די דרכים פון זײַן עטישער און אינטעלעקטועלער אויסבילדונג אין זײַן היים, אין אַ טיפּישער יידישער קהילה פון מזרח־איירופּע.

למען האמת: מען האָט שוין לאַנג געטראַכט אַרויסצו־געבן אָט דאָס בוך. אייניקע קאַפּיטלען האָבן נאָך אין די פופציקער יאָרן געזען די ליכטיקע שײַן אויף די זײַטן פונעם זשורנאַל וואָס די גראָדנער לאַנדסלײַט אין בוענאָס־אײַרעס

האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין 1951 אונטערן נאָמען „גראַד־נער אָפּקלאַנגען", מיט דער רעדאַקציע פון מיכל הכהן סיני און פאַני רעמס. נאָך סינים טויט — אונטער דער רעדאַק־ציע פון אַברהם זאַק.

די באַשרייַבונגען פונעם שטעטל אַמדור האָבן גלייַך אַרויסגערופן דעם גרעסטן אינטערעס, מיט זייער כאַראַקטע־ריסטישן ייִדישן געמיט און מיט די אַרטיקע פּילפּאַרביקע טיפּן: רבנים און מלמדים, לערערס און סופרים, דאָקטוירים און אַרבעטערס. אַלץ איז אין אַמדור געווען אַזוי טיף ייִדיש, אַז ר' ידידיה האָט ספּעציעל אונטערגעשטראָכן דעם אונטער־שייד צווישן די ייִדישע משוגעים און שיכורים, וואָס זייַנען אויך געווען אין אַמדור, און די ניט־ייִדישע משוגעים און שי־כורים פון דער געגנט.

איז גאָר ניט קיין וווּנדער וואָס עס איז גלייַך אויפגע־קומען דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אין בוכפאָרעם ידידיה אפרונס זכרונות. אָבער די איניציאַטיוו איז אָפּגעלייגט גע־וואָרן איבער סיבות וואָס זייַנען שוין איצט ניט וויכטיק. דער געדאַנק איז ערשט צוריק אַרויפגעשווומען אין אַ שמועס וואָס דער שרייַבער פון די שורות האָט געהאַט מיט ד"ר דוד אפרון, ר' ידידיהס עלטסטער זון, וועלכער האָט זיך לעצטנס צוריק־געקערט קיין אַרגענטינע נאָך אַ לאַנגן אָפּזייַן. לאָמיר דרך־אַגב באַמערקן אַז ד"ר אפרון האָט דורכגעפירט וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע פאָרשאַרבעטן אין קאָלאָמביע־אוניווערסי־טעט (ניו־יאָרק), ווו ער האָט באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל אין סאָציאַלער וויסנשאַפט, און האָט זיך אויסגעצייכנט אַר־בעטנדיק איבער צוואַנציק יאָר נאָך אַנאַנד אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבעט־אָרגאַניזאַציע אין זשענעוו (א. י. ט.), ווו ער האָט, צווישן אַנדערע וויכטיקע פונקציעס, פאַרנומען דעם אַמט פון קאָאָרדינירער פון די אָפיציעלע פּראָגראַמען פאַר דער אינטעגראַציע פון דער פּרימיטיווער אייַנוווינער־

שטאָט פון לאַטײַן־אַמעריקע, אַפריקע און מיטעלן מזרח אין דער הײַנטיקער וועלט.

אין 1971 איז ר׳ ידידיהס 20סטער יאָרצײַט אַדורך כמעט אומבאַמערקט. נאָך מער: קיין שום סעקטאָר פון ישוב האָט נאָך ביז הײַנט צו טאָג אים ניט מזכיר געווען אין אײַנקלאַנג מיט זײַנע אויפטוען און פאַרדינסטן ווי אַ גרונטלייגער און באַפעסטיקער פונעם ייִדישן קולטור־לעבן אין לאַנד. דאָס איז אַ בפירושע עוולה און ס׳איז גענוג געווען מיר זאָלן אויף דעם אָנווײַזן כדי אַלע סעקטאָרן פון ישוב ווו ר׳ ידידיה האָט איבערגעלאָזט דעם חותם פון זײַן פּראָקטיקער אַרבעט זאָלן זיך אָנשליסן אין דער איניציאַטיוו די עוולה מתקן צו זײַן.

דערפאַר קען דער דאָזיקער געדאַנק הײַנט דורכגעפירט ווערן מיטן אָנשלוס פון די בוענאָס־אײַרעסער קהילה־אָנפירערס, פון דער ד.אַ.י.אַ., פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע, פון דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע, פון ועד החינוך המרכזי, ייִק״אָ, „פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ״, שרײַבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין ה. ד. נאָמבערג, ל״ל פון גראָדנע און אומגעגנט און, נאַטירלעך, פון אַ גאַנצער ריי קאָלעגן, פרײַנד, געוועזענע תלמידים און אַלעמאָליקע חסידים פון ר׳ ידידיה אפרון.

אַז מען וועט פײַערן דעם אַרויסקום פון אָט דעם באַנד, וועט דאָס זײַן די פּאַסיקע געלעגנהײַט עפנטלעך אַרויסצוהייבן זײַן זכרון, אַזוי ווי ער האָט עס פאַרדינט מיט זײַן ליכטיקער אינטעלעקטועלער פערזענלעכקייט און מיטן היסטאָרישן באַטײַט פון זײַן דערציִערישער, געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אָרגאַניזירערישער אַרבעט.

— 2 —

ידידיה אפרון איז אָנגעקומען אין אַרגענטינע מיט זײַנע עלטערן און ברידער אין 1895. געקומען זײַנען זיי דורך דער

יִיק״אַ, וואָס האָט זיי תיכּף אַריבערגעפירט פון בוענאָס-אײַרעס קיין ענטרע-ריִאָס און זיי באַזעצט אין דער קאָלאָניע קלאַראַ, ווו זיי זײַנען געוואָרן ערד־אַרבעטערס.

ידידיה איז דעמאָלט אַלט געווען 17 יאָר און איז שוין געווען בקי אין תנך און אין תלמוד.

ער איז געבוירן געוואָרן אין אַמדור דעם 11טן יולי 1878. געווען איז ער דאָס פינפטע פון די זיבן קינדער וואָס מיט זיי איז געבענטשט געוואָרן די היים פון מרדכי אפרון און פעשע סערגיי: אַ היים פון מיטלקלאַס וואָס האָט געשײַנט מיט פרומקייט און ערלעכקייט.

כדאי אונטערצושטרײַכן אַז אַמדור איז געווען אַ וויכטיקער צענטער פון למדנות. דובנאָוו דערמאָנט דאָס שטעטל אין איין ריי מיט פינסק, ווילנע און מינסק: דאָס אַליין זאָגט שוין גענוג וועגן זײַן חשיבות אין דער געשיכטע פון דער רבנישער טראַדיציע. אַמדור האָט באַרײַכערט דאָס יידישע לעבן אין דער ליטע מיט אַ גרופּע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, תלמידי־חכמים, גאונים און עסקנים. ר׳ ידידיה גיט אָפּ אַ באַזונדער קאַפּיטל פון זײַן בוך דער אַמדורער ישיבה און ער באַטאָנט, אַז גרעסערע קהילות האָבן ניט געהאַט קיין אייגענע ישיבה.

אַמדורער ייִדן האָבן זיך אויך געגרויסט מיט דעם, וואָס אַ מאָל איז אין זייער שטאָט זיך צונויפגעקומען דער „וועד ארבע ארצות", וואָס פלעגט זיך פאַרזאַמלען צוויי מאָל אין יאָר, בדרך־כלל אין לובלין (פּוילן) אָדער אין יאַראָסלאַוו (גאַליציע), אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט, און פלעגט אָננעמען תקנות פאַרן אינערלעכן לעבן אָדער מיטלען פאַרן שוץ פון די ייִדישע קהילות.

אַ דערצויגענער אין אַזאַ ספּעציפיש ייִדישער סביבה, איז ניט קיין ווונדער וואָס ער האָט, כפי דער פאַרשריפט פון רבי יהודה בן תימא, שוין בײַ פינף יאָר געלערנט מקרא, צו

צען יאָר משנה, צו דרײַצן מצוות און צו פופצן תּלמוד. אָבער דאָס וואָס ווערט פֿירגעשריבן אין פּרקי אָבות (ה, כ״ד) פֿאַר די ווײַטערדיקע יאָרן האָט ער געמוזט אָפּלייגן בעל־כּרחו, ווײַל ווען ידידיה איז געוואָרן 17 יאָר אַלט האָט זײַן משפּחה עמיגרירט אין אַרגענטינע און דער יונגערמאַן האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די טיפֿענישן פֿון דער גמרא כּדי זיך אָפּצוגעבן מיט די שווערע פֿעלדאַרבעטן אין קאָלאָניע קלאַראַ. דער איבער־רײַס איז אָבער געווען נאָר אַ צײַטווײַליקער, ווײַל די ליב־שאַפֿט וואָס ער און זײַן משפּחה האָבן דערפֿילט צו דער אַרגענטינער ערד וואָס זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צו באַ־אַרבעטן, איז קיין מאָל ניט געשטאַנען אין סתירה מיט דער געטרײַשאַפֿט צו תּורת־משה און צו אירע מצוות.

ער האָט אין איין צײַט זיך פֿאַרבונדן אין פֿרײַנדשאַפֿט מיטן אַרגענטינער „גאַוטש״ און זיך אויסגעלערנט די שפּראַך פֿון לאַנד, מיט זײַנע מנהגים און געשיכטע. נאָך גיך האָט ער זיך באַקענט מיט די אָרטיקע טראַדיציעס און מיטן גע־זעלשאַפֿטלעכן לעבנסשטייגער פֿון זײַן נײַ היימלאַנד.

אוודאי איז דאָס צופּאַסן זיך צו דער נײַער סבֿיבֿה ניט אָנגעקומען לײַכט. ניט ידידיה, ניט זײַנע קרובֿים זײַנען גע־ווען צוגעגרייט צו פֿעלדאַרבעט, פּונקט ווי די מערהייט פֿון די קאָלאָניסטן וואָס זײַנען אין יענע יאָרן געקומען אין לאַנד. זיי האָבן געמוזט זוכן מנוחה ווײַט פֿונעם צאַרישן רוסלאַנד, און דאָס אָפּגעבן זיך מיט ערדאַרבעט איז נאָר געווען אַ מיטל דערצו. די אימפּראָוויזירטע קאָלאָניסטן האָבן געמוזט זיך נעמען לערנען בײַ די „גאַוטשן״ ווי צו האַלטן אַן אַקער־אײַזן, ווי צו פֿירן די אָקסן און צעאַקערן אַ שטח רויערד. זיי האָבן זיך אויך אויסגעלערנט זייען, שנײַדן, סטויגעווען, דרעשן, אָנלייגן די זעק מיט קערנער, נעמען אַ האַק אין דער האַנט אַרײַן און אומוואַרפֿןביימער. ביסלעכווײַז איז פֿון זיי געוואָרן גוטע לאַנדווירטן און אַ סך פֿון זיי האָבן זיך אין דער

פּעלדאַרבעט אויסגעצייכנט ווי די אמתע „ייִדישע גאַוטשן“, ווי ס׳האָט זיי באַנאָמענט אַלבערטאָ גערשונאָוו אין זײַן באַרימט געוואָרן בוך.

ס׳איז אָבער געווען אַ צווייטער אַספּעקט אינעם פּראָצעס פון צופּאַסן זיך צו דער סביבה: דאָס איז געווען דער אויספּעל פון אַ ספּעציפיש ייִדישער קולטור־אַטמאָספערע. ניט אַלע קאָלאָניסטן האָבן פאַרמאָגט די קולטור וואָס די אפרונס, די ווינאָקורס, די קאַפּלאַנס, די יאַגובסקים אָדער די שטיינבערגס האָבן געהאַט מיטגעבראַכט נאָך פון דער אַלטער היים, איז ידידיה ניט געווען דער איינציקער וואָס האָט זיך געפילט ווי פאַרלוירן אינעם בראשית פון אַ לעבן ווו דאָס ייִדישע וויסן איז געווען מינימאַל, ווו ניט דער פּשט פון אַ פּסוק אָדער דאָס לערנען אַ בלאַט גמרא איז געווען דער עיקר, נאָר דאָס טאָג־טעגלעכע אָנשטרענגען זיך פאַר ברויט און פאַר אַ רויִק צוזאַמענלעבן מיט די שכנישע גאַוטשן. בײַ ידידיהן איז אָבער דער דאָרשט צו לערנען קיין מאָל ניט אײַנגעלאָשן געוואָרן. ס׳איז קלאָר געווען אַז זײַן באַרוף איז געלעגן, ניט אין אַגריקולטור, נאָר אין באַאַרבעטן די העכערע שטחים פון גײַסט.

ער האָט זיך אָבער צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פונעם נײַעם לעבן, כאָטש ער האָט קיין מאָל ניט געפּועלט בײַ זיך שלום צו מאַכן מיט די באַקלאָגלעכע לערן־פּראָגראַמען פאַר ייִדישקייט אין די קאָלאָניע־שולן וואָס די ייִק״אַ האָט געשאַפן.

ווי באַוווּסט, האָבן די דאָזיקע שולן געדאַרפט אויספירן אַ טאָפּעלע דערציִערישע עובדא: פון איין זײַט, לערנען די מלוכהשע שול־פּראָגראַמען, היות עס זײַנען אין יענע קאַנטן ניט געווען קיין רעגירונג־שולן; פון דער צווייטער זײַט, געבן כאָטש אַן אָנהייב פון ייִדישער בילדונג. פאַקטיש זײַנען דאָס געווען שולן ווי די וואָס מען רופט הײַנט „אינטעגראַלע“,

מיט די פֿאַרשטענדלעכע באַגרענעצונגען פֿון דער צײַט און אָרט ווי זיי האָבן עקסיסטירט.

נאָך אַ וויכטיקער פּרט, וואָס אפרון אַליין האָט מיט יאָרן שפּעטער באַמערקט: ווײַל דאָס זײַנען געווען קאָלאָניעס מיט אַן אויסשליסלעך ייִדישער באַפֿעלקערונג, ווי קיינער האָט ניט געקענט פֿון שפּאַניש אפֿילו דעם קלאַנג פֿון דער שפּראַך און די איינציקע באַקאַנטע לשונות זײַנען געווען ייִדיש,לשון קודש אָדער סלאַוויש, איז נייטיק געווען אין דער ערשטער צײַט צו באַשעפֿטיקן בײַם לימוד פֿון דער לאַנד־שפּראַך ייִדישע לערערס, וואָס נאָר זיי האָבן געקענט אײַנ־שטעלן אַן ערשטע פֿאַרבינדונג מיט די תּלמידים און פֿאַר־שטיין די מענטאַליטעט פֿון זייערע עלטערן.

די קאָלאָניזאַציע האָט נאָך אָבער געהאַלטן בײַם סאַמע בראשית און ס'איז ניט מעגלעך געווען צו געפֿינען צווישן דעם ייִדישן עלעמענט אין לאַנד די נייטיקע לערערישע כּו־חות. דעריבער האָט די יִק"אַ געמוזט אָנקומען צו דער פּאַ־ריזער „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל", זי זאָל צושטעלן פֿאַר אירע שולן אין אַרגענטינע אַ צאָל ייִדישע לערערס פֿון ספֿרדישן אָפּשטאַם, וואָס האָבן געהאַט געענדיקט די פּאַרי־זער נאָרמאַלשול און האָבן געקענט לאַדינאָ, וואָס האָט זיי פֿאַרלײַכטערט דאָס לערנען שפּאַניש.

אוודאי איז דאָס נאָר געווען אַ טיילווײַזע ישועה: ניט אַלע „אַליאַנס"־לערערס, כאָטש זיי זײַנען געווען ייִדן, האָבן זיך געקענט אײַנפֿאַרשטיין מיט זייערע אַשכּנזישע ברידער. מען מוז אָבער צוגעבן אַז זיי האָבן אַ סך בײַגעטראָגן פֿאַרן ייִדישן חינוך אין די ערשטע יאָרן פֿון אונדזער קאָלאָניזאַציע. און ידידיה אפֿרון איז טאַקע געווען דער ערשטער וואָס האָט, מיט זײַן כאַראַקטעריסטישער ערלעכקייט, אַרויסגעהויבן די פֿאַרדינסטן פֿון דעם „ערשטן שפּאַניש־לערער אין די ייִדישע קאָלאָניעס, מ. סאַבאַח".

מיטן לויף פון די יאָרן, און וואָס מער די יידישע שול האָט זיך אַנטוויקלט אין די קאָלאָניעס, האָט די ייִק"אַ געענ־מען זוכן אירע לערערס צווישן די זין פון דער קאָלאָניע, סײַ צווישן די אַביטוריענטן פון אירע אייגענע שולן, סײַ צווישן די יונגעלײַט וואָס זײַנען גלײַך געקומען אין לאַנד מיט אַ בילדונג וואָס האָט זיי מכשיר געווען פאַר דער אַרבעט אין אַנהייבשולן.

דאָס האָט געעפנט פאַרן יונגן ידידיה אפרון אַ נײַעם האָריזאָנט: לערערײַ. אין 1903 איז אין זײַן לעבן פירגעקומען אַ גרויסער שינוי: ער האָט אויפגעשטעלט זײַן אייגענע היים און איז אַרײַנגעטראָטן ווי אַ לערער אין אַ שול פון דער ייִק"אַ. פון זײַן פרוי, שרה־מרים שטיינבערג, האָט ער געהאַט פינף קינדער: דוד, סימע, טביה, רפאל און טײַבע. אַלע פינף האָבן זיך מיט דער צײַט אויסגעצייכנט אויף פאַרשיי־דענע געביטן: סאָציאָלאָגישע פאָרשונג, טעכניק, מוזיק, גע־זאַנג און טעלעוויזיע.

זײַן אינטעלעקטועלע סמיכה זיך אָפּצוגעבן מיט לערערײַ איז געווען אַן איבערגענונגנדיקע, און כאָטש ער האָט זיך גע־מוזט צופאַסן צו די גאָר קליינע פאָדערונגען פון עלעמענטאַרן חינוך, האָט ער קיין מאָל ניט אויפגעגעבן זײַן טרוים אויפ־צושטעלן אַן אמתע ישיבה אין סאַמע האַרץ פון די ענטרע־ריִאָסער פעלדער.

זײַן טרוים איז מקוים געוואָרן אין 1911, ווען מען האָט געגרינדעט די ערשטע ישיבה אין אַרגענטינע, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ קורצע צײַט אין קאָלאָניע פײַנבערג, אונטער דער אָנפירונג פון לעאָן ווינאָקור, דער מחבר פון ערשטן העברעיִש־שפּאַנישן ווערטערבוך וואָס איז דערשינען אין לאַטײַן־אַמעריקע. דער געדאַנק איז געווען אַ לויבווער־דיקער, ווי עס פּאַסט פאַר ראָמאַנטיקערס און טרוימערס... אָבער די סביבה איז נאָך צו דעם ניט געווען גרייט.

דערווײַל, האָט ר׳ ידידיה זיך אַרײַנגעטאָן אין דער־לערנען די שפּאַנישע שפּראַך און אין אײַנגלידערן זיך ענגער אינעם אַרגענטינער לעבן. ווען די ייִדישע קאָנגרעגאַציע האָט אַראָפּגעבראַכט אַ חשובֿע ־פּערזענלעכקייט, דעם רבֿ ד״ר שמואל חלפון, און אים באַשטימט ווי דער רבֿ הראשי פון אַרגענטינע, איז דאָס פאַר אפרונען געווען אַ דערמוטיקונג. ער איז געוואָרן אײנער פון די געטרײַסטע מיטאַרבעטערס פונעם נײַעם רבֿ, וואָס האָט מיט דערהויבנקייט אויסגעפירט זײַן פליכט ווי דער מנהיג רוחני פון אַרגענטינער ייִדנטום און האָט זיך פאַרבונדן מיט פיל אַרבעטן לטובֿת הכלל אין אונד־זער לאַנד, ווו ער איז אָנגעקומען אין 1905.

גאַר גיך האָט ר׳ ידידיה זיך אויסגעצייכנט ווי אַ העב־רעיִש־לערער אין אַ ייִק״אַ־שול, אַזוי אַרום אַז מען האָט אים באַשטימט פאַר דירעקטאָר פון אַ העברעיִש־שפּאַנישער שול. ווי אַ מענטש מיט שטרענגע אינטעלעקטועלע פאָדערונגען, האָט ער זיך גאַר ניט געקווענקלט, כאָטש ער איז שוין דע־מאָלט געווען אַ טאַטע פון פיר קינדער, און האָט זיך פאַר־שריבן ווי אַ תלמיד אין דער רוראַלער נאָרמאַלשול א״נ „אַלבערדי״, אין דער שטאָט פּאַראַנאַ, ווו ער האָט באַקומען זײַן נאַציאָנאַלן לערער־טיטל.

אין 1911 קומט פאָר אַ וויכטיקע געשעעניש אינעם אַר־גענטינער־ייִדישן קולטור־לעבן: דאָס איז די שאַפונג פון די ייִדישע רעליגיעזע קורסן, פּאַטראָניזירט דורך דער ייִק״אַ. בײַ זייער אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען דער רבֿ הראשי ד״ר חלפון. דרײַ יאָר נאָך דעם האָט די זעלביקע ייִק״אַ באַשטימט ר׳ ידידיהן ווי דער אינספּעקטאָר פון אירע שולן אין די גע־גנטן פון באַסאַווילבאַסאָ (ענטרע־ריִאָס) און מאָזעסוויל (סאַנ־טאַ־פע).

בײַם סוף פון יענעם יאָר, קורץ נאָך דעם ווי ער האָט געשאַפן דעם פאַרבאַנד פון ייִק״אַ־לערערס, קלײַבט זיך ר׳

ידידיה אריבער אין בוענאָס־אײַרעס און נעמט איבער דעם אַמט פון אינספעקטאָר פון די רעליגיעזע קורסן בײַ דער ייִק״אַ; אַ ביסל שפּעטער ווערט ער אַלגעמיינער דירעקטאָר פון אַט די קורסן. זינט דעמאָלט גיט ער זיך אין גאַנצן אָפּ דער ייִדישער דערציִונג אין לאַנד און אין שכנותדיקע לענ־דער, און אַרבעט בײַ דעם אָן אויפהער במשך איבער אַ פערטל יאָרהונדערט. זײַן אָנפירערישע טעטיקייט האָט גע־בראַכט צו אַ העכערער אינטעלעקטועלער און פּעדאַגאָגישער מדרגה אינעם חינוך און צו דער גרינדונג פון שולן אין דער הויפּטשטאָט און אין דער פּראָווינץ. ער אַליין אָרגאַניזירט די שולן, אָריענטירט זיי און אינספּעקטירט זיי מיט מוסטער־דיקער איבערגעגעבנקייט, און גיט פאַר זיי אַוועק אַלע אָנ־שטרענגען פון זײַן ווילן און פון זײַן קלאָרן פאַרשטאַנד.

אין 1917 אַנטשטייט דער ועד החינוך הראשי בײַ דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע; דאָס איז אַ שריט וואָס באַרײַכערט אומגעהייער די פּאַנאָראַמע פון ייִדישן חינוך אין לאַנד. אויך אין דעם אָ גרויסן אויפטו באַטייליקט זיך דער רב הראשי ד״ר חלפון. דער ציל איז צו פאַראינטערעסירן אַלע ייִדן אין דער ייִדישער דערציִונג פון זייערע קינדער, מיטן געדאַנק זיי זאָלן לכתחילה שטיצן די קורסן מיט קליינע סכומים און נאָך דעם איבערנעמען דעם גאַנצן אַדמיניסטראַטיוון און אָנ־פירנדיקן אַפּאַראַט פון די ייִדישע שולן וואָס די ייִק״אַ האָט געשאַפן און אויסגעהאַלטן.

ס׳איז איבעריק צו באַטאָנען אַז ר׳ ידידיה געפינט זיך צווישן די געשוווירענע אונטערשטיצערס פון דער נײַער חינוך־צענטראַלע, וואָס הייבט דאָן אָן איר אַרבעט מיט אַ גאָר לעבעדיקן אימפּולס. אָן איבערגעצייגטער אין דער נייטיקייט אויסצושפּרייטן די ייִדישע דערציִונג איבער די שכנותדיקע לענדער, נעמט ער אונטער אָפטע נסיעות און דערעפנט ייִדישע שולן אין פאַרשיידענע שטעט פון אורוגווײַ,

טשילע און פּאַראַגווײַ. דערבײַ ווערט ער איינע פון די באַ־ליבטסטע און פּאָפּולערסטע פיגורן פונעם ייִדישן לעבן אין אַ גרויסן חלק פון לאַטײַן־אַמעריקע. ניט נאָר ייִדיש און אַל־געמיין וויסן האָט ער פאַרמאָגט, נאָר אויך די דרײַ מידות מיט וועלכע דער פּרק באַצייכנט אַברהם אבינוס תלמידים: „עין טובה ורוח נמוכה ונפש שפלה" (אָבות, ה, כ"ב). די ליבשאַפט און דרך־ארץ צו אים האָט זיך גענומען אויך פון דעם, וואָס ער האָט אין לעבן מקיים געווען הלל הזקנס מאמר: „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו" (אָבות, ב, ה).

ר' ידידיה האָט אָפּגעשפּיגלט דעם דאָזיקן פּעריאָד פונעם ייִדישן חינוך אין אַרגענטינע, אין אַן אויסגעצייכנטער ברייט דאָקומענטירטער אַרבעט אונטערן טיטל „דאָס שולוועזן אין די ייִדישע קאָלאָניעס", וואָס די ד.אַ.י.אַ. האָט אַרײַנגענומען אינעם בוך „50 יאָר ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע", דערשינען אין 1939. ער שרײַבט דאָרט מיט עניוות, אין דעם לעצטן פּאַראַגראַף, אַז „ער האָט געהאַט דאָס גליק באַשיידן בײַצוטראָגן פאַר דעם אַלגעמיינעם און רעליגיעזן חינוך אין די ייִק"אַ־קאָלאָניעס במשך קרוב 40 יאָר". דער היסטאָרישער אמת איז אַז ר' ידידיה איז איבער אַ פערטל יאָרהונדערט געווען דער כהן־גדול אינעם מקדש פון דער ייִדישער דער־ציִונג אין אַרגענטינע. די דערציִערישע ווירקונג פון די „רע־ליגיעזע קורסן" וואָס ער האָט אויסגעפּלאַנט, אײַנגעפירט און סיסטעמאַטיזירט, סײַ טעכניש, סײַ אַדמיניסטראַטיוו, איז געווען לטובת דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין לאַנד. ווען די דאָזיקע אַרבעט איז אין דעצעמבער 1956 איבערגע־געבן געוואָרן דעם ועד הקהילות בארגנטינה, האָט דאָס גע־דינט ווי אַ באַזע פאַר דער אַנטשטייונג פונעם ועד החינוך המרכזי. עס פעלט נאָך אונטערצושטרײַכן, ווײַל דאָס איז זייער וויכטיק, אַז ר' ידידיה איז קיין מאָל ניט געווען גע־נויגט צו די אַסימילאַטאָרישע שטימונגען פון געוויסע קהל־

אַנפירערס מיט וועמען ער האָט מחמת די אומשטאַנדן גע־מוזט אַרבעטן, און אַוודאי איז אים ניט געווען צום הארצן זייער אָפענע קעגנערשאַפט צו דער ציוניסטישער באַוועגונג.

פאַרקערט דווקא: ער איז תמיד געווען אַ מיליטאַנטי־שער ציוניסט, און געווען איז ער דאָס בלב ונפש, ווײַל הערצלס געדאַנק האָט פאַרבונדן זיין פערזענלעכן לעבנסוועג מיטן גרויסן געראַנגל פאַר ישראלס גייסטיקער און פאָליטישער אויפ־לעבונג. אין אַ זייער גראָטענער אַרבעט וועגן דער גײַסטי־קער וועלט פון רב צעיר, צייכנט אפרון אָן אַ פאַרגלײַך צווישן צוויי דערהויבענע פיגורן פון מאָדערנעם יִדנטום: רב צעיר און סטיפען ווײַז, באַטאָנענדיק ביידנס איבערגעגעבנקייט צו אַ בשותפותדיקן אידעאַל: ציוניזם און יִדישער נאַציאָנאַליזם, וואָס האָבן זייער יסוד „אין אַן אָנגרענעצדיקער אהבת ישראל״.

אָט די דאָזיקע ליבשאַפט צו זײַן פאָלק האָט באַפליגלט ר׳ ידידיה אפרונס ציוניסטישע טעטיקייט און האָט אים פאַר־וואַנדלט אין אַ וויכטיקן ציוניסטישן אָנפירער. ביז הײַנט געדענקט מען נאָך אַז אין דער אַמאָליקער ציוניסטישער פע־דעראַציע, בײַם לעבן פון אירע העכסטע מנהיגים: יאָסעלע־וויטש, גזנג, ליבעשוץ, ראָזאָווסקי, ניכענזאָן, האָט מען קיין שום ויכוח ניט געשלאָסן איידער מען האָט אויסגעהערט „דאָס וואָגיקע וואָרט פון ר׳ ידידיהן, אַ רײַכס אין אינהאַלט און אַ דורכגעוועבטס מיט מאמרים און משלים וואָס ער האָט ניט געדאַרפט אויסזוכן, ווײַל זיי זײַנען אים תמיד געלעגן אויף דער צונג״.

איז ער, הייסט עס, געווען אַן ערשטראַנגיקער ציוניס־טישער מנהיג, און אויך אַנדערע וויכטיקע אויפגאַבן אינעם ציבורדיקן לעבן האָט ער אויסגעפירט מיט דערהויבנקייט און כבוד; טייל פון זיי ווי אַ מיטאַרבעטער פונעם צווייטן גײַס־טיקן מנהיג פון דער יִדישער קאָנגרעגאַציע, וואָס איז אויך



ידידיה אפרון ז״ל (X) אויף אַ ציוניסטישער אַסיפה מיט הרב זאב גאָלד, ר׳ יצחק קאַפּלאַן, הרב שלעזינגער, מרדכי ראָזאָווסקי, נחמן געזאַנג און אַנדערע

געוועזן איינער פון זײַנע בעסטע פרײַנד: דער גרויס־ראַבינער ד״ר זאב שלעזינגער.

ד״ר שלעזינגער איז געקומען אין לאַנד אין 1937 און קורץ נאָך דעם האָט ער איבערגענומען דעם פאָרזיץ פונעם וועד החינוך הראשי, וואָס זײַן גענעראַל־סעקרעטאַר איז געווען ר׳ ידידיה אפרון.

אַ גײַסטיקע קרובהשאַפט האָט זיי פאַרבונדן, און זיי האָבן צוזאַמען פאַרטראַכט אַ ווײַטגייענדיקן פּלאַן: צו גרינדן אַן אינסטיטוט פאַר העכערע ייִדישע רעליגיעזע לימודים. דאָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין 1943 מיט דער גרינדונג פונעם „מכון ללימודי היהדות״. דער נייער אַנשטאַלט האָט זיך דערוואָרבן אַ שם מיט דער קוואַליטעט פון זײַנע דידאַק־טישע פּלענער און מיט דער ווירקעוודיקייט פון זײַן אַרבעט, וואָס איר רעזולטאַט איז געווען די אויסבילדונג פון גוטע לע־רערס, ניט נאָר פאַר העברעיִש, נאָר אויך פאַר געשיכטע און ליטעראַטור. זאָל באַטאָנט ווערן אַז אין דעם דאָזיקן מכון האָט זיך אויסגעבילדט אַ גרויסער טייל פון דער יונגער ייִדיש־אַרגענטינער אינטעליגענץ: אינזש׳ שלום ראָזענבערג, אַברהם פּלאַטקין, נפתלי האַבער, מרדכי הערבסט, ד״ר יוסף קליינער און אַנדערע.

טאַקע ד״ר שלעזינגער האָט כאַראַקטעריזירט ידידיה אפרונען מיט אַ צוגעטראָפן וואָרט וואָס עס ווילט זיך איבער־זאָגן: „אויב אונדזער ישוב האָט אַ מאָל געהאַט אַן אמתן **רב הכולל**, איז דאָס געווען ידידיה אפרון, מיט זײַן ברייטער און דורך אַלעמען אָנגענומענער אויטאָריטעט״. ס׳איז דערין קיין ספק ניטאָ; כאָטש קיין רבנישע סמיכה האָט ער ניט געהאַט, איז ער מיט זײַן אייגענער חשיבות געווען ווי אַ רב הכולל פונעם ישוב.

אין 1945 זײַנען דער גרויס־ראַבינער מיטן „רב הכולל״ געפאָרן קיין לאָנדאָן בײַצוזײַן בײַ אַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג

וואָס דער אַמעריקאַנער ייִדישער קאָמיטעט האָט געהאַט פּאַררופן מיטן ציל צו באַטראַכטן די מעגלעכקייטן מיטצו־אַרבעטן מיט די ייִדישע ישובים פון לאַטײַן־אַמעריקע אין דער אָרגאַניזאַציע און באַפעסטיקונג פון זייער קהילה־לעבן.

ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון אַ ריי וווילטוערישע חברות: בני ברית, „סאָפּראָטימים" (הילף־געזעלשאַפט פאַר ייִדישע אימיגראַנטן), עזרת־נשים, „היסעם" — אַ קאָמיטעט מיטן אָנטייל פון „האיאַס", ייִק"אַ און „עמיגדירעקט", וואָס זײַן ציל איז געווען צו קאָאָרדינירן די אײַנוואַנדערונג פון ייִדישע פּליטים —, קרן קימת און קרן היסוד. דערצו האָט זיך אים אײַנגעגעבן דורכצופירן נאָך איינעם פון זײַנע טרוי־מען: אַ נאָרמאַלשול פאַר לערערינס פון רעליגיע און העב־רעיִש (מכונה), וואָס איז אויך פּאַטראָניזירט געוואָרן דורך דער יידישער קאָנגרעגאַציע. ער האָט אויך באַוויזן אַרויס־צוענדיקן אַ וויכטיקע און שווערע אַרבעט וואָס די ייִק"אַ האָט אים געהאַט אָנגעטרויט אין 1942: דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער צענז פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין לאַנד. די רעזולטאַטן זײַנען נאָך ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, און ס'איז בלי ספק אַז זייער אַקטואַליזאַציע וואָלט געווען אַ טובה פאַר אונדזער ציבורדיקן לעבן, וואָס נייטיקט זיך הײַנט פּונקט אַזוי ווי נעכטן אין אָריענטירנדיקע דאַטן.

אין שייכות מיט דעם איז כדאי אָנצוּווײַזן אַז לויט ר' ידידיהס פעסטשטעלונגען זײַנען אין לאַנד סוף 1946 ניט גע־ווען מער ווי 321.526 ייִדישע אײַנוווינערס, ד"ה אַז זיי האָבן פאַרגעשטעלט % 2,2 פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. סוף 1948 האָט זייער צאָל שוין אפשר דערגרייכט צו 326.000. אויפן סמך פון די דאָזיקע מסקנות האָט ער ענערגיש אָפּגע־וואָרפן צוויי עפנטלעכע השערות וועגן דער ייִדישער באַפעל־קערונג אין אַרגענטינע, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אין 1950 און וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר דורכוים ניט־ריכטיק.

די ערשטע השערה איז געווען פון יעקב לעשטשינסקין, דער וועלט-באַרימטער יידישער סאָציאָלאָג און ספּעציאַליסט אויף דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק. לעשטשינסקי האָט געשריבן אַז אין 1947 האָט די יידישע באַפעלקערונג פון אַרגענטינע דערגרייכט צו 380.000 און אַז דאָס שטעלט פאַר 2 פּראָצענט פון דער כלל-באַפעלקערונג. ר׳ ידידיה האָט עפנטלעך אויפגעפאָדערט לעשטשינסקין („די אידישע צייטונג" 1950/4/14) ער זאָל אויפקלערן ווי אַרום ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ צאָל. די דערקלערונג פונעם באַרימטן געלערנטן איז ניט געווען שטאַרק איבערצייגנדיק: ער האָט געטענהט אַז די צאָל איז געדרונגען פון אַן אַרבעט וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „אַמעריקאַנער יידישן יאָרבוך" (אויף ענגליש) פון ניו-יאָרק („די אידישע צייטונג" 1950/7/2).

נאָך מערער איז ר׳ ידידיה אויפגעבראַכט געוואָרן ווען ער האָט זיך דערוווּסט אַז געוויסע „באַגלייבטע" כלל-טוערם פאַרשפּרייטן אַ גירסא, אַז אונדזער ישוב אין אַרגענטינע ציילט שוין (אין יענע יאָרן!) אַ האַלבן מיליאָן יידן.

איבער דעם האָט ער אָפּגעדרוקט אַ שאַרפן אַרטיקל וועגן „די יידישע באַפעלקערונג אין דער אַרגענטינער רעפּובליק" („מונדאָ איסראַעליטאַ", 1950/6/9). דאָרטן ווייזט ער אַן אַז „מען קען זיך ניט העלפן קעגן מענטשן וואָס האָבן אַ יצר-הרע מגזם צו זיין אונדזער באַפעלקערונג אין לאַנד", מחמת „ס׳איז אפשר אייגנענעם אַ זאָג צו טאָן אַז מיר זיינען אַ האַלב-מיליאָניקער ישוב, ווייל מען האַלט אונדז פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע ישובים אין דער וועלט, נאָך דעם לעצטן אייראָפּעישן חורבן". אָבער **„דאָס שפּיגלט בשום אופן ניט אָפּ דעם אמת**, און ס׳ברענגט אונדז מער שאָדן ווי נוצן כלפי די מלוכהשע אינסטאַנצן".

פון דעמאָלט איז אַריבער שוין כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט, און דאָך חזרט מען נאָך איבער כסדר דעם פזמון אַז אין אַרגענטינע זײַנען דאָ 500.000 ייִדן...

צוליב דעם איז דורכוים אַקטועל דאָס וואָס מיר האָבן פעסטגעשטעלט אויפן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון „ד.אַ.י.אַ." אין אויגוסט 1972: „מיר פאַרמאָגן ניט קיין סטאַטיסטישע עלעמענטן **פון דער ערשטער האַנט. מיר ווייסן ניט, ניט וויפל מיר זײַנען, ניט וואָס.** ס'איז אַ בזיון מען זאָל די לעצטע 10—15 יאָר האַלטן אין איין זאָגן אַז דער ישוב באַשטייט פון 500.000 ייִדן, פונקט ווי דאָ וואָלט קיינער ניט געבוירן געוואָרן און ניט געשטאָרבן און ס'וואָלט ניט פאָרגעקומען קיין שום סטרוקטור־ענדערונג. דערפאַר איז דרינגענדיק מיר זאָלן איצט אונטערנעמען אַ ישוב־ציילונג. איך האָב דאָס געמאָנט אויף אַ צונויפפאָר פון „ד.אַ.י.אַ." אין מאַר דעל פּלאַטאַ מיט אַ 4 אָדער 5 יאָר צוריק, און כ'האָב דעמאָלט באַטאָנט אַז עס זײַנען פאַראַן איבערגענוג סיבות צו האַלטן, אַז מיר זײַנען ניט בלויז מיטלקלאַס, ווי מען וויל האָבן: צווישן אונדז איז אויך פאַראַן אַ אַרבעטנדיקער שיכט, מיט פאַבריק־אַרבעטערס, אָנגעשטעלטע און ערד־אַרבעטערס. במילא דאַרפן מיר פאַר זיך אַליין האָבן אַ ריכטיק בילד פון דעם וואָס אונדזער ישוב שטעלט פאָר, סײַ אין דער הויפּטשטאָט, סײַ אויף דער פּראָווינץ".

מען דאַרף אָנערקענען ר' ידידיה אפרונען נאָך אַ גרויסן פאַרדינסט: ער האָט מיט זײַן צענזאַרבעט זיך באַמיט צו געבן אַ פּינקטלעך בילד פונעם דעמאָלטדיקן אַרגענטינער ייִדישן ישוב און האָט וועגן דעם פאַרעפנטלעכט עטלעכע פונדאַמענטאַלע אַרבעטן, אויפן סמך פון די סטאַטיסטישע אינפאָרמאַציעס וואָס ער אַליין האָט געהאַט אויפגעזאַמלט אין בוענאָס־אײַרעס און אין אַלע פּראָווינץ־געגנטן ווו ס'האָבן נאָר געוווינט ייִדן.

אויסער דעם, האָט ער אויך געדרוקט אינטערעסאַנטע אַרבעטן וועגן גרונטיקע טעמעס פון דער ייִדישער קולטור און רעליגיעזער טראַדיציע. ווי ביי אַלע תלמודיסטן, האָט רש״ים לעבן און שאַפן פאַרכאַפּט זיין אינטערעס, און ער איז געווען צווישן די איניציאַטאָרן פון די דערמאָנונגען וואָס דער ישוב האָט דורכגעפירט צום 900סטן יאָרצייט פון אונדזער גרעסטן פרשן. ער איז דאַן געווען סעקרעטאַר פונעם דערמאָן־קאָמיטעט און האָט צוזאַמענגעשטעלט, צוזאַמען מיט נחמן גזנג, יוסף מענדעלסאָן און צבי שוואַרץ, דעם רעדאַקציע־קאָמיטעט פון דעם אויסגעצייכנטן זאַמלבוך וואָס מען האָט אַרויסגעגעבן אין בוענאָס־איירעס אין 1941.

ביכער האָבן אין זיין לעבן געהאַט די וויכטיקסטע ראָלע: זיין אַוועקגיין אין דער אייביקייט — דעם 18טן פעברואַר 1951 (13 אָדר א, 5711) — מיט אַ בוך אין דער האַנט, באַקומט דעם באַטייט פון אַן אמתדיקן סימבאָל. לערנען און טאָן גוטס זיינען געווען זיינע טיפסטע ליידנשאַפטן. די גרויסע אויפטוען וואָס ער האָט דורכגעפירט אָדער אינספּירירט אויפן געביט פון ייִדישער קולטור און דערציִונג אין אַרגענטינע באַשטעטיקן דאָס וואָס דידעראָ האָט געזאָגט, אַז „נאָר די גרויסע ליידנשאַפטן קאָנען דערהייבן די נשמה צו גרויסע אויפטוען״.

ער איז געווען אַ פּאַטריאַרכאַלע פיגור פאַרן לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדנטום. ער האָט זיך דערוואָרבן אַ סך תלמידים; איז געווען אַ נאה דורש און אַ נאה מקיים. די ערנסטקייט און מיושבדיקייט פון זיינע מיינונגען האָט ר׳ ידידיהן אָפט מאָל אַוועקגעשטעלט ווי אַ בורר אין משפּחהדיקע און געזעלשאַפטלעכע סכסוכים. אַ גאַנץ לעבן איז ער טריי געווען רבי הלל רוף, צו זיין אַן אוהב שלום ורודף שלום (פּרקי אָבות, א, י״ב).

פּאַראַפּראַזירנדיק אַן אַרגענטינער שרײַבער, קאָן מען זאָגן אַז ר׳ ידידיה אפרון האָט געפּילט, פּונקט ווי סאַרמיענטאָ, אַ ברענענדיקן באַגער צום וויסן; ער האָט זיך אײַנגעביסן אין דער דעת־פּרי מיט אַלע זײַנע ציין און האָט געוואָלט, אין זײַן גוטהאַרציקייט, לערנען יענעם דאָס וואָס ער האָט געקענט.

— 3 —

כ׳וואָלט ניט געקענט גענוי אָנגעבן ווען אָדער ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרבינדונג וואָס כ׳האָב אָנגעהאַלטן מיט ר׳ ידידיה אפרונען ביז דעם לעצטן טאָג פון זײַן לעבן. פאַר מיר איז ער געווען ניט נאָר אַ רבי, נאָר אויך, ניט געקוקט אויפן אונטערשייד אין די יאָרן, אַ חבר און אַ פרײַנד.

עטלעכע יאָר צײַט פלעגן מיר זיך זען כמעט יעדן טאָג. מיר זײַנען געווען שכנים אין די ביוראָען פון דער יִק״אָ אויף דער גאַס אַזשאַקוטשאַ. ר׳ ידידיה האָט אינעם פאַרטער גע־אַרבעט בײַ דער דירעקציע פון די רעליגיעזע קורסן, און איך האָב אויפן ערשטן גאָרן פאַרנומען דעם טעכנישן סעקרע־טאַריאַט פון דער דירעקציע און די קולטור־דירעקציע.

יעדן אינדערפרי פלעגט ר׳ ידידיה ניט פאַרפעלן זיך אַרײַנצוכאַפּן אין מײַן ביוראָ אַ שמועס צו טאָן וועגן דער לעצטער נײַס פון דער ייִדישער וועלט אָדער מיר צו דער־ציילן אַן אַנעקדאָט צי אַ וויץ — בדרך כלל פון זײַן אייגענעם שניט — וועגן עפּעס אַן אַקטועלער טעמע. ער איז געווען אַ קוואַל פון ייִדישן שאַרפזין און אַן אינטערעסאַנטער, פּקחות־דיקער מיטשמועסער. אַלע מאָל איז אים געלעגן אויף די ליפּן אַ פּסוק פון זײַן גרויסן תלמודישן אוצר; אין קיין שמועס פלעגט ער זיך ניט באַטייליקן אָן צו דערמאָנען אַ מאמר חז״ל. ער איז געווען איינער פון די אינטעליגענטסטע, געבילדעט־סטע ייִדישע מנהיגים וואָס מיר האָבן ווען עס איז געהאַט אין לאַנד, און איינער פון די זעלטענע בײַ וועמען ס׳האָט

זיך געפונען במקום אחד אי חכמה, אי פקחות, אי חריפות, אי הומאָר.

ער איז געבענטשט געווען מיט פיזישער גבורה: אַ הוי־כער און אַ ברייטביינערדיקער, האָט ער פאַרמאָגט אומגע־היַיערע לעבעדיקייט און דינאַמיזם און אַ תמיד וואַכעדיקע שאַרפזיניקייט. אַלע מאָל האָט ער געהאַנדלט אויפריכטיק און האָט אָן וואַקלענישן זיך תמיד איַינגעשטעלט פאַר אמת און יושר.

איך האָב באַוווּנדערט ניט נאָר זיַין ברייטע און גרינט־לעכע ייִדישע קולטור, נאָר אויך דעם פּליסיקן, קלוגן און המצאותדיקן כח־הדיבור זיַינעם, און זיַין מוט ביַים פאַרטיי־דיקן שטעלונגען און קעמפן פאַר זיַינע אידעאַלן.

ער איז געווען אַ מענטש מיט פעסטע איבערציַיגונגען; זיַין גיַיסט האָט זיך געלײַטערט אין אַ שטאַרקער ליבשאַפט צום ייִדישן שטייגער און צו דער פריַיהייט. ער האָט זיך ניט פאַרשלאָסן אין די ענגע גרענעצן פון אגדה און הלכה: דאָס דערקלערט פאַר וואָס ער האָט אַזוי לײַכט געקענט איַינ־שטעלן אַ גיַיסטיקן קאָנטאַקט מיט יונגע מענטשן און מיט ייִדן וואָס האָבן זיך געהאַלטן גאַנץ וויַיט פון רעליגיע און טראַדיציע.

ביזן סוף פון זיַין לעבן האָט ער אָנגעהאַלטן אַ זעלטענע גײַסטיקע פרישקייט. ער איז געווען ענטוזיאַסטיש צו ניַיע געדאַנקען און האָט שטאַרק געהאַלטן פון רעבעלישקייט אויב איר ציל איז געווען צו קעמפן פאַר פריַיהײַט אָדער, בעיקר, פאַר ייִדישן כבוד און קולטור.

אין אונדזערע שמועסן איז איינע פון די הויפּטטעמעס געווען די קעגנוואַרט און צוקונפט פון דער ייִדישער קולטור אין לאַטיַין־אַמעריקע. היות איך האָב געוווּסט אַז איינע פון זיַינע אינטעלעקטועלע „שוואַכקיַיטן" איז רב צעיר, האָב איך

אים איין מאָל סוגערירט איבערצוזעצן אויף שפּאַניש דעם „קיצור התלמוד" פונעם באַרימטן דענקער און פּרשן. אַ שטיקל צײַט האָט אים דער פאַרלייג ניט געלאָזט רוען, אָבער ס'איז ניט גרינג געווען אויסצופירן דעם געדאַנק, ווײַל אין אונדזער סביבה האָבן אויסגעפעלט, ווי תמיד, די מענטשן פון זײַן אינ־טעלעקטועלער מדרגה מיטצואַרבעטן אין אַזאַ ברייטפאַרנע־מיקער אַרבעט. נאָך ר' ידידיהס פּטירה האָבן מיר ווידער געשמועסט וועגן דעם מיט אַ צווייטן תלמיד־חכם פון זײַן ניוואָ, ר' יוסף מענדעלסאָן ז"ל. אָבער דערווײַל האָט דער פּלאַן פאַרלוירן אַקטועלקייט צוליב דעם אויסגאַב פון די ערשטע בענד תלמוד אויף שפּאַניש, וואָס דער פאַרלאַג „אַסערוואָ קולטוראַל" האָט אונטערגענומען אין 1965.

ס'איז ניט קיין צופאַל וואָס דאָ איז אויסגעקומען צו דערמאָנען יוסף מענדעלסאָנען. ווען ס'איז די רייד וועגן פאַר־טיפן די תנכישע און תלמודישע לימודים אין אַרגענטינע און טאַקע אין גאַנץ לאַטײַן־אַמעריקע, מוזן ביידע נעמען, ר' ידידיה אפרון און ר' יוסף מענדעלסאָן, קומען צוזאַמען.

אַ חוץ זייער בקיאות אין תנך און אין תלמוד, האָבן זיי געהאַט נאָך עטלעכע וויכטיקע, שותפותדיקע שטריכן. ביידע האָבן זיי זיך בעיקר אָפּגעגעבן מיט ייִדישן חינוך; ביידע האָבן זיך באַמיט אויפצוקלערן און צו פאַרשפּרייטן די טראַ־דיציאָנעלע ווערטן פון ייִדישקייט און האָבן בלב ונפש גע־אַרבעט צו באַקענען די נײַע דורות מיט אונדזערע קלאַסישע און מאָדערנע ליטעראַטורן אויף העברעיִש און ייִדיש; ביידע האָבן אָפּגעגעבן אַ וויכטיק אָרט דעם לימוד פון ייִדישער גע־שיכטע ווי אַ דערציִערישן פאַקטאָר. לאָמיר נאָך מוסיף זײַן אַז ביידע זײַנען זיי געווען לײַדנשאַפטלעכע למדנים, אמתע „לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיעס", און זיי האָבן זיך ביידע אויס־געצייכנט ווי וווּנדערלעכע מיטשמועסערס און בעלי־זכרון. פון דעם אַלעמען בין איך אַן עדות, ווײַל איך האָב געהאַט די

פריווילעגיע צו געניסן פוןביידנס פרײַנדשאַפט און אינטע־לעקטועלן אָפּשאַץ.

כ׳וויל דערבײַ אונטערשטרײַכן ווי וויכטיק ס׳איז געווען פאַר מיר ביידנס מיטהילף פאַר מײַן שפּאַנישן „ווערטערבוך פון העברעיִזמען און קרובישע אויסדרוקן״. איך האָב זיך געהאַט אונטערגענומען אַרויסצוהייבן דעם היסטאָרישן יחוס פון העברעיִש־שטאַמיקע ווערטער און אויסדרוקן אין שפּאַניש, און ביידע האָבן מיר ברייטהאַרציק געהאָלפן אין דער אַרבעט פון מסביר זײַן די אַלטע און מאָדערנע באַטײַטן פון אַזעלכע ווערטער. דערפאַר האָב איך געהאַלטן פאַר נייטיק עפנטלעך אַרויסצוברענגען מײַן אָנערקענונג פאַר זייער מיט־אַרבעט, און איך האָב דאָס געטאָן אינעם לעצטן פּאַראַגראַף פון דעם „אַרײַנפיר״: „ר׳ ידידיה אפרונען, דעם אָקערשט פאַרשטאָרבענעם, פאַרדינסטפולן תלמודיסט, און ר׳ יוסף מענ־דעלסאָנען, דעם פּובליציסט, תלמיד־חכם און יחיד־במינודיקן ביבליאָפיל״.

ר׳ ידידיה האָט געהאַט אַ געוויסע „שוואַכקייט״ צו עט־לעכע פון מײַנע פריִערדיקע אַרבעטן. ווי אַ תנך־חסיד, האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט דאָס קאַפּיטל „תנך־לימוד״ פון מײַן בוך „דער מיטאָס פון דער מאָראַלישער דערציִונג״. ער איז טאַקע נישט אין גאַנצן מסכים געווען מיט אַ טייל פון מײַנע טעזיסן, אַ שטייגער, אַז דער תנך־לימוד איז זיך בשום אופן ניט סותר מיט דער וועלטלעכקייט פון דער נײַער שול: „תנך־לימוד, ניט ווי אַ געטלעכע התגלות, נאָר ווי אַ פאַרזיכדיקע מאָראַלישע לערע, אַ דערהויבענע לערע פון סאָ־ציאַלן יושר און ליבשאַפט צום מיטמענטש״. ס׳האָט אים אויך ניט איבעריק איבערגעצייגט די נויטווענדיקייט פון „לערנען וויסנשאַפטלעך די רעליגיעזע דערשײַנונג״, און אייניקע באַ־מערקונגען מײַנע וועגן דער גרויסער צאָל סתירות אינעם ספר־הספרים האָבן לויט אים נאָך געשמעקט מיט אַפּיקורסות.

אָבער ער האָט דורכויס אײַנגעשטימט אַז דער תנך־לימוד איז פּאָזיטיוו אין דער דערציִונג, ווײַל ער שטעלט פעסט „דעם אָקס פון זײַן מאָראַלישער אינספּיראַציע אינעם פּרינציפּ אַז אהבה איז די העכסטע מדרגה".

אַ יאָר פאַר זײַן טויט, האָט אויף אים געמאַכט אַ רושם מײַן אַרבעט וועגן „סאַן מאַרטין און די מאָראַלישע פּרינציפּן פון יהדות", ווײַל ער האָט אין איר אַנטדעקט, לויט זײַן אײי־גענעם אויסדרוק, אַ סאַן מאַרטין „געזען דורך ביבלישע אויגן", ווי ער האָט דאָס אויסגעדריקט אין אַ בריוו צו מײַן פאָטער, וואָס איז אויך געווען באַפרײַנדט מיט אים.

ר׳ ידידיהס רעליגיעזע געפילן און ייִדישלעכער גײַסט האָבן קיין מאָל ניט געשטערט זײַן סענטימענט פאַר אַלץ, וואָס איז אַרגענטיניש. פּונקט ווי מענדעלסאָן און ווי אַלבער־טאָ גערשונאָוו, איז ער געווען אַ באַוווּסטזיניקער ייִד און אַ האַרציקער אַרגענטינער.

איין מאָל האָב איך מיט אים קאָמענטירט ווי וויכטיק ס׳וואָלט געווען איבערצוזעצן „מאַרטין פיערראָ" אויף ייִדיש און אויף העברעיִש. ר׳ ידידיה האָט גוט געקענט הערנאַנ־דעסעס פּאָעמע און ער פלעגט צו מאָל אַרײַנמישן צווישן די תלמודישע פּסוקים אַ זאָג פון מאַרטין פיערראָס עצות. דער געדאַנק האָט אים פאַרכאַפּט, אָבער ער האָט ניט געזען ווי ס׳קומט די קאָץ איבערן וואַסער... ער אַליין האָט זיך ניט אונ־טערגענומען איבערצוזעצן אַ פּאָעמע מיט אַזאַ עפּישער קראַפט, ווײַל ניט ער האָט געשריבן פערזן, ניט ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיי צו לייענען. ער האָט זיך געהאַט אויפ־געצויגן אויף תלמוד תורה, און קיין העכערע פּאָעזיע ווי אַ קאַפּיטל תהילים האָט ער זיך ניט פאַרגעשטעלט.

צווייטנס, האָט ער ניט געזען, צווישן די יונגע ייִדיש־אַרגענטינער אינטעלעקטואַלן, דעם באַרופענעם אָדער די באַ־רופענע אויסצופירן אַזאַ שווערע אַרבעט. שוין דעמאָלט האָט

זיך געלאָזט מערקן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט דער דוחק אין איבערזעצערס פון העברעיִש און ייִדיש אויף שפּאַניש, און נאָך שאַרפער — אין איבערזעצערס פון שפּאַניש אויף אונדזערע ביידע לשונות.

מיר האָבן אַ מאָל געשמועסט מיט ר׳ ידידיהן אַז ס׳איז אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ שפּאַנישע תנך־איבערזעצונג דורך ייִדישע געלערנטע וואָס זאָלן גרינטלעך קענען דעם ספר־הספרים און זײַנע ייִדישע מפרשים. ר׳ ידידיה און יוסף מענדעלסאָן זײַנען אפשר געווען די איינציקע וואָס וואָלטן געקאָנט אונטערנעמען אַ צווייִשפּראַכיקן אויסגאַב מיט די נייטיקע אויפקלערונגען און קאָמענטאַרן.

ר׳ ידידיה אפרון איז בלי־ספק געווען אַ רעליגיעזער מענטש, אָבער זײַן גײַסט איז געווען גאָר ווײַט פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם. ער איז געווען פאַרשטאַנדיק, אויפריכטיק און טאָלעראַנט. ער האָט געקענט זײַן אַ חבר אין שלמה המלכס גײַסט: אין „אח לצרה״. פאַלשקייט און שקר זײַנען פאַר אים געווען אָפּשטויסנדיק; ער פלעגט זאָגן זײַן דעה אין פּנים אַרײַן און האָט קיין מאָל ניט אויסבאַהאַלטן זײַן ווידערווילן צו אומטרײַשאַפט און אַריבערלויפערײַ.

ער האָט אויך אַלע מאָל אָפּן געטאַדלט דאָס אַוועקשטעלן מענטשן אין קולטור בראש פון געוויסע ייִדיש־אַרגענטינער אינסטיטוציעס. אין די לעצטע יאָרן איז איינע פון זײַנע אַנגעווייטיקטסטע זאָרגן געווען דער אויסשפּרייט פון עם־הארצות אין ייִדישן לעבן. זײַנע שאַרפע אַרײַנזאָגענישן קעגן געוויסע גרויסהאַלטערישע און טיפּשותדיקע געזעלשאַפטלעכע „מנהיגים״ זײַנען באַרימט געוואָרן . . .

ס׳איז אויך כדאי צו דערמאָנען אַז זײַנע לעצטע יאָרן האָט ער זיך באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט דער נויטווענדיקייט צו פאַרשפּרייטן ישראלדיקע מוזיק און ייִדישן פאָלקלאָר. ער האָט זיך געפונען צווישן די ענטוזיאַסטישע טוערס פונעם

„זמרה"־אינסטיטוט, וואָס איז מיט דעם ציל געשאַפֿן געוואָרן, און מסתמא האָט ער דאָס געגעבן דעם מאָטאָ פֿונעם אינס־טיטוט: „וועל סע זינגט מיט אונדז, זינגט מיט ישראל און פֿאַר ישראל".

דער דאָזיקער אינסטיטוט האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן עט־לעכע אַלבאָמען פֿאָלקסלידער, ליטורגישע שאַפֿונגען און אַזוי ווײַטער. איינער פֿון די אַלבאָמען, א"נ „רינה ותפילה", איז געווידמעט די פֿײַערונגען פֿון ראש־השנה און יום־כיפּור. ר' ידידיהס מיטאַרבעט איז דאָרט קענטיק, סײַ אינעם אָפּקלײַב פֿון די תפילה־טעקסטן, סײַ אין זייער פֿאָנעטישער טראַנס־קריפּציע און שפּאַנישער איבערזעצונג.

ווי אַ גוטער ייִדישער פֿאָטער, פֿלעגט ער זיך מיטפֿרייען, אַ געריכטער, מיט די דערגרייכן פֿון זײַנע קינדער אויפֿן אינ־טעלעקטועלן, וויסנשאַפֿטלעכן אָדער קינסטלערישן געביט. ער האָט שטאָלצירט, אַ שטייגער, מיט אַ פֿאַרשאַרבעט וואָס זײַן זון דוד האָט דורכגעפֿירט אין קאָלומביע־אוניווערסיטעט מיטן ציל וויסנשאַפֿטלעך אויסצופֿרווון די סברה פֿון נאַצישע אַנט־ראָפּאָלאָגן אַז די אויסדרוק־באַוועגונגען פֿון מענטשלעכן קער־פּער זײַנען אַ פֿועל־יוצא פֿון ראַסישן אָפּשטאַם און ניט פֿון דער קולטורעלער און סאָציאַלער סביבה. ער האָט זיך גע־גרויסט ניט נאָר מיטן אינטערעס וואָס זײַן זון האָט אַרויס־געוויזן פֿאַר איינעם פֿון די ווייניקער באַקאַנטע אַספּעקטן פֿון ייִדישן לעבן, ווי דאָס איז דער אויפֿפֿיר אויפֿן געביט פֿון פֿיזישן אויסדרוק מצד די „טראַדיציאָנעלע" ייִדן פֿון מזרח־אייראָפּע אין דער שטאָט ניו־יאָרק, נאָר אויך דערפֿאַר וואָס אין זײַן בוך „העוויה, ראַסע און קולטור" (דערשינען אין ענג־לישן מקור אין 1941 און אין שפּאַניש אין 1970) ברענגט דוד אפֿרון אַ ראיה פֿון יהודה הלוי אָדער פֿון זײַן אָפֿטן קאָנטאַקט מיט אַ גרופּע לערערס און תלמידים פֿון דער ישיבה רבי יצחק אלחנן.

ר׳ ידידיה איז אויך שטאַרק געווען מיט זײַן טאָכטער סימע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ זינגערין אויף ייִדיש און אויף העברעיִש. כ׳בין איין מאָל מיט אים מיטגעגאַנגען אויף סימע קאָפּלאַנס אַ געזאַנג־אויפטריט און כ׳האָב אַ גע־רירטער געזען ווי ער וויינט פאַר עמאָציע אונטער דער וויר־קונג פון די ווערטער און מעלאָדיעס פון די לידער. ער איז אויך שטאַרק געווען מיט זײַן אַנדערער טאָכטער, טײַבע, וואָס איז געווען די קינסטלערישע אָנפירערין פונעם קאַמער־אָר־קעסטער און כאָר „זמרה״.

כ׳וויל נאָך צוגעבן אַז מיר האָבן זיך אָפט מתוכח געווען מיט ר׳ ידידיהן איבער זײַנע מסקנות פון דעם געזעלשאַפט־לעכן־עקאָנאָמישן צענז פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין לאַנד, וואָס ער האָט איבער אים שווער געאַרבעט עטלעכע יאָר. אויך אויף דעם אַ געביט פון ייִדישן לעבן אין אַרגענ־טינע איז ער געווען אַ פּיאָנער. אַ פּאָר יאָר פאַר אים האָט טאָקע אינזשיניער סימאָן ווײַל געהאַט דורכגעפירט אַן ערש־טע ציילונג־אַרבעט, אויפן באַשטעל פון דער בני־ברית־גע־זעלשאַפט. אָבער ר׳ ידידיהס אַרבעט איז געווען פיל בריי־טער און דאָקומענטירטער. ער האָט אויף איר אָפּגעגעבן העכער פינף יאָר פון זײַן לעבן, אָנגעהויבן פון 1942, ווען די ייִק״אַ האָט זי אים אָנגעטרויט. ביזן הײַנטיקן טאָג איז זי אַליין דער איינציקער צענז פון דער אַרגענטינער ייִדישער באַפעלקערונג, און ס׳איז קיין ספק ניט אַז מען דאַרף שוין לאַנג איבערקוקן די פּראַקטישע אויספירן און צוטרעטן דורכ־צופירן אַן אַקטועלן צענז מיט אַ ברייטערן קוק און מיט מער וויסנשאַפטלעכער שטרענגקייט.

אַ קיצור: ווענן ר׳ ידידיהן לאָזט זיך זאָגן דאָס, וואָס ער גופא האָט געזאָגט וועגן ר׳ חיים טשערנאָוויצן (רב צעיר): „ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן תלמודישער געלערנט־קייט, מיט זײַן ענערגיע בײַם אויספירן זײַן שליחות ווי אַ

גײַסטיקער מנהיג און מיט דער פעסטקייט פון זײַן כאַראַק־טער". מיט איין חילוק, וואָס די דאָזיקע פעסטקייט האָט ער געמוזט אַרויסווײַזן, ניט ווי רב צעיר, כלפּי „די נגידים פון זײַן צײַט", נאָר כלפּי עם־הארצישע כלל־טוערס, בײַ וועמען די גשמיותדיקע רײַכקייט האָט געהאַט אויפגעבלאָזן די גאווה און דעם יצר־הרע צו באַפעלערישקייט און צו פּוסטע פּאַ־ראַדן; כלפּי עלטערן וואָס האָבן זיך ניט געזאָרגט פאַרן ייִדישן חינוך פון זייערע קינדער; כלפּי טײלן פון ישוב וואָס האָבן זיך דערווײַטערט פון די מסורהדיקע קוואַלן פון ייִדישקייט.

— 4 —

אין דעם דאָזיקן בוך קומט אַ הקדמה פון דעם פּראָמי־נענטן שרײַבער אברהם זאַק, וואָס איז אויך אַן אַמדורער און פאַרנעמט איצט דעם פאָרזיץ פונעם שרײַבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג" אין בוענאָס־אײַרעס. ס'גייט אויך אַרײַן אַ פאָרוואָרט וואָס עס האָט צוגעגרייט מיט העכער צוויי צענד־ליק יאָר צוריק ר' יצחק קאַפּלאַן, אויך אַ רעפּרעזענטאַטיווע פיגור פון אַרגענטינער ייִדישן ישוב, וואָס איז געווען ר' ידידיהס אַ נאָענטער חבר און פרײַנד און פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט אין דער געשיכטע פון אַגראַר־קאָאָפּעראַציע אין אַר־גענטינע.

חוץ דעם, האָבן מיר געהאַלטן פאַר פּאַסיק צו שליסן ר' ידידיהס ווערק מיט אַ פראַגמענט פון אַ פרעכטיקער עסיי וואָס אַ דריטער באַרימטער אַמדורער, דער גרויסער היסטאָ־ריקער און לינגוויסט ד"ר יצחק ריבקינד, האָט אָנגעשריבן וועגן דער געשיכטע פון זײַן געבוירן־שטעטל. און נאָך עפּעס: בײַם איבערקוקן ר' ידידיהס כתב־יד און אים צוגרייטן צום דרוק האָט בײַגעטראָגן איר וויכטיקע מיטאַרבעט פרוי פאַני רעמס־זאַק, אויך אַן אָפּשטאַמיקע פון אַמדור, וואָס האָט די

אַרבעט געטאָן לשמה און ניט נאָר מיט איבערגעגעבנקייט, נאָר מיט טיפן געפיל, און האָט פאַרדינט באַזונדערע אָנער־קענונג.

לאָמיר לסוף זאָגן אַז דאָס אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך איז אַן ערשטער שריט וואָס אַרגענטינער ייִדן מאַכן כדי פּאַסיק צו דערמאָנען ר׳ ידידיה אפרונען, וואָס איז געווים געווען איינע פון זייערע שענסטע פיגורן.

פּראָפ׳ לאַזאַראָ שאַלמאַן

בוענאָס־אײַרעס, יאַנואַר 1973

אַברהם זאַק

# אונדזער שטעטל, וואָס איז מער נישטאָ...

דעם מחבר פון דאָזיקן בוך זכרונות — מײַן בן־עיר ידידיה אפרון ז״ל — האָב איך פּערזענלעך נישט געקענט: ווען ער, אַ 16־יעריק בחורל, איז צוזאַמען מיט זײַן פּילצאַליקער משפּחה אַרויסגעפאָרן פון אונדזער שטעטל אַמדור קיין אַרגענטינע, בין איך דעמאָלט געווען אין מײַן ערשטן אָדער צווייטן לעבנסיאָר. און ווען איך בין אין אָקטאָבער 1952 געקומען דאָ אין לאַנד אַרײַן, האָב איך דעם חשובן בן־עיר, צו מײַן באַדויערן, שוין נישט געטראָפן צווישן די לעבעדיקע. אָבער געקענט האָב איך יאָ ידידיה אפרונען פון זײַנע קאַפּיטלען זכרונות, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער פעריאָדי־שער אויסגאַבע „גראָדנער אָפּקלאַנגען״, וואָס דערשײַנט אין בוענאָס־אײַרעס בײַם היגן ל״ל־פאַרבאַנד פון גראָדנע און סביבה. איך האָב די זכרונות געלייענט מיט גרויס אינטערעס און באַוווּנדערט דעם מחברס פענאָמענאַלן כוח הזכרון. כאָטש געשריבן נישט לויטן ליטע־ראַרישן „שולחן ערוך״, אָן ליטעראַרישע פּרעטענזיעס, אָבער מיט אַ סך אָבסערוואַציע־פעיִקייט און, דער עיקר, מיט רירנדיקער באַציִונג צו זײַנע באַשריבענע ייִדן, די פּערסאָנאַזשן זײַנע.

ידידיה אפרונס פאַרצייכענישן האָבן מיר דערמאָנט אַ סך, אַ סך שטעטלשע טיפּן, וואָס אויך איך האָב געדענקט און טייל פון זיי

אַפילו דערמאָנט אין בעלעטריסטישער פאָרעם (וועמען מיטן אויטענ־טישן און וועמען מיט אַ פאַרשטעלטן נאָמען) אין אַ ריי פון מײַנע דערציילונגען און דערמאָנונגען פון מײַנע קינדער־ און יוגנט־יאָרן. ווײַל דעמאָלט האָבן נאָך די זעלביקע ייִדן, די זעלביקע טיפּן געלעבט, און אינעם קליינעם שטעטל פון עטלעכע הונדערט פאַמיליעס האָט זיי יעדערער געקענט.

ידידיה אפרון דערמאָנט די אַלע ייִדן פון דער אַלטער היים מיט נאָסטאַלגיע — נישט נאָר די יודעי־ספר און שיינע באַלעבאַטים, נאָר אַפילו די פּראָסטע, פּשוטע ייִדן, וואָס קאָנען קוים זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים. אַ באַזונדערע באַציִונג און פיעטעט פילן מיר אַרויס בײַ אים צו די אַמדורער רבנים, און ספּעציעל צום באַרימטן רב ר' אַברהם עזרא ז"ל (אַגב: דער עלטער־זיידע פון מײַן פרוי פאַני), וועלכן ער קאַרגט נישט קיין שבחים.

איך טראַכט: אפשר איז עס דערפאַר, ווײַל די זכרונות זײַנען געשריבן געוואָרן שוין נאָכן חורבן השלישי, ווען אַמדור איז דורך די דײַטשישע תליונים אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ייִדישער מאַפּע און פון די ייִדן דאָרט איז קיין זכר נישט געבליבן?... זייער לעצ־טער וועג איז געווען — דורך דעם טראַנזיט־לאַגער קעלבאַסין, הינ־טער גראָדנע, צו מײַדאַנעק און טרעבלינקע.

איז צו פאַרשטיין די דאָזיקע נאָסטאַלגיע בײַ איטלעכן פון אונדז; דעם ווייטאָג, וואָס באַוועלטיקט אונדז; דעם ווילן צו פאַראייביקן דעם אַמאָל; צו דערמאָנען — יעדערער לויט זײַן יכולת — די דורות ייִדן פון אונדזער פאַרברענטער אַלטער היים — — —

צום באַדויערן האָט אַמדור נישט זוכה געווען צו האָבן אַ יזכור־בוך ווי אַ סך, אַ סך אַנדערע שטעט און שטעטלעך. די פאַרבליבענע אַמדורער רעשטלעך, צעזייטע און צעשפּרייטע אין אַרבע פּינות העולם — אַרגענטינע בתוכם — האָבן נישט געהאַט דעם געהעריקן אינטע־רעס און נישט געקאָנט זיך צונויפרײדן וועגן שאַפן דעם נייטיקן פאָנד...

מהאי טעמא זײַנען די זכרונות פון ידידיה אפרון פון באַזונדערן

ווערט. אמת, זײַנע פּאַרצייכענישן נעמען נישט אַרום דאָס שטעטל אין אַלע זײַנע אַספּעקטן — היסטאָריש, געזעלשאַפטלעך, עקאָנאָמיש. מיר האָבן נישט בײַ אים די פּאָליטישע באַוועגונגען פון דער נײַער צײַט, אָנהייבנדיק פון 1905, ווען די ייִדישע יוגנט פון אַמדור האָט, ווי אין אַלע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין צאַרישן רוסלאַנד, מיט־געפיבערט מיט די רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן. מיר האָבן נישט די קאַמפן פון פּאַרטייען און ריכטונגען: „בונד", ס"ר, אַנאַרכיסטן „ס.ס." (ציוניסטן־סאָציאַליסטן), ציוניסטן רעכטע און לינקע פון אַלע שאַטי־רונגען. פשוט דערפאַר, ווײַל ידידיה אפרון איז שוין דעמאָלט געווען אין אַרגענטינע און ער האָט יענע יאָרן נישט דורכגעמאַכט אין זײַן היימשטעטל.

איבעריקנס, אפרון האָט זיך דאָך נישט פּאַרמאָסטן צו שרײַבן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן אַמדור. ער האָט נאָר פּאַראייביקט אַ גאַלעריע טיפּן פון שטעטל, זײַנע באַשרײַבונגען וואַרפן דעריבער אַ רעפלעק־טאָר אויף ייִדיש לעבן נאָר אין זײַן צײַט, אין זײַנע אַמדורער יאָרן. ס'איז אפרונען ניט באַשערט געווען דורכצומאַכן די אַלע ווײַטערדיקע אַנטוויקלונגען און מעטאַמאָרפאָזן אין דער אַלטער היים; ס'איז אים אָבער אַזוי אַרום יאָ באַשערט געווען אויסצומײַדן דעם גרויסן בראָך, ווען די אַלטע היים איז דורך די היטלעריסטישע קאַניבאַלן לחלוטין אָפּגעמעקט געוואָרן — — —

מיט די דאָזיקע זכרונות האָט ידידיה אפרון ז"ל געשטעלט אַ מצבה נאָך אונדזער שטעטעלע אַמדור און גלײַכצײַטיק איז דאָס בוך אַ מצבה אויך נאָך אים גופא — דעם מחבר.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער, וואָס האָט גורם געווען, אַז די זכרונות זאָלן געפינען אַ תיקון צווישן טאָוולען (נאָך דעם ווי דער כתב־יד איז געלעגן אין משך פון יאָרן), — און דאָס איז דער זון פון מחבר, דער באַוווסטער סאָציאָלאָג ד"ר דוד אפרון, וועלכער איז איצט צוגעגאַנגען צום עזבון פון זײַן פאָטער מיט פיל פאַרשטענדעניש און כיבוד־אָב.

***

**יאָ, אונדזער שטעטעלע אַמדור...**

**און עס גלוסט זיך מיר פאַרענדיקן דעם אַרײַנפיר מיט מײַנער אַן עלעגיע, וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען —**

## מיין שטעטעלע אַמדור

מײַן שטעטעלע אַמדור! איך וועל דיך מער נישט זען,
ווי מײַנע גוטע, ליבע יונגע יאָר.
געבליבן נאָכן שוואַרצן חורבן אַן איין ייִד,
געבליבן ביסטו אַן אַ ייִדיש דור.

ווער ס׳איז פאַרוואָרפן אין דער ווײַטער, ברייטער וועלט,
אַריבער לענדער, שטעט, אַריבער ים.
און ווער פון דײַנע זין און טעכטער איז אַוועק
דאָרט צו טרעבלינקער גיהנומדיקן פלאַם.

אַוועק דײַן גאַנצע, גאַנצע עדה ייִדן איז,
אַוועק אין לעצטן, שטומען קדושים־גאַנג — — —
איצט ווידער גרינען רחבותדיקע לאָנקעס דאָרט,
איצט ווידער וויגט זיך שטיל אין פעלד די זאַנג.

געבליבן איז דער אַלטער בית־הקברות נאָר —
אַן עלנטער, פאַראָבלטער, אַליין.
צו קבר־אָבות אין די טריבע אלול־טעג
קומט קיינער שוין ניט מער צו אים צו גיין.

נישטאָ די קרעמערס און די קרעמלעך ייִדישע,
אין גאַס אַלץ פרעמד. קיין ייִדיש נאָנט געזיכט.
קיין שבת, יום־טוב. פענצטער גרוי און וואָכעדיק,
עס צינדט קיין מאַמע נישט קיין שבת־ליכט.

פון שול עס קלינגען קיין ניגונים שוין ניט מער,
עס קלינגט קיין יום־נוראימדיק געזאַנג.
פון ווײַסן טורעמדיקן קלויסטער הערט מען נאָר
דעם שווערן הילכיקן גלין־גלאָן־געקלאַנג.

אין שטיבער ייִדישע, מיט תּפילות אײַנגעזאַפּט,
מיט דורות ייִדישקייט, מיט פרייד, מיט ווײ, —
איצט הענגען שוין איקאָנעס אין די ווינקלען דאָרט,
איצט ווינען אַריער „משרע" אין זיי.

מײַן שטעטעלע אַמדור! איך וועל דיך מער נישט זען,
ווי מײַנע גוטע, ליבע יונגע יאָר.
געבליבן נאָכן שוואַרצן חורבן אָן איין ייִד,
געבליבן ביסטו אָן אַ ייִדיש דור — — —

לאָדזש, אויגוסט 1946

יצחק קאַפּלאַן

# ידידיה אפרון – דער כראָניקער פון זײַן היימשטעטל

פּוסט און ליידיק זײַנען געבליבן אונדזערע שטעט און שטעטלעך. זעקס מיליאָן ייִדן, וואָס זײַנען דערצויגן געוואָרן אויף דער מאָראַל פון עשרת־הדיברות, פון דער תורה און נביאים, זײַנען אומגעקומען על קידוש־השם. פאַרשטומט זײַנען געוואָרן די מיסטישע ניגונים פון די תפילות, דער קול התורה. פאַרשוווּנדן זײַנען די תינוקות של בית רבן; די ישיבות, וואָס האָבן דערצויגן דורות אויף דער לערע פון „צדק צדק תרדוף" (נאָכיאָגן זאָלסטו כסדר די גערעכטיקייט). די ציוויליזירטע וועלט האָט זיך צוגעקוקט גלײַכגילטיק צו דער שחיטה איבער פאָלק ישראל. און מיר, די צעזייטע איבער אַלע קאָנטינענטן, זײַנען געווען בבחינה „אין חבוש מתיר עצמו מבית האָסורים".

„מגלגלין זכות על ידי זכאי" — דאָס שטעטעלע אָמדור, ווי הונדערטער אַנדערע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, איז דורך די דײַטשישע בעסטיעס געוואָרן „יודענריין". אָפּגעמעקט זײַנען געוואָרן צענדליקער טויזנטער משפּחות, איבערגעריסן געוואָרן די הייליקע קייט, וואָס האָט זיך געצויגן דורות־לאַנג. איז ווער וועט דערמאָנען אָמדור, דאָס וויכטיקע רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט פון ייִדישקייט, מיט אַלע זײַנע ניואַנסן?

***

צווישן די ערשטע פאַמיליעס, וואָס זײַנען געקומען אין די קאָ־לאָניעס געגרינדעט דורכן באַראָן הירש, איז געווען די פאַמיליע פון מרדכי אפרון פון שטעטעלע אַמדור, גראָדנער גובערניע. ר׳ מרדכי אפרון — אַ ייִד אַ תלמיד־חכם, באַשאַנקען מיט ייִדישע מידות־טובות, און זײַן אישה צנועה פעשע, האָבן דערצויגן אַ דור, וועלכער וועט פאַרנעמען אַ וויכטיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע. ועל כולם, זייער זון ידידיה, דער מחבר פון די זכרונות.

ידידיה אפרון, אַ „צורבא מרבנן" און „מוקיר רבנן", האָט שוין אין די ערשטע יאָרן געפונען דעם וועג, וואָס איז אים אָנגעצייכנט געוואָרן פון דער השגחה: ידידיה, דער בעל־תורה איז געוואָרן אַ „מרביץ תורה", אַ „מלמד תינוקות".

כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דער באַדײַטונג, וואָס עס האָט געהאַט אין יענע יאָרן דאָס אַרײַנטרעטן פון ר׳ ידידיה אין דער מיסיע פון אַ מחנך, איז גענוג צו דערמאָנען, אַז די פּיאָנערן האָבן זיך דאַן געפונען „בבחינת דור המדבר". נישט בלויז האָבן די פּיאָ־נערן זיך אָנגעטראָפן מיט ווילדע, פּוסטע סטעפּעס, ווו ס׳איז קיין סימן נישט געווען פון וועלכער נישט איז ציוויליזאַציע, נאָר אויך דער חינוך אין די ערשטע ייִדישע שולן איז געווען גאָר ווײַט פון דעם וואָס די ליטווישע און רוסישע ייִדן האָבן פאַרשטאַנען אונטערן וואָרט דערציִונג און לימוד. עס האָבן געפעלט מחנכים פון דעם שניט ווי ידידיה אפרון ע״ה.

מיטן איבערנעמען די אָנפירונג פון ייִדישן שולוועזן דורך ר׳ ידידיה אפרון, האָט דער גאַנצער ענין באַקומען אַן אַנדער אינהאַלט. שטיל און באַשיידן, אָן רעקלאַמע פאַר זײַנע אויפטוען, האָט ער אויסגעאיבט זײַן פּאָזיטיווע השפעה אויפן גאַנצן גאַנג פון לימוד אין די שולן, וועלכער איז ביז דאַן געווען אַ טרוקענער קעגנשטאַנד. דער לימוד האָט באַקומען זײַן ריכטיקן תיקון, האָט געשטרעבט אויפ־צוּוועקן בײַם תלמיד דאָס געפיל פון שטאָלץ מיט דעם ייִדישן עבר; דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזײַן און דעם ריכטיקן צוגאַנג צום עתיד.

אַ דאַנק זײַנע אײַנגעבוירענע פעיִקייטן האָט ידידיה ע״ה דער־גרייכט דעם אַמט פון מנהל פון ייִדישן חינוך פון גאַנצן לאַנד און אויפן דאָזיקן פאַראַנטוואָרטלעכן פאָסטן האָט ער באַוויזן מקיים צו זײַן דעם זאָג: „אהב את המלאכה ושנא את הרבנות״ (האָב ליב די מלאכה פון רבנות און האָב פײַנט דאָס רבנות ווי אַזאַ). ער איז גע־ווען אַ „מעורב עם הבריות״, מקרב געווען די אַלע וועלכע האָבן פאַר־דינט געשטיצט צו ווערן, און אַזוי אַרום געוואָרן „כשמו כן הוא״ — אַלעמענס אַ ידיד.

ידידיה אפרונס פאַרדינסטן פאַרן היגן ישוב זײַנען נאָך לײדער ביז איצט נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן.

***

ידידיה אפרון איז געווען אַ מענטש פון שלימות און האָט פאַר־מאָגט אַ זעלטן גוטן זכרון, און דאָס קומט צום אויסדרוק אין זײַנע זכרונות וועגן זײַן געבוירן־שטעטעלע אַמדור. ער פאַראייביקט אין זײַ־נע זכרונות דאָס שטעטעלע מיט זײַנע תלמידי־חכמים, עמי־הארצים, דעם רב און דעם שמש, די רײַכע און די אָרעמע, די פרומע און די אַפּיקורסים, דעם פריילעכן קבצן און דעם שבת־גוי. פון אַלץ און פון אַלעמען וויעט אָבער מיט אמונה און בטחון, וואָס איז געווען דער מקור און יסוד פאַר אונדזער דערהאַלטונג, פאַר אונדזער מאָראַל. מיר דערזעען בולט ווי די גײַסטיקע אייגנשאַפטן פון די אַלע אַרויס־געבראַכטע פאָלקס־טיפּן האָבן איבערגעוויגן די חומרדיקע.

דאָס פּינטעלע אַמדור איז איינס פון די פּינטעלעך, וואָס האָבן עקסיסטירט אין ליטע, רוסלאַנד און פוילן, ווו עס האָט זיך געוואַרעמט דער משיחיזם, זיך אויסגעפורעמט דער חובבי־ציוניזם; ווו עס זײַ־נען פאַרזייט געוואָרן קערנדלעך פאַר דער פאַרמירונג פון דער איצ־טיקער מדינת היהודים.

ידידיה אפרון האָט מיט זײַן זכרונות־בוך פאַראייביקט דאָס שטעטעלע אַמדור און די פאַרטיליקטע עדה מיט איר גאַלעריע האַר־ציקע, פאָלקסטימלעכע ייִדן.

מגלגלין זכות על ידי זכאי!

# אַמדור - מײַן געבוירן־שטעטל

מיט דעם אונטערגאַנג פון טויזנטער שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים, דורך דער האַנט פונעם „שטן המשחית", היטלער ימ"ש, איז אויך אָפּגעמעקט געוואָרן דער זכר פון מײַן געבוירן־שטעטעלע אַמדור, וואָס האָט זיך געפונען אין האַרץ פון גראָדנער גובערניע און אין וועלכן ס'האָבן געלעבט אין משך פון הונדערטער יאָרן פיל הונדערטער אײַנגעוואָרצלטע ייִדישע משפחות, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל רבנים, לומדים, שרײַבערס, דיכטערס און אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן. אָפּגעווישט זײַנען געוואָרן טויזנטער ייִדישע ישובים, און צווישן זיי אויך דאָס דאָזיקע קליינע שטעטעלע אַמדור, וואָס האָט געבילדעט, אמת, נישט מער ווי אַ גאָר־גאָר קליינטשיק פּינטעלע אין דער גרויסער מאַפּע פון די ליטווישע גובערניעס, אָבער וואָס איז געווען פאַר זיך אַ „גאַנצע וועלט", אַרויס־גייענדיק פון לאָקאַלן ייִדישן פּאַטריאָטיזם, וואָס טליִעט אין יעדן ייִדישן האַרץ.

## אַמדורער געאָגראַפישער פּונקט

ווי געזאָגט, האָט דאָס שטעטעלע אַמדור זיך געפונען אין האַרץ פון גראָדנער גובערניע, אין שכנות פון דער הויפּטשטאָט גראָדנע, אָדער ווי מ'פלעגט זי אַמאָל בײַ די ליטווישע ייִדן רופן — הוראָדנע, צוליב איר וויכטיקייט אַלס אַ מקום־תורה און אירע גרויסע גאונים און רבנים, פלעגט זי ווידער אין דער צײַט פון דעם „בעל־הלבושים" אויך ווערן באַטיטלט מיט דעם נאָמען: „הר ארוני".

אַמדור האָט זיך געפונען אין שכנות פון די וויַיטערדיקע קלע־נערע און גרעסערע שטעט: קוזניצע, אַדעלסק (אַ טל־ומטרדיק שטע־טעלע!), סאָקאָלקע, קריניק, סוויסלאָץ — ייִדן פלעגן זי אָנרופן: שישלעוויץ —, בערעסטאָוויץ, וואָלקאָוויסק, לונע, סקידל, וואָלפּ, ראָש און אַנדערע.

דער שרײַבער פון אָט די שורות איז שוין 55 יאָר וויַיט פון יענער עפּאָכע, וואָס ער באַשרײַבט. אינעם משך פון אָט דער צײַט איז אַמדור פּאָליטיש אַריבערגעגאַנגען אין אַ סך הענט. ווען כ׳האָב פאַרלאָזט אַמדור, אין יאָר 1895, איז זי געווען אונטערן צאַרישן רוסלאַנד. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי אָקופּירט געוואָרן פון די דײַטשן און שפּעטער פון די באָלשעוויקעס, אַריבערגייענדיק נאָכן שלום־אָפּמאַך צו פּוילן. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי וויַיטער אַזוי אַריבער פון איין לאַנד צום צווייטן, און הײַנט צו טאָג — אויב זי עקסיסטירט נאָך — געפינט זי זיך אונטער דער סאָוועט־רוסישער ממשלה. בכן, פּאָליטיש־געאָגראַפיש האָט מײַן ליטוויש שטעטעלע אַמדור געהערט צו רוס־לאַנד, אין דער עפּאָכע אויף וועלכער ס׳באַציט זיך מײַן באַשרײַ־בונג, און אָט די פּאָזיציע וועל איך אָנהאַלטן אין אַלע וויַיטערדיקע דאַטעס.

## אַמדור ווי אַ וויכטיקער פונקט אין אַמאָליקע צייטן

איך באַזיץ נישט קיין וויכטיקע שריפטן אָדער דאָקומענטן, וואָס אַנטהאַלטן פּרעציזע דאַטעס וועגן דער אימפּאָרטאַנץ פון אַמ־דור אַלס פּאָליטישער, סאָציאַלער אָדער קאָמערציעלער צענטער אין די אַלטע צײַטן. אַמדורער ייִדישע זקנים פלעגן מיר דערציילן, אַז גאָר אַ מאָל, אין דער צײַט ווען גראָדנע איז געווען נאָך אונטער די ליטווינער און דערנאָך בײַ די פּאָליאַקן (ביזן יאָר 1772, ווען פּוילן איז צעטיילט געוואָרן צווישן רוסלאַנד, דײַטשלאַנד און עסט־רײַך), פלעגט דעמאָלט אַמדור באַצייכנט ווערן מיטן נאָמען „קליין

דאַנציג״... ס׳איז באַוווּסט, אַז אַמדור איז אַמאָל געווען די הויפּט־שטאָט פון פּוילן, און דער סיים האָט דאָרט אָפּגעהאַלטן זײַנע אַ היסטאָרישע זיצונג בעת די פּאָרגעקומענע קאַמפן צווישן דעם דאָזיקן לאַנד און ליטע. די דאָזיקע אַמדורער־ פּוילישע „רומפּולע ממשלה״ האָט געדויערט בסך־הכל נישט מער ווי איין נאַכט — דאָך מעג דאָס פאַררעכנט ווערן ווי אַ גליק פון אַ שטעטל...

לאָמיך, אַגב, דאָ באַמערקן, אַז אין דער ביבליאָטעק פון ייִדישן דענקער און היסטאָריקער שמעון דובנאָוו האָט זיך געהאַט געפונען אַ קאָפּיע פון אַ פּנקס פון דער אַמדורער ייִדישער קהילה, אין וועלכן עס זײַנען געווען פאַרצייכנט עפּיזאָדן און געשעענישן פון דאָרטיקן ייִדישן לעבן ביז צום יאָר התקפ״ד (1824). צום גרויס באַדויערן, איז די קאָפּיע — ווי אַנדערע פיל ווערטפולע דאָקומענטן — פאַר־ניכטעט געוואָרן דורך די נאַצי־בעסטיעס, ימ״ש.

## די צאָל פון דער אַמדורער יידישער באַפעלקערונג

אָפּגעבן זיך מיט סטאַטיסטיק, אָדער ציילן ייִדישע נפשות פון שטעט און שטעטלעך, האָט מען אין די אַלטע צײַטן בײַ ייִדן גע־האַלטן פאַר איבעריק. און לויט דעם תלמוד („יומא״, דף כ״ב) איז גאָר אָסור צו מאַכן אַ צענז בײַ ייִדן. „אָסור למנות את ישראל אפילו לדבר מצוה״ — מ׳טאָר ייִדן נישט ציילן אַפילו צוליב אַ מצווה — נו, האָט ווער געקענט ליגן אין זינען צו גייך ציילן וויפל ייִדן ס׳האָט פאַרמאָגט אַמדור ?... כ׳ווייס נישט אין וויפל מ׳האָט געשאַצט די אַמדורער ייִדישע באַפעלקערונג פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער אין מײַן צײַט האָט מען זי גערעכנט לערך 200 משפּחות. און וויסנדיק, אַז אין יענע אַלטמאָדישע צײַטן זײַנען אונ־דזערע מאַמעס ווײַט נישט געווען שפּאָרזאַם אין ענין פון געבוירן קינדער, קען מען אָננעמען, אַז אין אַמדור זאָלן זיך האָבן געפונען בײַם סוף פון לעצטן יאָרהונדערט לערך אַ טויזנט נפשות (צו 5 אויף יעדער משפּחה).

# אַמדורער גאַסן

עס וועט אפשר זײַן אַ גוזמא צו ריידן וועגן „גאַסן" אין אַמדור. אין גאַנצן זײַנען דאָרטן געווען דרײַ וויכטיקע גאַסן: איינע מיטן נאָמען — גראָדנער גאַס, די צווייטע — וואָלקאָווישקער גאַס, די דריטע — קרינקער גאַס. אַלע דרײַ אויף די נעמען פון די דרײַ גרעסערע שטעט פון גראָדנער גובערניע. ס'איז אויך געווען די מיעסטשאַנסקי־גאַס, אָדער ווי מ'פלעגט זי אַנדערש רופן — „די גויִשע גאַס", וועגן וועלכער מיר וועט נאָך אויסקומען צו ריידן באַזונדער. די דערמאָנטע דרײַ הויפּטגאַסן זײַנען געווען גאַנץ לאַנגע און זייערע הײַזער זײַנען, מער אָדער ווייניקער, געשטאַנען אין גלײַכע שורות און האָבן געמאַכט דעם אײַנדרוק פון בנינים; אָבער די שטיבער פון די קליינע געסלעך זײַנען געווען צעוואָרפן, אָן אַ סיסטעם און אָן קיין סימעטרישן פּלאַן. ס'האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז יעדע הײַזקע איז אין מיטן דער נאַכט אַראָפּגעפאַלן פון הימל, אָדער ווי עמעצער וואָלט מפיל געווען אַ שטיבעלע אין מיטן פעלד. אַ געוויסע געגנט פון שטעטל האָט געהייסן „יורזיקע" און אַ צווייטע — „מיצ־קרינאָק". כ'קען נישט פעסטשטעלן דעם מקור פון אָט דעם צווייטן נאָמען, אָבער געזאָגט האָט מען, אַז דער דאָזיקער נאָמען האָט זיך גענומען פון פּויליש: „ניעמעצקי רינאָק", ד"ה, דײַטשישער מאַרק, מחמת דעם „סימעטרישן" אויסזען פון די דאָרטיקע „כאַטקעס" און די „וואונדערלעכע" זויבערקייט, וואָס האָט דאָרט געהערשט...

כמעט אַלע הײַזער אין שטעטל זײַנען געווען פון האָלץ און אַ סך פון זיי געדעקט מיט שטרויענע דעכער, וואָס דאָס פלעגט אָפטער גורם זײַן שריפות. אין די זעכצן יאָר, וואָס כ'האָב געלעבט אין אַמדור, האָב איך בײַגעווױנט פילערליי „פּאָזשאַרן" (שריפות), וואָס האָבן שטאַרק געהאָט געווירקט אויף מײַן קינדערשער נשמה. איינע פון זיי — די גרעסטע און שרעקלעכסטע — האָט אַלע אײַנוווינערס געהאַט איבערגעלאָזט בוכשטאַבלעך בעירום ובחוסר כל, און כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז אַוועק דאַן מיטן רויך. די דאָזיקע שריפה

האָט אויסגעבראָכן אין יאָר תרמ״ב (1882), ווען איך בין אַלט געווען סך־הכל פיר יאָר, און דאָך איז זי פאַרבליבן אין מײַן זכרון, ווי איך וואָלט זי געזען ערשט הײַנט. אין דער גאַנצער צײַט פון נאָך יענער מאוימדיקער שריפה, וואָס כ׳האָב אַדורכגעלעבט אין אַמדור, האָב איך נישט געהערט פון קיין אַנדער צײַט־רעכענונג ווי נאָר פון אָט דער שריפה. מ׳פלעגט נישט זאָגן, למשל, אַז דאָס אָדער יענץ האָט פּאַסירט אין דעם צי אין יענעם יאָר, נאָר מ׳פלעגט זאָגן: אַזוי פיל און אַזוי פיל יאָרן פאַר דער שריפה, אָדער נאָך דער שריפה. מיט איין וואָרט: אַמדור האָט געהאַט אירן אַן אייגענעם אָריגינעלן לוח, כ׳וואָלט אים אָנגערופן — דער „שריפה־לוח״.

אין די לעצטע יאָרן פאַר מײַן אַוועקפאָרן פון רוסלאַנד אַהערצו קיין אַרגענטינע, האָט זיך שוין אָנגעהויבן אין אַמדור צו בויען ציגלנע הײַזער. הענעך ליכניאַוווער און יאַנקל פאַרפלס האָבן אויסגעבויט צווי גרויסע מויערן, און אויך די גרויסע שול און דער גרויסער בית־המדרש זײַנען דאַן אויסגעבויט געוואָרן פון ציגל מיט בלעכענע דעכער.

## די גוישע גאַס

בײַם סוף פון שטעטל איז געלעגן די „מיעשטשאַנסקי״־גאַס. לויט איר נאָמען האָבן אין איר געוווינט טאַקע לויטער נישט־ייִדן, ווי אין די צענטראַלע ייִדישע גאַסן האָבן געוווינט, ווידער, לויטער ייִדן און נישט קיין איין גוי, אַפילו אויף אַ רפואה... געווען זײַנען עס צווי באַזונדערע וועלטן. מ׳האָט געלעבט, געהאַנדלט, געאַרבעט צוזאַמען, געווען שכנים. און דאָך, ווי פרעמד איז מען עס געווען איינע צו די אַנדערע, אַזוי די ייִדן צו די קריסטן, ווי די קריסטן צו די ייִדן. די גויִשע גאַס איז דאָך געווען נאָר אַ המשך פון דער ייִדישער, און דאָך, ווען מיר, ייִדישע ייִנגלעך, פלעגן אַרויסשפּאַצירן איבער די גאַסן, פלעגט אַלץ זײַן גוט, כל־זמן מיר פלעגן זיך געפינען אין אונדזער אייגענעם ייִדישן תחום. נאָר קוים פלעגן מיר

אַרויפקומען אויף דער גויִשער גאַס, פלעגן מיר דאָן גלײַך דערפילן, אַז מיר געפינען זיך אין גלות, אין אַ פרעמדער סביבה, נישט אין אונדזער היים... אַ מאָדנע זאַך, אינעם גאַנצן שטעטל — טאַקע ממש אין דעם גאַנצן שטעטל — וווּ ס׳האָבן געוווינט די ייִדן, איז נישט געווען אַנצוזען אַ הונט; עס איז געווען דאָרטן ווי ס׳שטייט אין פּסוק: „ולא יחרץ כלב לשונו״... ווי נאָר אָבער מ׳איז אַריבער די גרענעץ פון דער ייִדישער גאַס, אַזוי האָבן זיך גלייך געיאָוועט גאַנצע „טשאַטעס״ הינט, און ווי קענען זיך גוט פילן ייִדישע קינדער צווישן גויִשע כלבים ?...

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אַפילו בײַ ייִדן־ישובניקעס, אַזעלכע וואָס האָבן געוווינט אין די דערפער, פלעגט אויך זעלטן געפינען זיך אַ כלב בײַ דער שטוב.

נו, יאָ, שם און חם, יעקב און עשו, ברידער פון איינע און די זעלביקע עלטערן, און דאָך אַזוי אַנדערש ווי די זײַנען איינע פון די אַנדערע.



אַמדורער שול און גרויסער בית־מדרש (לינקס)

# די גרויסע אַמדורער שול און די בתי־מדרשים

פֿאַרמאָגט האָט אַמדור אַ גרויסע שול, דריי בתי־מדרשים און אויך אַ חסידאַרניע.

די אַמדורער שול איז נאָך דער גרויסער שריפֿה, פֿון 1882, איבערגעבויט געוואָרן. איצט איז זי געווען אַ גרויסע, אַ הויכע, אַ ברייטע און זייער אַ שיינע געבײַדע, וואָס איז געבויט געוואָרן נאָך די אַרכיטעקטאָניש־רעליגיעזע פֿאָרמעס פֿון יענער צײַט. כ׳געדענק, ווי גלייך נאָך איר פֿאַרענדיקט ווערן, פֿלעגט מען אַראָפּקומען פֿון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך זי אָנצוקוקן. די בימה און דער אָרון־הקודש אין איר — געשאָנקען פֿון צוויי אָנגעזעענע באַלעבאַ־טים — זײַנען באמת געווען מוסטערן פֿון קונסט. די שול איז דאַן געווען דער שטאָלץ פֿון דער ייִדישער קהילה אין אַמדור.

דער גרויסער בית־המדרש, וואָס איז געווען טאַקע אומגעהײַער גרויס, האָט געקענט אַרײַננעמען אין זיך כמעט אַלע אַמדורער דאַוו־נערס. זײַן בימה איז געווען געבויט קינסטלעריש, מיט כלערליי אויסגעשניצטע פּירות און בלומען. דער איניציאַטאָר דערפֿון איז געווען אַן אַמדורער מיטן נאָמען איטשע „בחור". ווײַל ער איז לאַנגע יאָרן נישט געווען פֿאַרהייראַט, האָט מען אים צוגעלייגט צום נאָמען דעם צונאָמען „בחור". ער האָט געהאַט אַ שטיקל שיגעון צו רעליגיעזער קונסט. און דערמאָנענדיק זיך אין אָט דעם „קינסטלער", קומט מיר שוין אַרויף אין זכרון נאָך אַ צווייטער „קינסטלער" פֿון אַמדור, וואָס איז אויך אַרומגעגאַנגען נישט פֿאַרהייראַט; מ׳האָט אים גערופֿן „שאול מויד" (כ׳וויס נישט צוליב וואָס פֿאַר אַ טעם האָט מען אים געגעבן דעם דאָזיקן צונאָמען). נו, פֿלעגן די אַמדורער לצים דערגיין פּשוט די יאָרן אָט די בײדע „קינסטלערס", ס׳האָט זיך זיי רק געוואָלט דורכפֿירן אַ שידוך צווישן דעם איטשע „בחור" און דעם „שאול מויד"...

די אַנדערע צוויי בתי־מדרשים האָבן זיך גערופֿן אויף די נעמען פֿון צוויי באַלעבאַטים גבירים, וועלכע האָבן זיי געלאָזט אויפֿבויען

אויף זייערע אייגענע הוצאות. האָט איינער געהייסן: סענדערס ביה״מ און דער צווייטער: ברעגמאַנס ביה״מ.

אין דער אַלטער היים האָבן רײַכע ייִדן זיך אינטערעסירט צו איבערלאָזן נאָך זיך אַ נאָמען און פּלעגן לאָזן בויען אויף זייער חשבון שולן, בתי־מדרשים, קלויזן, תלמוד־תורהס, ישיבות און נאָך אַנדערע אַנשטאַלטן; אַזוי האָבן מיר געהאַט אין גראָדנע, למשל: סאָלאָווייטשיקס ביה״מ; ברעגמאַנס תלמוד־תורה, קאָמבינירט מיט דער ישיבה; אין ווילנע — רב מיילעס קלויז, און אַזוי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון דער „אַמאָליקער וועלט״.

די אַמדורער חסידאַרניע האָט געניצט ווי אַ צענטער פאַר די פאַר מינינים שטעטלשע חסידים פון פאַרשידענע רבײַם. ס׳זײַנען געווען סלאָנימער, סטאָלינער, קאָברינער, קאַרלינער, קאָצקער און נאָווימינסקער. דער גרעסטער טייל פון זיי זײַנען געווען שטיקלעך בני־תורה; באַזונדערס די פאַר קאָצקער זײַנען געווען גרויסע לימודים, דאָס זײַנען געווען: אפרים אַבאַס און לייבע חנה־עטעס.

היות אָבער אין די לעצטע יאָרן איז אין ליטע געוואָרן אָפּגע־שוואַכט די דיפערענצירונג צווישן מתנגדים און חסידים, פלעגט אַ טייל פון די לעצטע דאַוונען און לערנען אין די „עולמשע״ שולן און בתי־מדרשים (די מתנגדים פלעגן די חסידים רופן „עולמשע״, ד״ה, וועלטלעכע), אַזוי אַז נישט אַלע מאָל פלעגט זײַן אַ „מנין״ אין דער חסידאַרניע, בפרט ווינטער, ווען ס׳פלעגט אויספעלן ברענ־האָלץ צום הייצן. מפי השמועה, פלעגט מען דערציילן, אַז אויפן אָרט ווו די חסידאַרניע איז געשטאַנען, איז אַ מאָל געשטאַנען דאָס חסידים־שטיבל פון ר׳ חיים חייקאַ פון אַמדור; אַ חסידישער גוטער ייִד, וואָס האָט אָנגעפירט אין אַמדור אַ „הויף״. בכלל איז אַמדור געווען דער גרעסטער חסידישער צענטער פון ליטע, אין דער צײַט ווען ס׳האָט געהאַט געפלאַקערט דער קריג צווישן די צוויי גרויסע סעקטעס בײַ ייִדן — חסידיזם און מתנגדיזם *).

---

* אַהרן וואַלדען, מחבר פון ספר „שם הגדולים החדש״, געדרוקט אין וואַרשע אין יאָר תרכ״ד (1864), שרײַבט אין דעם טייל „מערכת גדולים״, אות

אַחוץ די אויבן דערמאָנטע שול און בתי־מדרשים, זײַנען נאָך געווען אין אַמדור פיל מנינים, ווו ייִדן פלעגן זיך פאַרזאַמלען און דאַווענען בציבור. זומער פלעגט מען דורך די אָפענע פענצטער הערן ווי אַזוי ייִדן גאַרגלען זיך בײַ די שבתדיקע און יום־טובדיקע תפי־לות. כ׳געדענק פון מײַן צײַט פיר מנינים: מאָטיע דעם קצבס, יאַנקל־משה דעם שנײַדערס, לייזער־שאולס און יעקב־יוסף דעם טאָקערס.

ח׳, ווי פאָלגט: „הרב מ׳ חיים חייקא מהמדורא... וראיתי קברו של רבי והורדתי עליו דמעות, גם זכיתי לראות בית מדרשו ותפלתו. זכותו יגן עלינו ועל כל ישראל״. (איך האָב געזען דעם קבר פון מײַן רבין און כ׳האָב געלאָזט טרערן אויף אים. אויך האָב איך די זכיה געהאַט צו זען זײַן בית־מדרש, אין וועלכן ער האָט געדאַווענט. זאָל זיין זכות בײַשטיין אונדז און כל־ישראל). דער דער־מאָנטער מחבר איז אַליין געווען אַ חסיד.

שמעון דובנאָוו ז״ל, האָט וועגן רב חיים חייקא פון אַמדור געהאַט אַן אַנדער מיינונג. (זע, „די געשיכטע פון חסידיזם״, 1טער טייל, קאַפּיטלעך: 21, 23־24, און 2טן טייל, קאַפּ׳ 51). אַגב, זאָל דאָ באַמערקט ווערן: היות כ׳האָב באַגעגנט אויף אַ פּלאַץ אין אַ ספר, ווו ס׳זאָגט זיך, אַז ר׳ חיים חייקא איז געווען רב אין אַמדור, דערקלער איך דאָס פאַר נישט ריכטיק. געווען איז ער לכתחילה אַ פשוטער מלמד, דערנאָך איז ער ערשט געוואָרן דער גוטער ייִד, אָבער קיין מאָל נישט קיין רב. אין די לעצטע יאָרן פלעגט זײַן קבר אויפן אַמדורער בית־עלמין באַזוכט ווערן פון פיל חסידישע פערזענלעכקייטן און אַפילו פון מתנגדישע רבנים. איך בין בײַגעווען, ווען דער נאָוואָמינסקער „גוטער ייִד״ האָט באַזוכט דעם אַמדורער „הייליקן אָרט״ און מיט פיל חסידישן פאַטאָס געזאָגט תפילות אויף דעם קבר פון ר׳ חיים חייקא ע״ה. בכלל האָט מען געהאַלטן פאַר אַ סגולה צו באַזוכן זײַן קבר.

# אַמדורער רבנים, לומדים און באַלעבאַטים

אַן אַלטער כלל איז אָנגעגאַנגען בײַ ייִדן פון אַמאָל: דער רב מאַכט באַוווּסט די שטאָט און נישט פאַרקערט.

מען דערציילט, אַז ר׳ אייזל חריף, סלאָנימער רב, האָט אַמאָל געזאָגט צו די סלאָנימער באַלעבאַטים: „איר האָט דען מיך געמאַכט פאַר רב? חלילה וחס! איך האָב געמאַכט סלאָנים פאַר אַ שטאָט, און אײַך — פאַר סלאָנימער באַלעבאַטים״. אַלזאָ, אַמדורער גרויסע רבנים האָבן געגעבן אַמדור אַ שם אַלס שטאָט און תורה־צענטער. עס זײַנען באַוווּסט איניקע גרויסע רבנים, וואָס האָבן אַמטירט אין מײַן געבוירן־שטאָט און וועלכע האָבן געשמט צוליב זייער גרויסער לומדות און גאונות און אויך צוליב זייער ענערגישער אַקטואַציע און הויכע מידות. איך וועל געבן די נעמען פון איניקע פון זיי:

ר׳ שמואל — געווען רב אין אַמדור געגנוי מיט 200 יאָר פריִער. ער איז געווען דער מחבר פונעם ספר „תשובות שמואל״. נאָכן אַמדורער רבנות, האָט ער פאַרנומען די זעלביקע שטעלע אין מינסק. ער איז געווען אַן איינקיל פונעם גרויסן גאון און מחבר פון „בית שמואל״, וועלכער האָט זיך גערעכנט אַלס דער „עמוד ההוראה״ אין יענער צײַט אין ליטע. אַברהם ליעסין האָט געשטאַמט פון דער פאַמיליע פון „תשובות שמואל״. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר התקל״ז (1777).

ר׳ משה בר׳ אליעזר ליפּמאַן — רב אין אַמדור און אויך מגיד.

ער האָט געמאַכט אַ לוח אויף 6.000 יאָר, געדרוקט אין הוראָדנאָ (גראָדנע) אין יאָר 1789.

ר׳ איסר, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין יענער צײַט, „דער גרויסער רב איסר״ צוליב זײַן גרויסער גאונות און אויך צוליב זײַן הויך־געוויקסיקייט.

אַמדורער זקנים פלעגן דערציילן, אַז זייערע זיידעס האָבן דער־ציילט וועגן דעם גרויסן ר׳ איסר וווּנדערלעכע מעשיות. ער האָט אויך געשמט אַלס גרויסער גאון. נאָך זײַן טויט האָט מען אין אַמ־דור נישט אויפגענומען קיין רב, ווײַל קיין קאַנדידאַט האָט נישט געוואָגט אָנצונעמען דעם רבנישן אַמט נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם גדול. אַזעלכע זאַכן פלעגן אָפטער פּאַסירן אין די ליטווישע שטעט. עס זײַנען פאַרלאָפן פיל יאָרן ביז עס איז געקומען דער גרויסער גאון און צדיק ר׳ אַברהם עזרא הכהן, וועלכער האָט געזאָגט אַז ער נעמט־אָן די אַמדורער רבנות־שטעלע. וועגן אים איז כדאַי זיך אָפּ־צושטעלן אַ ביסל לענגער. אין די גאָר יונגע יאָרן איז ער געווען אַ חבר פון ר׳ יצחק אלחנן ז״ל; אָנגעקומען אַלס איידעם בײַ מײַן עלטער־עלטערזיידן ר׳ „מאָטשע צינעס״ און נאָך דעם געוואָרן רב אין אָסטרינ, נאָענט פון אַמדור( אין יענער צײַט, געהערט צו ווילנער גובערניע). איניקע רבנים פון יענער צײַט האָבן אים נישט געוואָלט געבן קיין סמיכה, אָבער ר׳ בנימין קאָרנגאָלד, הויפּט מורה־הוראה אין גראָדנע, האָט אים מסמיך געווען, זאָגנדיק: „אמת, אַ קרומער קאָפּ, אָבער זייער אַ גרויסער, ער וועט מיט אים דורכגיין״. אין אָסטרין איז ער געבליבן רב עטלעכע יאָר. האָט פּאַסירט אַז אַ פּרוש, אַ גרויסער למדן האָט אים געכאַפּט בײַ אַ שאלת־הוראה און דער פּרנס־חודש פון יענער שטאָט האָט אויסגערופן אין שול פאַר כל־נדרי, אַז דער רב איז „מאכיל טרפות״ (ער קאָרמעט דעם עולם מיט טריפה פליש). ר׳ אַברהם עזרא איז דאַן אַוועק צו פוס קיין הוראָדנע, נעמענדיק מיט זיך אין זאַק די ריקע, צו ר׳ בנימינקע קאָרנגאָלד. דער גראָדנער מורה־הוראה האָט געכשרט די שאלה. אָבער ר׳ אַברהם עזרא ז״ל האָט פאַרשטאַנען, אַז ר׳ בנימינס הכשר

איז געווען נאָר אַ קאָנצעסיע, אָבער לכתחילה איז געווען דער דין ווי דער פּרוש האָט געפּסקנט. (עס איז פֿאַראַן אַזאַ מין דין ביי גרינגע שאלות צו אַנטשיידן לויט דעם ערשטן פּסק, אַלס רעספּעקט צום אויטאָריטעט פֿון רב). ער האָט דאַן אויסגעשריגן: „הייסט עס, אַז איך קען נאָך נישט געווג לערנען!״, און גלייך נאָך ימים־נוראים האָט ער פֿאַרלאָזט אָסטרין און איז אַוועקגעפֿאָרן לערנען. פֿריִער האָט ער פֿאַרגעלייגט דער רבצין, זי זאָל נעמען ביי אים אַ גט, אַ פֿאַרשלאָג וועלכן זי האָט אָפּגעוואָרפֿן. זי האָט געזאָגט: „ווי וועל איך זיך שיידן פֿון אַזאַ הייליקן גוף?״ — אָרעמע מומע מיינע! (זי איז געווען מיינע אַ מומע). קורץ, ער איז אַוועקגעפֿאָרן אין שטעטל רעבזעוויטש, מינסקער גובערניע, ווו ער איז אָפּגעזעסן העכער 9 יאָר, לערנענדיק טאָג און נאַכט. עס וואָלט מיר פֿאַרנומען צו פֿיל פּלאַץ צו באַשרייבן די געשיכטע פֿון זיין וואַלגערן זיך יענע לאַנגע צייט אין גלות. עס פֿאַרדינט אַ גרעסערע אַרבעט, וואָס איך וועל אפשר אָנשרייבן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. זיין נאָמען איז געבליבן פֿאַרהייליקט זייט לאַנגע יאָרן אין רעבזעוויטש. דער פּלאַץ ווו ער איז אָפּגעשטאַנען — רעבזעוויטשער ייִדן פּלעגן דערציילן מיט יראת־הכבוד, אַז די גאַנצע צייט פֿון זיין לערנען דאָרט איז ער געשטאַנען — העכער 9 יאָר, איז דאָס אָרט אין ביה״מ געווען אָרומ־געצאָמט. מען פּלעגט אָנווייזן מיטן פֿינגער: דאָס איז דער מקום־קדוש ווו עס איז געשטאַנען דער אַמדורער פּרוש.

נאָך פֿיל אונטערהאַנדלונגען איז ער געוואָרן רב אין אַמדור, פֿאַרבלייבנדיק אויפֿן כסא־הרבנות העכער 40 יאָר. זיין ממשלת־הרבנות האָט ער געפֿירט ביד רמה. פֿאַר זיין וואָרט האָט מען מורא געהאַט ווי פֿאַר פֿייער, און פֿאַר זיינער אַ קללה פּלעגט מען שרעק־לעך ציטערן, פּשוט כנשיכת שועל — ווי אַ ביס פֿון אַ פֿוקס, וואָס איז, לויטן תלמוד, זייער גיפֿטיק.

אין דער רבנישער ליטווישער וועלט איז ער געווען פֿאַררעכנט ווי אַ שטרענגער קנאי; מען פּלעגט אים באַטיטלען מיטן נאָמען שמאַי, וואָס איז, אין באַצוג צו זיין אָפּאָנענט הלל, אין תלמוד פֿאַר־

צייכנט מיט דעם טיטל קפדן. שטרענג פּאַנאַטיש און נישט בייגזאַם בנוגע רעליגיעזע ענינים. רבנים פון יענער צײַט האָבן געזאָגט, אַז ער איז נישט צוגעפּאַסט צו יענעם יאָרהונדערט און זײַן הנהגה איז גיכער געווען אין אײַנקלאַנג, לכל־הפּחות, מיט הונדערט יאָר צוריק. זײַנע מידות אָבער, זײַנען געווען אַזעלכע הויכע, אַז אַפילו די פּרײַ־געזאָנענע פון יענער צײַט — מ׳שטיינס געזאָגט דער פרײַער גײַסט פון יענער עפּאָכע אין אַמדור — האָבן מסכים געווען, אַז זיי זײַנען דערהויבענע און זויבערע. צו זײַן ריינעם אמתדיקן געדאַנק איז נישט געווען קיין פאַרגלײַך. עס האָט זיך געמעגט האַנדלען פון אַן איגן קינד אָדער אַ פרײַנד, האָט דאָס אָנגערירט אַפילו דעם גרעסטן גביר פון שטאָט, פון וועמען עס איז אָפּהענגיק געווען זײַן פרנסה, איז ער אַרויסגעטראָטן ענערגיש. ווען זײַן זייער געראָטענער זון, ר׳ אַביגדור ז״ל, האָט געוואָלט ער זאָל אים געבן סמיכה, האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט, ווײַל ער האָט געהאַלטן אַז ער איז צו יונג (17 יאָר) פאַר אַזאַ טיטל. ר׳ אַביגדור איז דאַן געפאָרן קיין נאָוואָרידאָק צו ר׳ יצחק אלחנן ז״ל, און דער האָט אים מסמיך געווען.

ווען עס האָבן באַדאַרפט פאָרקומען אין שטאָט צווי חתונות: איינע בײַ אַן אָרעמען האַלצהעקער, און די צווייטע — בײַ ר׳ אַברהם עזראס אַ שוואָגער, דעם גרעסטן גביר פון שטאָט — בײדע אין איין אָוונט — און ווען דער צווייטער האָט געפאָדערט, אַז די חופה פון זײַן קינד זאָל פריִער געשטעלט ווערן, האָט ר׳ אַברהם עזרא פאַר־אָרדנט, אַז די פון דעם האָלצהעקער זאָל פריִער געשטעלט ווערן, און איז געגאַנגען משמח זײַן חתן־כלה צו דעם אָרעמען. ער האָט דאַן געזאָגט: דעם גביר פעלן נישט קיין מחותנים, דעם האָלצהעקער — יאָ. יאַנקל ווירייקער — אַזוי האָט געהייסן דער שוואָגער, דער גביר — האָט זיך דאַן אויסגעדריקט מיט נישט פּאַסנדיקע ווערטער קעגן דעם רב, פאַר וועלכע ער האָט אים גלײַך מחרים געווען, און דער גביר האָט געמוזט קומען אין שול און מקבל נזיפה זײַן (באַקו־מען אַ פאַרווורף). ווען עס האָט פּאַסירט, אַז נאָך דער חתונה איז געשטאָרבן דער אײדעם און נאָך דעם איז אונטערגעגאַנגען דעם

גבירס אַ שיף מיט תבואה, וועלכע איז געגאַנגען אויפֿן ניעמאַן, פֿון גראָדנע קיין קאָוונע, האָבן דאַן אַמדורער ייִדן געזאָגט: „נו, ער האָט זיך אָנגעהויבן מיטן צדיק וועט ער שלעכט אָפּשנײַדן...". זעלטן, זעלטן ווען ער פֿלעגט פֿאַרברענגען מיט גבירים; ווען ער פֿלעגט וועלן שמועסן, פֿלעגט ער אַרויסגיין צו די בעלי־מלאכות, אָדער זע־גערס, און מיט זיי פֿאַרברענגען. דאַקעגן, ווען אין שטאָט איז געווען אַ געוויסער גנב, וואָס האָט געהאַט 6 זין, אַלע קעשענע־גנבים, דער פֿאָטער איז אויך געווען אַ מסור און אַן אונטערצינדער, פֿאַר וועמען די גאַנצע שטאָט האָט געציטערט און דערצו איז ער נאָך געווען אַ כהן אויך... דאַן האָט אים ר' אַברהם עזרא ז"ל אָפּגעטריבן פֿון אָרון־קודש, שמיני עצרת בײַם דוכענען, זאָגנדיק צו אים: „אַראָפּ פֿון בימה, חלל" — אַן אויסדרוק וועגן אַ כהן וואָס פֿאַרשוועכט די כהונה. יענער פֿאַרשוין האָט גלײַך געפֿאָלגט און קיין פּיפּס נישט געגעבן. דער אונטערצינדער, פֿאַר וועמען די גאַנצע שטאָט האָט געציטערט, איז באַזיגט געוואָרן פֿון דעם צדיק. אַזוי שטאַרק און גרויס איז געווען די אויטאָריטעט פֿון אַברהם עזרא. ווען אין אַמ־דור האָט זיך געבויט די רוסישע צערקווע, איז מיט דער אַרבעט אָנגעגאַנגען אַ ייִדישער פּאָדריאַטשיק. אַזוי ווי בײַ דער אַרבעט האָבן זיך געפֿונען פֿיל קריסטן, ספּעציעל בײַ דער דעקאָראַטיווער טייל, פֿאַר וועלכער מען האָט באַדאַרפֿט צו האָבן פֿאַכלײַט, פֿלעגט די אַר־בעט אָנגיין אויך שבת, פֿון וואָס עס איז נישט געווען צופֿרידן ר' אַברהם עזרא ז"ל: „סטײַטש, יד ישראל באמצע" — אַ ייִד אין דער מיט. פּורים האָט דער ייִדישער אונטערנעמער אַרײַנגעשיקט 25 רובל שלח־מנות און דער אַמדורער גאון האָט גלײַך אָפּגעשיקט צו־ריק די מתנה, ענטפֿערנדיק: „איך בין אַ רב בײַ ייִדן און נישט בײַ קיין גויִים".

עס איז כדאַי צו האָבן אין זינען צוויי זאַכן: אין יענער צײַט — מיט 80 יאָר צוריק — איז 25 רובל געווען אַ גרויסע מטבע. ר' אַברהם עזרא איז געווען אַ רב אַ נצרך — מען קען זיך פֿאָרשטעלן — און דאָך נישט אָנגענומען קיין שלח־מנות פֿון אַזאַ ייִדן, אַ פּאָד־

ריאַטשיק, וואָס לאָזט אַרבעטן גויִים אום שבת בײַ אַ צערקווע. פון דער צווייטער זײַט: אַ ייִד אַן אונטערנעמער איז אין יענער צײַט נישט געווען קיין אמתער ירא וחרד — אַ גאַטפּאַרכטיקער מאַן — און דאָך האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק צו שיקן שלח־מנות דעם רב. אַמאָליקע צײַטן!

ווען אין דער צײַט פון ניקאָלײַ דעם צווייטן איז אַרויס די גזירה פון שערן בערד און פאות, זײַנען געקומען צום רב, אין אַ שבתדיקן טאָג, דער פּריסטאַוו, דער אוראַדניק מיט צוויי גויִים מיט דער כוונה אָפּצושערן דעם רב די באָרד און פאות. נאַטירלעך, האָט ער זיך געווערט, און ווען מען האָט עס געוואָלט דורכפירן מיט געוואַלט, האָט ער אויפגעהויבן דעם שווערן טיש פון עסצימער און שטאַרק פאַרוווּנדעט דעם פּריסטאַווס באַגלייטער. די אָפּעראַציע איז נישט דורכגעפירט געוואָרן. שבת צו נאַכטס איז מען אָוועקגעפאָרן קיין גראָדנע צום איספּראַווניק, און מיט הונדערט רובל האָט זיך די זאַך פאַרענדיקט. ר׳ אַברהם עזרא האָט נאָך דעם תמימותדיק דערקלערט: איך האָב עס געטאָן מלא־שמחה, ווײַל איך האָב געוואָלט מקיים זײַן אין לעבן, „יהרג ואל יעבור, אַפילו לשנויי ערקתא דמסיינא" — ווען עס איז פאַראַן אַ רעגירונג־דעקרעט קעגן דער ייִדישער רעליגיע, מעג מען זיך לאָזן הרגענען, אַפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן אי־בערבײַטן דעם בענדל פון שוך. בײַ אַ גוואַלדטאַט איז נישטאָ קיין אויסנאַם... אַמדורער זקנים האָבן מיר דערציילט, אַז ר׳ אַברהם עזרא ז"ל האָט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינטלעכע פיזישע גבורה בײַם אויפהייבן דעם זייער שווערן טיש.

הונדערטער עפּיזאָדן ווערן דערציילט וועגן דעם אַמדורער רב, וועלכע באַשטעטיקן זײַן גרויסקייט, אָבער ס׳איז נישט מעגלעך זיי איבערצוגעבן צוליב מאַנגל אין פּלאַץ. ר׳ אַברהם עזרא איז נפטר געוואָרן שבת פאַר נאַכט, פּרשת נח. די קבורה איז פאָרגעקומען אויף מאָרגן שפּעט פאַרנאַכט. זײַן אײדעם, ברוך בן־ציון מישקאָווסקי, איז דאַן געווען רב אין שטעטל מאָסט, בײַם ניעמאַן. מען האָט גע־וואָרט מיט דער באַערדיקונג ביז מען האָט געבראַכט ר׳ ברוכן —

לויט דער צוואה פון ר׳ אַברהם עזראן — און בײַם אָפּענעם קבר האָט מען דעם אײדעם געגעבן דעם כתב־רבנות, און דער גאַנצער עולם האָט אָפּגעגעבן מזל־טוב דעם נפטר. אַזוי פּלעגן זיך נוהג זײַן ייִדי־שע קהילות אין דער אַלטער וועלט אין אַזעלכע פֿאַלן.

אויפֿן קבר פֿון ר׳ אַברהם עזרא איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גרויסער אוהל. לויט זײַן צוואה איז געלאָזן געוואָרן אַ פּלאַץ נעבן אוהל פֿאַר דער רבצין, וועלכע איז געשטאָרבן מיט פֿיל יאָרן שפּע־טער — ווי אַ סאַטיספֿאַקציע פֿאַר זײַן לעבנס־ באַגלייטערין אין פֿריידן און אין ליידן. דעם אוהל פֿלעגט מען מוזן רייניקן פֿון צײַט צו צײַט פֿון די פֿיל צעטלען, וואָס מען פֿלעגט דאָרט אַרײַנוואַרפֿן, בעטנדיק די אינטערווענץ בײַ גאָט פֿאַר די אַלע לײַדנדיקע און אומ־גליקלעכע. דער אַלגעמיינער אַמדורער עולם, ווען ער פֿלעגט דער־מאָנען ר׳ אַברהם עזראן, פֿלעגט קיין מאָל נישט אַרויסזאָגן דעם נאָ־מען, נאָר „דער צדיק״. דאָס האָט פּאַסירט ווען דער צדיק האָט גע־לעבט, און דאָס האָט זיך שוין אָנגענומען נאָך דער פּטירה. ר׳ אַברהם עזרא איז נפטר געוואָרן אָנפֿאַנג יאָר תרמ״ב (1882). זײַן נאָמען איז געווען זייער פֿאַרשפּרייט אין אַמדור, ספּעציעל בײַ דער פֿאַמי־ליע אפרון. אַלע ייִנגלעך וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן יענעם יאָר האָט מען געגעבן דעם נאָמען. אין טאָג פֿון זײַן קבורה זײַנען זיך צונויפֿגעפֿאָרן אַ גרויסע צאָל רבנים פֿון אַמדורער אומגעגנט און אַלע האָבן אים מספּיד געווען. ווי געזאָגט, איז ער נפטר געוואָרן שבת פֿאַר נאַכט, פּרשת נח. צו מנחה האָט מען אָנגעהויבן לייענען די פּרשה לך־לך. בײַ די הספּדים האָט דער סוועַנציאַנער מגיד אויס־געשריִען: „ויאמר ד׳ אל אַברהם לך לך מאַרצך״... האָבנדיק אין זי־נען אַז ער האָט געהייסן אַברהם און אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד.

ער האָט איבערגעלאָזט אַ ספר אין מאַנוסקריפּט מיטן נאָמען „החרש והמסגיר״, אין וועלכן עס ווערן געבראַכט תשובות און קאָ־מענטאַרן אויף איניקע שווערע שטעלן פֿון תלמוד. איך האָב אים געבלעטערט. ער איז געבליבן בײַ זײַן אײדעם און איז נישט דער־שינען אין דרוק.



הרב ברוך בנציון מישקאָווסקי ז״ל. לאַנגע יאָרן רב אין אַמדור.
אַ זון פון ר׳ נח חיים, אַ ברודער פון ר׳ מנחם־מענדל אָסטרינ־
סקי ז״ל (סטוטשינער רב). אַן אײדעם פון גאון און צדיק ר׳
אַברהם עזרא ז״ל, פרי־ערדיקער רב אין אַמדור.

צוזאַמען מיט ר׳ אַברהם עזראַן האָט אַמטירט אין אַמדור אַלס דיין, דער גרויסער למדן און מופלג ר׳ איסר — מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט זיך גאָר נאָענט אָנגעהערט צו דעם גרויסן ר׳ איסר ז״ל — מיט וועמען אַברהם עזרא פלעגט זיך מיישב זײַן אין אַלע שווערע שאלות און איז געווען די רעכטע האַנט אין אַלץ, וואָס איז געווען שײַך צו דער רבנות. עס זײַנען געווען מאָמענטן, ווען ר׳ איסר פלעגט זײַן נישט צופרידן, טענהנדיק: „דער רב נעמט שכירות און איך פסקע שאלות...״. אָבער עפנטלעך איז קיין מאָל נישט אויסגע־בראָכן קיין סיכסוך צווישן דיביידע גדולי אַמדור. ביידע צוזאַמען האָבן זיי געאַרבעט צו באַזאָרגן די אַלע רעליגיעזע הצטרכותן פון דער שטאָט. ר׳ איסר איז געווען דער רבי פון מײַן פאָטער ע״ה, און דער האָט מיר דערציילט אַן עפּיזאָד וואָס האָט פּאַסירט איין מאָל אַ פּרײַטיק צו נאַכטס מיט דער שטאָט־מקווה, אַן עפּיזאָד וואָס וואַרפט אַ שײַן אויף דעם אַמאָליקן לעבן בײַ ייִדן. עס איז געפאַלן אַ חשד אַז די מקווה האָט נישט געהאַט דעם שעור וואַסער, וואָס דער דין פאָדערט פאַר טבילה, און בכן זײַנען פּסול אַלע פאָרגעקומענע טבי־לות... — אַ גערודער אין שטאָט. מען האָט דערווײַל אויסגערופן אין שול און בתי־מדרשים, אַז די מקווה איז געווען ניט כשר. דער רב צוזאַמען מיט ר׳ איסרן זײַנען אַרומגעגאַנגען צעטראָגן, די גאַנצע נאַכט און דעם טאָג פון שבת, נישט האָבנדיק טועם־טעם געווען — עפּעס פאַרזוכן עסן. נאָך אַ סך אונטערזוכונגען איז אויסגערעכנט געוואָרן, אַז די מקווה האָט יאָ געהאַט די גענוגנדיקע קובישע מאָס וואַסער, און — שמחה וששון ליהודים...

ווי שוין געזאָגט, איז נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם גאון אַרויף אויפן אַמדורער כסא־הרבנות זײַן אייִדעם, ר׳ ברוך בן־ציון מישקאָוו־סקי, אַ זון פון ר׳ נח־חיים און אַ ברודער פון ר׳ מנחם־מענדל אָס־טרינסקי, געוועזענער רב אין סטוטשין, אויך פון די ברידער אײַזנ־שטאָט, רבנים אין לעכעוויטש און לידז (ענגלאַנד). ער איז געווען רב אין אַמדור לערך 20 יאָר. אַ גרויסער דרשן, שרײַבער און למדן. עס זײַנען געווען אין אַמדור אַ סך פּרעטענדענטן אויף דער רבנות־

שטעלע, עטלעכע קאַנדידאַטן, גרויסע מופלגים און מיט פיל מעלות. עס האָבן נישט געפעלט קיין קריגערײַען מצד די פּרעטענדענטן. עס איז אַפילו געקומען דערצו, אַז ר׳ ברוך עין — פון וועמען איך וועל ריידן שפּעטער — האָט אים געכאַפּט בײַ אַ שאלה און די זאַך איז פאַרגעבראַכט געוואָרן פאַר׳ן ר׳ לייב זלמנס פון גראָדנע, דעם גרעסטן מורה־הוראה פון גאַנץ גראָדנער גובערניע (דאָס וואָס האָט פּאַסירט מיטן גרויסן שווער, האָט אויך פּאַסירט מיטן אײדעם). דער פּסק איז אַרויס לויט ברוך בן־ציונס אורטייל, און ר׳ לייב־זלמן ז״ל האָט אויסגערופן: „רב ברוך בן־ציון אמת ותורתו אמת, ומציון תצא תורה״. (נישט פאַרגעסן, אַזביידע, דער רב און זײַן אָפּאָנענט, האָבן געהייסן ברוך, דער ערשטער — אויך בנציון).

אַלע האָבן זיך דאַן אונטערגעוואָרפן אונטער דער ממשלה פונעם רב — והעיר אַמדור שקטה. ער איז געווען רב אין אַמדור 20 יאָר, און איז נפטר געוואָרן ווען איך בין שוין געווען אין אַרגענטינע. ער האָט געלאָזט אַ ספר מיט דעם נאָמען „אמרי ברוך״ מיט אַ הסכמה פון דעם באַוווּסטן צדיק און גאון ר׳ ברוך טוראָווער. זאָל דאָ דער־מאָנט ווערן, אַז די מיטאַרבעטערין פון אַרגענטינער „ייִוואָ״־אַרכיוו, פאַני רעמס, איז אַן איניקל פונעם אַמדורער רב ברוך בן־ציון. ער האָט געלעזט 3 זין: איינער נח־חיים, מײַנער אַ חבר, איז געווען רב אין גלאַזגאָו, ענגלאַנד; אַ צווייטער אַביגדור, אַ גאונישער מוח און מוסמך, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטן ימ״ש, און אַ דריטער אַברהם־עזרא, סוחר אין גלאַזגאָו. ער האָט אויך געהאַט עטלעכע באַגאַבטע טעכטער.

נאָך ר׳ ברוכן האָט פאַרנומען דעם אַמדורער רבנות־אַמט, ר׳ ראובן כ״ץ, אַ תלמיד פון מירער ישיבה און אַ גרויסער גאון און למדן; הײַנט הויפּט־רב אין פּתח־תקוה (ישראל) *. ער איז אַרויף אויפן אַמדורער כסא־הרבנות נאָך מײַן פאַרלאָזן מײַן געבוירן־שטעטל, אַזוי אַז איך קען ניט באַשרײַבן זײַן רבנישע אַקטואַציע. איך שטיי

---

* געשטאָרבן. — רעד׳.

מיט אים אין בריוולעכן קאָנטאַקט. מיר איז באַוווּסט, אַז ער האָט באַקומען זײַן סמיכה דורך די גאונים הרדב״ז (אַפּקירצונג פון ר׳ יעקב־דוד בן זאב), ר׳ אליהו ברוך קמאי, ר׳ אליעזר ראַבינאָוויטש און אַנדערע. ער איז דער מחבר פון די ספרים: „דודאי ראובן״, „דגל ראובן״ און פון פיל רבנישע מאמרים.

## אַמדורער באַלעבאַטים לומדים

איינער האָט אַמאָל כאַראַקטעריזירט דעם תורה־ניוואָ פון אַמדור אָט מיט דער פאָרמולע: האַלב אַמדור לומדים, גאַנץ אַמדור עמי־הארצים... בײדע טיילן פון דער לאָזונג זײַנען ריכטיק. מײַן שטאָט האָט פאַרמאָגט נישט קיין קליינע צאָל פּראָסטע לײַט, אייניקע פון זיי בוכשטאַבלעכע עמי־הארצים, אין דעם קאָנצעפּט פון אַמאָליקע צײַטן. פון דער צוויטער זײַט, אין דער פּראָפּאָרץ צו איר באַפעל־קערונג, אַ גרויסע צאָל לומדים, אייניקע פון גאָר גרויסן פאָרנעם. איך וועל דערמאָנען עטלעכע פון זיי:

ר׳ ברוך עין — אַליין געשטאַמט פון שישלעוויטש. געגומען קיין אַמדור אַלס אײדעם. מען פלעגט אים רופן אין שטאָט באָרע בערעס, אויפן נאָמען פון זײַן שווער בערע; זײַן פרוי פלעגט מען רופן שרה ר׳ ברוכס. פאַרמאָגט האָט ער אַ גרויסע שניטקראָם, געווען נישט קיין קליינער קמצן, אָבער אַ גאון עולם. זײַן פּוסקישע ביבליאָטעק איז געווען איינע פון די רײַכסטע אין אַלטע עקזעמפּליאָרן. אייניקע אוניקומס. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע שטוב מיט אַ גאָרטן, אין שכנות מיט ברעגמאַנס בית־מדרש. געווען מחבר פון אַ ספר איבער די „טעמי המצוות״ און מיטאַרבעטער פון די חודשלעכע זשורנאַלן „הכרמל״ און „הלבנון״. זײַנע אַרטיקלען פלעגן טראָגן דעם טיטל „תעלומות עין״, אַ שיינער וואָרטשפּיל אין באַצוג צו זײַן פאַמיליע־נאָמען, און אונטערשרײַבן פלעגט ער זיך „ברוך עין מאמדור״, אָדער „מסוויסלאָץ״. ער איז געשטאַנען אין בריוו־פאַרבינדונג מיט ר׳ שלמה האָבער פון לעמבערג, און פלעגט אָפט מאָל אויפוויַזן טעמים

פון דעם „נודע ביהודה" אָדער ר' צבי־הירש חיות. ער האָט פּרע־טענדירט אויף אַמדורער רבנות, אין דער אמתן האָט ער געקענט אַמטירן אַלס רב אין איינער פון די גרויסע ייִדישע שטעט. זײַן מאַ־טעריעלע פּאָזיציע איז געווען אַ פעסטע און ער האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צו דער פּרנסה פון רבנות.

ער האָט געהאַט אין גאַנצן איין זון — בערל ר' ברוכס — וואָס איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר פאַר זײַן רעוואָלוציאָנערער טע־טיקייט.

ר'רפאל־חנה אורעס — געשטאַמט פון ווילנע און אָנגעקומען אין מײַן געבוירן־שטאָט. געווען אַ גאון־עולם; זײַן בקיאות האָט זיך געגרענעצט מיט געניאַליטעט. געווען קלאָר, כמעט אויף אויסנווייניק, אין ש"ס, תוספות און אַלע פּוסקישע תשובות. ער איז געווען פּעיִק איבערצולייענען אַ בריוו און גלײַך אים זאָגן אויף אויסנווייניק. אויף דער עלטער איז ער געוואָרן רב אין וואַסילקאָווע, נעבן ביאַליסטאָק. נאָך מײַן פאַרלאָזן אַמדור, האָט ער אַנטדעקט אַ ירושלמי אויף דעם „סדר קדשים", מיט וואָס ער האָט דאַן אויפגערודערט גאַנץ ליטע. עס איז אָבער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז עס איז געווען זײַנע אַ קרעאַציע און נישט דער אָריגינאַל, וועלכער איז פאַרלוירן געוואָרן גלײַך נאָך דער צײַט פון די גאוני בבל. יעדן פאַלס איז עס געווען אַ געוואַגטע גאונישקייט פון ר' רפאל גורדון בײַם רעדאַקטירן דעם דערמאָנטן ירושלמי. איך האָב געלערנט מיט זײַנעם אַ זון — אורע ר' רפאלס — אין אַמדורער ישיבה. ער האָט געירשנט די געניאַלי־טעט פון זײַן גרויסן פאָטער. איך געדענק אַז ער האָט אַ מאָל גע־זאָגט אויסנווייניק אַ בלאַט גמרא פון פּרק שנים אוחזין, בבא מציעא, אָנהייבנדיק פון ענדע בלאַט און גייענדיק אויף צוריק. מען האָט מיר דערציילט אַז ער איז משוגע געוואָרן.

מײַן פעטער און רבי ר' אַברהמל ר' מאַטעסעס — אַ מוסמך צו 13 יאָר; חתונה געהאַט מיט מײַן זיידנס אַ שוועסטער, און איז געווען לאַנגע יאָרן דער מורה־הוראה פון שטאָט. אויף פּרנסה האָט ער געמוזט צוקנעלן. אין די ייִנגערע יאָרן איז ער געווען געניגט צו

חסידות, און לויט ווי עס האָבן דערציילט אַמדורער זקנים, איז ער אין דער שטאָט וואָלעדניק געשמיסן געוואָרן פֿאַר זײַנע אויסדריקן קעגן דער ניט־גרויסער לומדישקייט פון געוויסע וואָלינער גוטע־ייִדן. געווען איז ער דער שטאָט־מוהל; אַ וווּנדערלעכער בעל־מוסף, צענד־ליקער יאָרן רבי פון „חברה משניות", און אויף דער עלטער זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ־ישראל. נישט ווערנדיק דאָרט אַרײַנגעלאָזט (עס איז געווען די צײַט פון אַבדול־האַמיד), איז ער צוריקגעקומען קיין אַמדור און האָט געלעבט אין זײַן קליין שטיבעלע אין „דחקות בעירם ובחוסר כל", אָנקומענדיק שפּעטער כמעט צו קיצבה. ווען איך בין אַרויס פון אַמדורער ישיבה, האָט מיר מײַן פֿאָטער ז"ל גע־שיקט אַלע נאַכט לערנען פֿאַר אים דעם שיעור גמרא. איך בין זיך מודה ומתודה, אַז קיין גרויס אינטערעס האָב איך נישט געהאַט צו זײַן „דער לעקטאָר" פון יענע שעורים. ער איז שוין דאַן געווען אַ זקן, אַריבער די 80ער, און קיין חידושים פלעג איך פון אים נישט הערן. ער פלעגט זיצן און דרעמלען. איך געדענק: איין מאָל האָב איך געזאָגט פֿאַר אים אַ גרויסן און שווערן רשב"ם און חזקת הבתים (גמרא בבא בתרא), איך האָב דערבײַ געוואָלט איבערהיפּן אַ שטיקל פון פירוש, בכדי פרײַער צו זײַן פרײַ פון לימוד, איז ער אָבער גע־ווען קלאָר אין דעם רשב"ם און ער האָט זיך אַ קרים געטאָן. איך האָב שפּעטער ווײַטער פּרובירט דעם שפּיל, אָבער ווען איך האָב באַקומען אַ פּאַטש, האָב איך זיך שוין געמוזט אונטערוואַרפֿן מײַן גורל.

ער פלעגט אָפטער נעמען „אַ קאַפּיטשקע" (אַלע ייִדן פון יענער צײַט האָבן נישט פײַנט געהאַט צו מאַכן „שהכל") און איך פלעג אים אַלע פרײַטיק צו נאַכטס ברענגען פון איזשע מענדלס אַ קוואַרטירל 57ער (אַ פערטל פון אַ קוואָרט) אַ מתנה לכבוד שבת. ער האָט איין מאָל באַמערקט איזשען, אַז דאָס בראָנפן איז וואַסערדיק, און ווען יענער האָט דערבײַ געשמייכלט, האָט אים מײַן פעטער געזאָגט: „ר' איזשע, איר זײַט מקיים דעם פסוק 'ושאבתם מים בששון' — איר וועט שעפּן וואַסער מיט פרייד..."

ווינטער פלעגט ער אויפשטיין 12 אַ זייגער פאַר טאָג און פלעגט לערנען אויסנווייניק די מסכתא שבת מיט רש״י. ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: „מען מוז קומען אויף יענער וועלט מיט גרייטן געלט — ותלמודו בידו — איך האָב נישט קיין מורא פאַרן מלאך־הדומה, ווײַל איך האָב אין קעשענע גאַנץ מסכתא שבת״... און ער האָט באמת געקענט די מסכתא (157 זײַטן) מיט רש״י אויסנווייניק; דאָס איז געווען בײַ די אַמאָליקע פרומע ייִדן דער טשעק־ביכל... — גרויסע עשירים.

ר׳ אײַזשע מענדלס — געשטאַמט פון סוּוואַלקער געגנט, אַן אייניקל פון גרויסן גאון ר׳ יהודה בכרך, רב פון סייני און מחבר פון פּירוש אויף ש״ס, אונטערן נאָמען „נימוקי הגרי״ב״ (ראשי־תיבות פון הגאון ר׳ יהודה בכרך). דער פאַמיליע־נאָמען בכרך שטאַמט פון דער דײַטשישער שטאָט מיטן זעלביקן נאָמען. דאָרט האָט אין 13טן יאָרהונדערט פּאַסירט אַ גרויסער עלילת־דם (אַ בלוט־בילבול), וואָס האָט געדינט אַלס מאַטעריאַל פאַר העגריך הײַנע אין זײַן ווערק „דער רבי פאַן בכרך״. די פאַמיליע בכרך האָט געהאַט אַ היסטאָרישע פאַמיליע־מגילה, אין וועלכער עס איז געווען פאַרצייכנט די גענעאַלאָגיע פון דער משפחה, פון דעם תנא ר׳ חנינא בן תרדיון אין דער צײַט פון אַדרינוס ימ״ש — ביז רש״י און מהרש״ל. דער אינטערעסאַנטער היסטאָרישער דאָקומענט איז פאַרברענט געוואָרן, לויט ידיעות פון ר׳ יעקב בכרך (זע ספר „אחיאסף״, חלק ה׳, זײַט 326).

בכן, ר׳ אײַזשע בכרך, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן אין אַמדור — אײַזשע מענדלס, האָט געשטאַמט פון זייער אַ מיוחסדיקער משפחה. ער האָט געוווינט הינטער דער שטאָט און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַ „גוראַלניע״ (בראָנפן־דעסטילאַציע) און האָט געפירט אַ גבירישן לעבן. אַליין אַ גרויסער למדן און מופלג, האָט ער געהאַט אַ ריזיקע ביבליאָטעק, געירשנט פון זײַן זיידן ר׳ יהודה, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען פיל מאַנוסקריפּטן פון ווילנער גאון. געפירט אַ גרויסן שטאַט אין אַמדור. זײַן זון יודל (דער פאָטער פון

פאַני רעמס) * איז געווען פילאָסאָפיש געשטימט, געלייענט אַסטראָ־נאָמישע ווערק אין העברעיִש און דערצו באַגאַבט מיט אַ גאָלדענער נאַטור און אַ כשרה נשמה. אַברהמל אייזשעס — אַ צווייטער זון פון ר׳ אייזשען, פלעגט פירן דעם קאַנטאָר — אַ פלאַץ אין שטאָט, וווּ מען פלעגט פאַרקויפן דעם בראָנפן — און פלעגט שטענדיק מוזן אינטערווענירן צווישן די קריגערײַען פון אַמדורער יִדישע שיכורים (אויך דער מין האָט נישט געפעלט אין מײַן געבוירן־שטעטל). די 4 טעכטער זײַנע האָבן אין זייערע שפּעטערדיקע יאָרן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער וועלטלעכן באַנעם און זייערע פּאָזיציעס אינעם יִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אויסער אַמדור.

געווען אַ מיוחסדיקע יִדישע משפּחה אין אַמדור. וואָס איז גע־וואָרן פון איר נאָכן חורבן ליטע?

לייזער אפרון (מען פלעגט אים רופן — לייזער שואלס) — אַ זון פון גביר שואל אפרון. עס איז אין זײַן צײַט פאַרלאָפן אַן אויס־טערלישע געשיכטע אין אַמדור. ר׳ שואל פלעגט האַנדלען מיט גאָלד אין דער צײַט פון אַלעקסאַנדער דעם 2טן, אַ מסחר וואָס איז געווען פאַרבאָטן פאַר יִדן. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און געזעסן אַ לאַנגע צײַט אומקאָמוניקירט אין גראָדנער ציטאַדעל. אויסניצנדיק אַ טויטפאַל פון איינעם פון די אַרעסטאַנטן, האָט מען אונטערגעקויפט די גוואַרדיע און מען האָט ר׳ שואלן אַרויסגעפירט פון אָסטראָג אַנ־שטאָט דעם געשטאָרבענעם; איבער נאַכט איז ער שוין געווען אויף יענער זײַט גרענעץ. די געשיכטע האָט אויפגערודערט דער גאַנצער רעגירונג, אָבער אָן רעזולטאַטן. ר׳ שואל האָט נאָך געלעבט אין פראַנקפורט־אַם־מײַן העכער 40 יאָר; שטענדיק אַ גביר געווען, און איינצײַטיק שטרענג פאַנאַטיש. די גאַנצע יאָרן האָט ער נישט גע־געסן קיין פלייש, ווײַל ער האָט נישט געגלייבט די שטרענג אָרטאָ־דאָקסישע שוחטים פון פראַנקפורט. ער איז געשטאָרבן אין יאָר

* די פּרווי פון אַברהם זאַק — רעד׳.

1897, איבערלאָזנדיק אַ שיינע ירושה זײַן זון משה, וועלכער איז געווען דאָרט קרײַז־ריכטער, און זײַן צווייטן זון, לייזער.

לייזער שואלס איז געווען מוני חזהס אַן איידעם, וועלכער איז געווען אַ גרויסער גביר און מיוחס, און האָט געוווינט אין הויף וואָס איז אַריבער אין זײַן באַזיץ פון פּוילישן גראַף קאָזלאָווסקי, אַמאָלי־קער פּריץ אין אַמדור.

לייזער שואלס האָט אין דער יוגנט געלערנט אין וואָלאָזשין. גע־קענט גוט רוסיש, פּויליש און דײַטש, און געווען זייער באַהאַוונט אין תלמוד און העברעיִש; פּלעגט באַקומען אַ סך צײַטונגען, געווען דער רבי פון „חברה־תורה". אין זײַן כאַראַקטער אַ מזג טוב. זײַן זון בערל (מײַן חבר), האָט נישט געהאַט קיין נייגונג צו תורה. ווען איך האָב פאַרלאָזן אַמדור, איז ער אַוועקגעפאָרן לערנען אין ווילנע. גע־וואָרן שפּעטער „פּאָלקאָוואָי זובנאָי ווראַטש" (רעגימענטאַלער צײַן־דאָקטער). די עלטערע טאָכטער פון לייזער שואלס האָט חתונה גע־האַט אין ווילנע מיט אַן אייניקל פון שמואל־יאָשע פין — אַ באַ־וווסטע גרויסע יידישע פּערזענלעכקייט פון 19טן יאָרהונדערט. און וואָס איז געוואָרן פון דער מיוחסדיקער משפּחה נאָכן אייראָפּעיִשן חורבן?

לייזער שואלס האָט אָפּגעדרוקט אַ ספר מיטן נאָמען „חמשה אַלפין". פאַר וואָס עפּעס דער טיטל פון 5 אַלפן? הערט אַן אײַנפאַל: דער מחבר האָט געהייסן אליעזר אפרון, זײַן פאָטער שואל. ער שרײַבט זיך אונטער בן לאדוני אבי. אַלזאָ, פינף מאָל דער אות א'. ווי געפעלט אײַך אַזאַ מין גימנאַסטיק?

הערשל טיליעס — אַ זון פון דעם גרויסן למדן און חסיד חײַקל טיליעס — אויפן נאָמען פון דער פרוי און מוטער טיליע. הערשל האָט געלערנט אין וואָלאָזשין, אַ מוסמך און אַ גרויסער למדן. אַרומ־געפאָרן איבער דײַטשלאַנד און געקומען צוריק קיין אַמדור, ווו ער איז געזעסן אין בית־מדרש טאָג ווי נאַכט. אַ יונגערמאַן מיט גרוי־סע פעיִקייטן, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען צוליב דעם סיסטעם פון לערנען אין יענער צײַט.

מאָטיע ווײַס — דער זון פון ר' יאָשע ווײַס, אַן אַמאָליקער חשו־בער אַמדורער באַלעבאָס, רבי פון „חברה עין־יעקב" און אויסגע־שפּילטער בעל־תפילה. עלטערע אמדורער באַלעבאַטים פלעגן דער־מאָנען מיט פּיעטעט און יראת־הכבוד זײַן נאָמען. „נו, וואָס איז דאָ צו ריידן? יאָשע ווײַס"... זײַן זון ר' מאָטיע איז געווען אַ ייִד אַ חשוב, אַ רײַכער באַלעבאָס, מיט אַ גרויסער קראָם פון אײַזנוואַרג און דערצו אַ גרויסער למדן. אַזוי ווי זײַנע קלײַענטן זײַנען געווען כמעט אויסשליסלעך קריסטן, פלעגט מען אין אַמדורער קרײַזן זיך וויצלען: „דער גרעסטער אַנטיסעמיט איז מאָטיע ווײַס — פאַר קריסטן האַלט ער שטאָל־און־אײַזן..." אַליין פון קליינעם געוווקס, זשוואַווע ווי אַ וועווערקע, שטענדיק רירעוודיק און שמייכלענדיק. ער האָט געהאַט אַ חזקה צו האַלטן צוויי דרשות דורכן יאָר אין סענ־דערס בית־המדרש, אָדער אין דער גרויסער שול. פּורים פלעגט ער אין זײַן דרשה מאַכן צו גאָרנישט המנען מיט זײַן פלוניתטע זרש. דער עולם, אַ ביסל מבוסמדיק, פלעגט זײַן זייער צופרידן און לאַכן גוטמוטיק, ווען מאָטיע ווײַס פלעגט אויפווײַזן באותות ומופתים, אַז יענע נאַכט, ווען המנקע דער יונגאַטש האָט באַקומען דעם „פריקאַז" פון דעם „דוראַק" אַחשורוש דורכצופירן מרדכין אויפן קעניגס פערד, האָט זרש געגומען ריצנאַייל און נאָכן פאַרשטענדלעכן רעזולטאַט, האָט זי, די חצופה, אַראָפּגעגאָסן פון אייבערשטיבל דעם גאַנצן שעפל און פּונקט געטראָפן המנען אויפן קאָפּ... און מאָטיע ווײַס פלעגט נאָך דעם טריומפירנדיק אויסרופן: „און איצט איז שוין רעכט דער פסוק „והמן נדחף אל ביתו אבל וחפוי ראש..." קלאָר און פשוט — מען דאַרף גאָר בעסער נישט האָבן...

אין איינעם פון די שבתים פון דער תוכחה — „בחוקותי" און „כי תבוא", פלעגט ער אויך האַלטן זײַן שאַבלאָנע דרשה, אָבער שוין מער ערנסטער, ווי עס פּאַסט פאַר דער וואָך פון דער תוכחה. אָנ־געפּיקעוועט מיט תורה, צרופים און רמזים. איך געדענק אַז דער פסוק „ואף גם זאת בארץ אויביהם לא מאסתים"... איז אים געווען בולו „מוקשהדיק"... וואָס עפּעס „ואף גם זאת" — אויך, אויך דאָס...

און ער האָט געבראַכט די פּלוגתא אין תלמוד וועגן ברית־אָבות און זכות־אָבות, און מאָטיע ווײַס קומט צום שלוס, אַז: „זאת" איז אַ ראשי־תיבות, און עס באַטײַט: „זכות אָבות תמו"... און אויב אַזוי איז שוין גוט: ואף גם זכות אָבות תמו, איז לא מאסתים ולא גאלתים להפר בריתי. און ווײַטער ווי אַ זיגער שטייט־אויף ר' מאָטיע: זכות אָבות תמו, אָבער ברית אָבות לא תמו. אַפילו די טרוקענע אַמדורער לומדים האָבן נאָך דער דאָזיקער דרשה אַ מאַך געטאָן מיט די הענט: „נו, ניט שלעכט..."

אין יענע יאָרן — איך באַצי זיך אויף נאָך די 90ער פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט — איז אין גאַנץ ליטע אויפגעקומען אַ באַוועגונג צו פאַרשטאַרקן דעם רוח־התורה. דער קעלמער, דער אײשישאָקער און דער מאָזירער, מגידים פון גרויסן פאַרנעם, פלעגן אַרומפאָרן און האַלטן פײַערדיקע דרשות וועגן חיזוק־התורה. אין אַמדור ווי אין אַנדערע שטעט פון דער ליטע איז געגרינדעט געוואָרן אַ חברה „והגית בו", גענומען פון פסוק אין יהושע: „והגית בו יומם ולילה". די מיטגלידער פון דער חברה האָבן געמוזט זיך מתחיב זײַן אַז דער בית־המדרש האָט נישט געטאָרט בלײַבן לידיק פון תורה נישט איין מינוט — יומם ולילה. מען האָט זיך, אַלזאָ, אײַנגעטיילט צווישן זיך די 24 שעה פון מעת־לעת, לויט אַ ריי, און יעדערער אין זײַן שעה האָט געמוזט זיך געפינען אין בית־מדרש. מאָטיע ווײַס איז געווען איינער פון די הויפּט זײַלן פון דער חברה. אין מיטן ברענענדיקן מאַרקטאָג, דינסטיק איז עס שטענדיק געווען, ווען די קראָם איז פול געווען מיט קונים, ווען מען דאַרף, אַחוץ ענטפערן, אויך היטן פאַר לקחנעז; אַ טאָג פון וועלכן עס איז אָפּהענגיק געווען די פּרנסה פון אַ גאַנצער וואָך, פאַרלאָזט מאָטיע ווײַס זײַן קראָם און לויפט־אַוועק אין בית־המדרש. קומט־אויס זײַן שעה אין מיטן דער נאַכט, — מאָטיע ווײַס איז אויף זײַן פּאָסטן. אַזוי פלעגן טאָן אויך אַנדערע פון דער חברה „והגית בו" — תורה איבער אַלץ.

אויף דער עלטער, ווען מאָטיע איז געבליבן אַן אַלמן, האָט ער חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל מיט מײַן מומען חיה־ראָכע און איז

אַוועקגעפֿאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָרט, אין „מאה שערים", האָט ער נאָך געפֿירט אַ גאַנצע ראָלע בײַ די דאָרטיקע לומדי־תורה, לויט אינפֿאָרמאַציעס וואָס איך האָב באַקומען פֿון ארץ־ישראל.

מאיר־הערשל יעלין — אַ זון פֿון משה לימעס; אַ גרויסער למדן און פֿאַרמאָגט ליטעראַרישע פֿעיִקייטן. קאָרעספּאָנדענט אין יענער צײַט פֿון „המליץ" און „הצפירה" און אויך פֿון די „גראָד־ניענסקיע וועדאָמאָסטי". געווען גענייגט צום סאָציאַליזם, אָבער דערבײַ געווען זייער שטרענג אָרטאָדאָקסיש. אין אַ בריוו צו מיר, פֿון 6טן יוני 1936, שרײַבט ער, אַז ער האָלט בײַם אָפּדרוקן זײַן חיבור אויף „בבא קמא" און „בבא מציעא", אויף וועלכע עס האָבן געגעבן זייער הסכמה ר' שמעון יהודה, ראש־ישיבה פֿון גראָדנע, ר' שבתי יגלי, רב פֿון סלאָנים, און ר' ראובן כ"ץ, פֿריִער רב אין אַמדור און הײַנט הויפּט־רב אין פּתח־תקוה. אין דעם זעלביקן בריוו בעט ער בײַ מיר, איך זאָל שאַפֿן אין אַרגענטינע אַ פֿאָנד, בכדי צו שטיצן די אַמדורער שול. אַ ייִד אַ סימפּאַטיזירער פֿון סאָציאַליזם און גיט זיך אָפּ מיט דרוקן אַ חיבור אויף מסכתות. וואָס פֿאַר אַ גאָלדענע קאָמבינאַציע פֿון צוויי פֿאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס (און אפשר גאָר איינע!). ער און זײַן פֿרוי זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אַכזריותדיק דורך די היטלעריסטישע בעסטיעס.

ר' מאיר־צבי יעלין האָט דאָ אין אַרגענטינע דרײַ זין און דרײַ טעכטער — אַלע בכבודיקע געזעלשאַפֿטלעכע טוערס און אַקטיווע ציוניסטן, ווי אויך דרײַ טעכטער אין נאָרד־אַמעריקע.

ר' שמחה ביעליוועער — אַזוי פֿלעגט מען אים רופֿן אויפֿן נאָמען פֿון דאָרף אין וועלכן ער האָט צײַטווײַליק געוווינט. אַ למדן מופלג און אַן אמתער צדיק. שטיל און געלאַסן. גערעדט פּאַמעלעך — „דברי חכמים בנחת נשמעים". שטענדיק געהאַט פֿאַר זײַנע אויגן דעם שולחן־ערוך; ער פֿלעגט שטענדיק זאָגן מיט תמימות: „ וואָס וואָלטן געטאָן ייִדן, ווען חס־וחלילה זיי וואָלטן נישט געהאַט דעם שולחן־ערוך? גוואַלד געשריגן, מען וואָלט דאָך איין מינוט נישט געקענט עקסיסטירן!"... און טאַקע דערפֿאַר איז ער געווען קלאָר

אויסנווייניק אין שולחן־ערוך — אורח חיים מיט די מגינים („מגן אַברהם" און „מגן דוד"). אין די יונגע יאָרן איז ער געווען תקיף אין מעמד; אויף דער עלטער — אַ יורד, און דאָך אַרומגעגאַנגען מיט אַן אָפּענעם פּענכער (אַזוי פלעגן האַלטן אַמאָל זייערע קופּערנע און זילבערנע מטבעות אַמדורער ייִדן), און צעטיילן אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט פאַר די אָרעמעלײַט, וועלכע פלעגן אים אַרומרינגלען, ווי בינען אַרום האָניק.

ווי געזאָגט, איז ער געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון מצוות־מעשיות און אַלץ נאָכן טעקסט פון שולחן־ערוך. ער פלעגט נישט האַלטן פון מנהג צו עסן שבועות אַ מילכיקע סעודה. און איך געדענק זײַנעם אַן ענטפער אויף דער פראַגע: „סטײַטש, ר' שמחה, דער מנהג ווערט דאָך געבראַכט אין רמ"א און אין ט"ז, ש"ך, מגן אַברהם, באר היטב און אַנדערע פוסקים?" און ער האָט געענטפערט תמימותדיק: „יום־טוב מוז מען עסן פליש — אויב נישט יום־טוב, ווען? 'אין שמחה אלא בבשר', איז וואָס, דער מנהג פון מילכיקס? נו, טרינק איך אויס פאַרן עסן אַ גלאָז זויערמילך, און יוצא". איך גיב איבער בוכשטאַבלעך שמחהס שפּראַך — „נו און טאָמער עסט מען נישט קיין בלינצעס, איז פסול די סוכה?"...

די נאַכט ווען מײַן פאָטער און מוטער ע"ה, מיט אונדזער גאַנצער משפחה, האָבן פאַרלאָזן אַמדור, זײַנען זיך געקומען געזעגענען כמעט די גאַנצע שטאָט. צווישן די וואָס זײַנען געקומען זיך געזעגענען איז אויך געווען ר' שמחה — ער איז געווען מײַן פאָטערס אַ פעטער — און דער פאָטער האָט געבעטן ר' שמחהן, ער זאָל אים בענטשן. עפּעס איז ער דאָך אַ כהן און נישט קיין הדיוט... איך געדענק ווי דער רב האָט זיך אָפּגערופן: נו, אַוודאי, אַוודאי, זאָל זײַן „כקורא בתורה"... ר' שמחה האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויף מײַן פאָטערס קאָפּ און האָט מיט טרערן אָפּגעזאָגט גאַנץ „יברכך"... און דער גרויסער עולם האָט געענטפערט — אָמן. מײַן פאָטער איז געבליבן פריילעך: דער כשרער כהן ר' שמחה האָט אים געבענטשט.

נאָך מײַן פאַרלאָזן אַמדור איז ר' שמחה אָוועקגעפאָרן קיין ארץ־

ישראל. זײַן אייביקער ווונטש איז געווען, זוכה צו זײַן גײן אין זאָקן אויפֿן הר־הבית — אַן אַספּיראַציע פֿון אַ כהן... אין יאָר 1908 איז געקומען אין אַרגענטינע אַ שליח פֿון ירושלימער „משגב לדך". ער האָט מיר געבראַכט אַ גרוס פֿון מײַן פֿעטער. — „פֿון שמחהן?" — פֿרעג איך אים. „אין 'מאה שערים' רופֿט מען אים אַפֿילו אונטער די אויגן ר' שמחה" — האָט מיר געענטפֿערט דער שליח. איך האָב זיך פֿון אים דערוווּסט, אַז אין ירושלים פֿלעגט מען ר' שמחהן רופֿן „רבי". ער איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון העכער הונדערט יאָר. זאָל ער האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן.

הענאָך ליכניאָווער. איך געפֿין פֿאַר מײַן חוב אויך צו דערמאָנען לטובה זײַן ברודער הענאָך ליכניאָווער. געוווינט אין דעם הויף ליכניאָווע. דער פּריץ פֿון הויף, פּאַן ליעכניצקי, פֿלעגט אים רופֿן „ספּראַווּעדליווי זשיד" (ערלעכער ייִד), ספּעציעל אין געלט־ענינים. האָט געבויט אין אַמדור דעם ערשטן מויער. אַ ייִד וואָס פֿלעגט לערנען עין־יעקב, מדרש און משניות. געווען בעל־שחרית אין ברעגמאַנס בית־מדרש. אַ טײַערער כשרער ייִד געווען. ער האָט געהאַט אַ סך קינדער, איינער פֿון זיי, אַלטער הענאַכס, איז געווען אַ למדן מופֿלג, אַן איידעם פֿון דעם אַדעלסקער רב. דאָ, אין אַרגענטינע, געפֿינט זיך די ייִנגסטע טאָכטער פֿון אַלטער הענאַכס. אויך געפֿינען זיך אַ סך פֿון הענאָך ליכניאָווערס משפּחה אין אַרגענטינע און נאָרד־אַמעריקע מיט דעם פֿאַמיליע־נאָמען קאַרפּ, אָדער קאַרפּאָוויטש. תנחום אפֿרון, פֿון דער קאָלאָניע ראש־פּינה (ענטרע־ריאָס), איז אויך אַן איידעם פֿון הענאָך ליכניאָווער.

אַברהם־שלמה צינעס — אַן אַלטער שטאָט־באַלעבאָס. אַ שאַרפֿער גמרא־למדן, אַ חריפֿותדיקער מוח און דערצו אַ ייִד אַ חכם און אַ פּיקח. צוליב די אַלע מעלות פֿלעגט ער שטענדיק אײַנגעלאַדן ווערן צו שווערע בוררות און גבירישע סיכסוכים. פֿון דער נאַטור נישט איבעריק קיין גוטער און אַ שטיקל קפּדן. דערבײַ אַ וויצלינג. מען פֿלעגט זאָגן אין אַמדור, אַז עס איז שווער אויסצוגעפֿינען צוויי זאַכן: ערשטנס, אַברהם־שלמה זאָל געבן אַ לאַך ווען עמעצער רעדט,

און צווייטנס, מען זאָל נישט לאַכן ווען אַברהם־שלמה זאָגט אַ וויץ. זײַן הויז איז געשטאַנען אין סאַמע ווינקל פֿון גראָדנער און וואָלקאָ־וויסקער גאַס. אויפֿן גאַנעק פֿון זײַן שטוב פֿלעגן זיך זומער צונויפֿ־קלײַבן די חשובע באַלעבאַטים און מען פֿלעגט זיך דאָרט מישב זײַן וועגן שטאָט־ענינים: בײַם דינגען די קאָראָבקע (אָפּצאָל אויף כשרן פֿלייש), וועגן אויפֿנעמען אַ נײַעם חזן, וועגן שיקן אַ דעלעגאַציע צום איספּראַווניק (שעף פֿון דיסטריקט), וועגן וואַלן אין שטאָט־דומע, אאַז״וו.

געווען איז ער דער בעל־קריאה אין ברעגמאַנס בית־המדרש. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער מיר געמאַכט אַ קאָנצעסיע — ער האָט מיר דערלויבט צו לייענען שבת אין בית־המדרש (די פּראַקטיק־ציע איז געווען צוליב קרובישאַפֿט), יום־כיפּור בײַם לייענען נאָך שחרית די פּרשה פֿון „אַחרי מות שני בני אַהרן״, פֿלעגט ער וויינען בדמעות שליש; פֿאַראַן אַן אָנדײַט אין די ייִדישע ספֿרים אַזוי צו האַנדלען, אַ סגולה, די קינדער זאָלן, חס־וחלילה, ניט שטאַרבן בײַם לעבן פֿון די עלטערן. אַברהם־שלמה האָט אָבער נישט געפֿועלט בײַ גאָט: זײַנע צוויי טעכטער זײַנען אים אָפּגעשטאָרבן, איבערלאָזנדיק קליינע קינדער. פֿאַרשטענדלעך זײַנען, בכן, זײַנע טרערן בײַם לייע־נען וועגן דעם טויט פֿון אַהרנס צוויי זין.

אַברהם־שלמה איז געווען אַ פֿײַערדיקער מתנגד. ווען איינער אַ בחור, וועלוול איטשע דעם זייגערמאַכערס אַ זון, איז געוואָרן פּלוצלינג אַ חסיד און פֿלעגט מאַכן העוויות און זשעסטיקולאַציעס בײַם דאַוונען, איז אַברהם־שלמה ניט געווען צופֿרידן, ער האָט דאַן געזאָגט: צוויי זאַכן זײַנען נישט גוט ווען מען טוט זיי צו פֿרי, טראָגן איז זייער גוט און נויטווענדיק פֿאַר ווײַבלעך און נישט פֿאַר מייד־לעך... חסידות איז אפֿשר גוט פֿאַר עלטערע מענטשן, אָבער נישט פֿאַר יונגע בחורים. זײַנע וויצן פֿלעגן זײַן זייער שאַרפֿזיניקע און טרעפֿלעכע.

ווען איך בין אַוועק פֿון אַמדור, איז ער שוין געווען אַ יורד און אָנגעקומען צו זײַנע קינדער. מײַן פֿאָטער ע״ה, ווען ער האָט באַקו־

מען, שוין דאָ, די ידיעה פון אַברהם־שלמהס טויט, איז אַרומגעגאַנגען עטלעכע וואָכן ווי אַן אָבל און זיך נישט געקענט טרייסטן.

משה טויבעס — דער צווייטער מאַן פון מײַן באָבע טויבע. געשטאַמט פון זאַמוט. אַ משכיל און אַ למדן מופלג נאָך אין יענער צײַט. אַ וווּנדערלעכער מנגן און אויסגעצייכנטער בעל־תפילה. זײַנע מוספים האָבן געהאַט אַ שם. ער פלעגט זאָגן הושענות מיט אַזוי פיל מתיקות, אַז אַלע מתפללים פון ברעגמאַנס בית־המדרש פלעגן וויינען צוזאַמען מיט אים. איך געדענק זײַן אימפּאָזאַנטע געשטאַלט, ווען ער פלעגט, אַרומגייענדיק אַרום דער בימה מיטן אתרוג און לולב אין איין האַנט און אַ סידורל אין דער צווייטער, זינגען „אערוך שיעי בבית שועי גליתי בצום פשעי", דערבײַ פלעגט ער בײַ יעדער פראַזע אויסשרײַען: „אוי, טאַטענקע זיסער, 'הושענא, דרשתיך בו להושיעי, הקשיבה לקול שועי' ".

געווען אַ כוהן און דאָך נישט קיין כעסן. פלעגט זיצן טאָג ווי נאַכט און לערנען מדרש רבה. געשריבן אַ פּירוש אויפן „מורה נבוכים". געטראָגן ברילן און אַ גאָלדענעם זייגער, שיינע, זויבערע בגדים און געפּוצטע קאַמאַשן. אין בית־המדרש בײַם דוכענען, איז ער געווען דער טאָן־געבער און אַלע כוהנים האָבן אים געמוזט נאָכזינגען. אַ תלמיד־חכם מיט אַלע מעלות. ייִדן פלעגן זאָגן, אַז עס רוט אויף אים די שכינה. יאָ, געווען אַמאָל דורות פול מיט תורה און חכמת־ישראל, דורות פון שיינע באַלעבאַטים לומדים. חבל על דאבדין!

אפרים אַבאַס — אַ קאָצקער חסיד, אַ טיפער למדן. פלעגט אײַנגעלאַדן ווערן אָפטער בײַ שווערע דינים פון בוררות. פלעגט טראָגן לאַנגע פאות ביז די אַקסלען. אין גאַס פלעגט ער זיי צונויפקניפּן און האַלטן זיי אונטער דער יאַרמעלקע. פלעגט זיצן איין נאַכט און לערנען אין חסידאַרניע פון זון־אונטערגאַנג ביז זון־אויפגאַנג, און פלעגט אָפּדאַווענען אין איין מינוט, כמנהג קאָצק. די אַנדערע נאַכט — זיצן און שפּילן אין קאָרטן, כהלכות גוברין יהודאין... זײַן

לומדות און פּיקחות האָט אויף אַלץ מכפּר געווען. זײַן חסידות האָט אים נישט געשאָט צו באַטייליקן זיך ווי אַ בורר בײַם מתנגדישן רב.

לײַבע אפּרון (לייבע חנה־עטעס) — אויפֿן נאָמען פֿון דער מו־טער. אַ פֿײַערדיקער קאָצקער חסיד. אַ למדן מופלג און אַ טיפֿער ידען אין דער חסידישער ליטעראַטור. פֿלעגט טרינקען בראָנפֿן 90ער מיט אַ טייגלאַז. ווען מ׳פֿלעגט אים אויפֿמערקזאַם מאַכן: ר׳ לייב, איר וועט זיך חס־וחלילה פֿאַרברענען דעם מאָגן! פֿלעגט ער ענט־פֿערן:־ „חס־ושלום, פֿון וואַסער ווערט מען פֿאַרברענט, ווײַל עס גייט פֿון דעם אַ פֿאַרע״. לייבע חנה־עטעס איז אָבער קיין מאָל נישט גע־ווען שיכור און פֿלעגט קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן צו מאַכן אַ ברכה ראשונה ואַחרונה.

ווען ייִדן פֿלעגן זיצן אויף דער ערד תשעה־באָב צו קינות, פֿלעגט ער אַרײַנגייען אין בית־המדרש מיט אַ רוט אין האַנט און אויסרופֿן: דעם וואָס וועט וויינען, וועל איך שמײַסן... זײַן פּרנסה האָט ער געצויגן פֿון מלמדות. מײַן ייִנגערער ברודער אַריה־לייב, איז געווען איינער פֿון זײַנע תלמידים.

לייבע־משה הושיעס — אַ ייִד אַ למדן מופלג, אַ מלומד אין וועלטלעכע זאַכן. באַזעסן גוט די רוסישע שפּראַך. אַ ידען אין „אוס־טאַור״ און געקענט כמעט אויף אויסנווייניק די אַלע געזעצן פֿון מי־ליטער־דינסט (ספּעציעל פֿון „ליגאָטעס״ — פּריווילעגירטע — פֿון רויטע, בלויע און ווײַסע בילעטן). פֿלעגט אַפֿילו וויסן וועגן אַלע געזעצן וואָס זײַנען אָפּהענגיק פֿון סענאַט און הייליקן סינאָד. פֿון וואַנען זײַנען געקומען צו דעם ייִדן יענע אַלע ידיעות? — אַ רעטע־ניש. לייבע משה הושיעס איז געווען אַ שווײַגער, שטיל ווי אַ טויב. שטענדיק אַרײַנגעקוקט אין אַ ספֿר, אַ בוך אָדער אַ צײַטונג. אויפֿן פּנים שטענדיק אויסגעגאָסן אַ קריטישער שמייכל... געווען אין דער אמתן אַ מבקר. ווען ער פֿלעגט ריידן מיט יחידי־סגולה וועגן וועלט־פּאָליטיק, פֿלעגן זײַנע פֿראַזעס זײַן קורצע אָבער אינהאַלטרײַכע, כמעט אַקסיאָמאַטישע. עס איז פֿאַרבליבן בײַ מיר אין זכרון אַ שמועס וואָס ער האָט געהאַט מיט מײַן פֿאָטער ז״ל, וועגן אַנטיסע־

מיטיזם. אין יענער צײַט פלעגט מען נאָך נישט באַניצן דאָס וואָרט אין אַמדור — איך צוויפל צי אין אַנדערע ייִדישע שטעטלעך — און לייבע משה הושיעס פלעגט ריידן וועגן שנאת־ישראל. איך בין דאַן געווען אַ ייִנגל פון 10 יאָר און איך האָב פון דעסט וועגן פאַר־שטאַנען דעם חילוק וואָס ער האָט פעסטגעשטעלט צווישן פאָלקס־אַנטיסעמיטיזם און רעגירונג־שנאה צו ייִדן. ער האָט זיך געטרייסט אַז אין רוסלאַנד איז די שנאה צו ייִדן נישט קיין פּראָדוקט פון רו־סישן פאָלק, נאָר פון דער רעגירונג, „די ממשלה פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן וועט לאַנג נישט אַנהאַלטן, און דאָס רוסישע פאָלק איז ניט יודאָפאָביש" — האָט ער צוגעגעבן. דאָס ערשטע מאָל האָב איך דאַן געהערט דעם דאָזיקן טערמין, און לייבע משה הושיעס האָט גלײַך געגעבן דעם מקור, דעם שורש פון וואָרט. ער איז געווען אַ סופר־מהיר. זײַן העברעיִשער סטיל איז געווען אַ מליצישער, אָבער אַ קלאָרער און זאַפטיקער. מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אַ פּאָר בריוו, וואָס ער האָט געשריבן פון אַמדור קיין אַרגענטינע צו מײַן פאָטער ז"ל, דאַטירט פון חודש אייר תרס"ב, און איך האָב באַוואונדערט יענעם ייִדישן מלומד מיט זײַן קערנדיקן העברעיִש. לייבע משה הושיעס איז געווען מער ווי אַ דילעטאַנט, ווײַל אַלץ האָט ער געקענט און געוווּסט כמעט גרינטלעך.

ער האָט געהאַט צוויי זין, און טעכטער. ישראל־חיים און יהושע —ביידע אָפענע מוחות. ישראל־חיים, דער עלטערער, איז געווען אַ שרײַבער אין דער „מיעשטשאַנסקע אופּראַוואַ" (דומע). באַזעסן אַ ליטעראַרישן סטיל אין רוסיש און דערצו אַ פּערלדיקע קאַליגראַפֿי־שע שריפט. קיין גרויסער חכם איז ער נישט געווען — און טאָקע צוליב דעם איז בטל געוואָרן אַ שידוך. דער כלהס פאָטער האָט אָפּגעשיקט די תנאים, ווײַל ישראל־חיים האָט פּורים גענומען אַ „קאָ־פּיטשקע" און האָט זיך צעפּלוידערט אין קעגנוואָרט פון צוקונפטיקן שווער. יהושע איז געווען געשטראָפט מיט דער מכה וואָס מען טראָגט אונטערן היטל... און אַזוי פלעגט מען אים טאָקע רופן אין אַמדור — יהושע פּאַ... געווען אַ בחור אַ למדן מיט חריפישע ניי־

גונגען. אַ טיפּער קענער פון דער רוסישער שפּראַך, אַ שאַרפער קאָפּ צו מאַטעמאַטיק; אַ כלי־נפלאה, ווי מען פלעגט זאָגן צווישן ייִדן אין יענער צײַט. געבליבן אַ דורכגעפאַלענער צוליב זײַן פיזישן פעלער.

שואל הינדע ראָכעס — אַ שיינער ייִדישער באַלעבאָס. געוווינט אין אַ גרויסער שיינער הויז, נישט ווײַט פון ברעגמאַנס בית־מדרש. געהאַט אַ גרויסע שניטקראָם, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך זײַן פרוי הינדע־ראָכע, אַ יוסטע באַלעבאָסטע. שואל פלעגט אַ גאַנצן יאָר זיצן אין וואַרשע ווי אַ קאָמיסיאָנער; פלעגט קומען בלויז אויף פּסח און סוכות. ער פלעגט טראָגן שטענדיק אַ האַרטן הוט מיט אַ גאָלדענעם זייגער. זײַנער אַ זון האָט געלערנט צוזאַמען מיט מיר אין חדר. טעוול „זשוליק" פלעגט מען אים רופן, צוליב דעם וואָס שפּילנדיק אין קנעפּלעך, אָדער ניס, פלעגט ער שטענדיק געווינען... הינדע־ראָכע איז געשטאָרבן פון אַ געבורט. איך געדענק ווי אַזוי אין שטעטל האָט מען געבלאָזן שופר, כדי צו פועלן אַז זי זאָל דאָס קינד געבוירן נאָכן טויט. עס איז דאַן געווען הושענא־רבה און די שטאָט איז געגאַנגען כאַדאָראָם: „הינדע־ראָכע וויל נישט אָפּגעבן דאָס קינד".

נאָך איר טויט איז חרוב געוואָרן די פאַמיליע. שואל מיט זײַנע קינדער האָבן זיך אַרויסגעצויגן קיין וואַרשע און אַמדור האָט פאַרלוירן אַ שיינעם באַלעבאָס.

מוניע חזה — אַ שיינער טיפּ פון אַ ייִדישן גביר פון אַמאָליקע צײַטן איז ער געווען. געשטאַמט פון אַן אַמדורער מיוחסדיקער משפּחה. דער אַמדורער הויף, וואָס האָט געהערט צו דעם פּוילישן גראַף קאָזלאָווסקי, איז נאָך דעם לעצטן פּוילישן אויפשטאַנד אַריבער צו מוניען. אַזוי, אַז גאַנץ אַמדור האָט געהערט צו מוניען, לויט די אַלטע פּוילישע געזעצן. אַמדורער ייִדן פלעגן דאַרפן צאָלן „פּלאַץ־צוווקע" — פּלאַץ־אָפּצאָלונג — צום באַלעבאָס פון שטאָט. די שטענדיקע דין־תורהס, קולות אין שול, דאָס שטערן לייענען האָט דערפירט דערצו, אַז מוניע זאָל זיך מיאש זײַן. ייִדן פלעגן נאָך

האָבן טענות, פאַר וואָס ער לאָזט ניט פּאַשען זייערע פערד, קי און ציגן אויף זײַנע לאָנקעס... מען פלעגט דערציילן אַן אַנעקדאָט פון דער צײַט פונעם אַלטן גראַף. פאַרן לעצטן פּוילישן „מיאַטיעזש" (אויפשטאַנד), פלעגן קומען פּוילישע פּריצים אין בית־מדרש אָדער שול, בײַם דאַווענען בעטן ייִדישע שטימען פאַר דעם אָדער יענעם קאַנדידאַט צו די פּראָווינציעלע וואַלן. חול־המועד סוכות נאָך שחרית, איז געקומען דער אַלטער קאָזלאָווסקי בעטן אַמדורער ייִדישע שטימען פאַר זײַנעם אַ קאַנדידאַט. פאַרשטייט זיך, אַז ייִדן האָט ווייניק אינטערעסירט די לאָקאַלע פּוילישע פאַרפּוילטע פּאָליטיק פון יענער עפּאָכע, וויסנדיק אַז דער „מאַסקאַל" (רוס) וועט באַלד פאַרנעמען די גראַדנער גובערניע. זיי איז נאָר געלעגן אין זינען די לאָנקעס אויף פּאַשע... אַ ייִדישער באַלעבאָס פון עטלעכע ציגן רופט זיך דאָן אָפּ צו קאָזלאָווסקין: „פּאַניע כראַביאַ, פּאַשאַ דליאַ קאָזי בענדזשע ?" (פּאַשע פאַר ציגן וועט זײַן?), און דער גראַף ענטפערט: „בענדזשע, בענדזשע" (עס וועט זײַן, עס וועט זײַן). דער ייִד זאָגט דאָן צום בעל־תּפילה: „נו, אַן ענדע, זאָגט הלל"... מען האָט דאָן געזאָגט, אַז אַלע ציגן האָבן געשטימט פאַר קאָזלאָווסקיס קאַנדידאַט...

איך האָב געקענט מוניע חזה, ווען ער איז שוין געווען אַ זקן. אַ ייִד אַ פאַרשוין מיט אַ גרייז־גרויער באָרד; געגאַנגען שטענדיק גלײַך און שטאָלץ. געווען אַ יודע ספר, געשריבן פײַן העברעיִש, גערעדט קאָרעקט פּויליש און רוסיש. געהאַט אַ נאָמען בײַ פּוילישע פּריצים. „פּאַן חזה" איז געווען אַ מאַרקע. געהאַט פיר טעכטער און איין זון. איין טאָכטער, צינע, האָט חתונה געהאַט פאַר לייזער שואלס, וועגן וועמען איך האָב געשריבן פריִער. זײַן טאָכטער מערי, זייער אַ קאַרגע, האָט גענומען זשאַמען (סערעברעניק), אַ זון פון אַ פּויליש־ייִדישן גביר, אַ יונגערמאַן אַ חסיד און אַ מושלם. געפירט אַ גבירישן סטאַט אין אַמדור. געהאַלטן הייפן און מילן. די דריטע טאָכטער, עטקע, שוין נאָך שלושים האָט זי חתונה געהאַט מיט איינעם אַ באַריס פון ביאַליסטאָק, אַ יונגערמאַן אַ פאַרשוין. פלעגט טראָגן שטענדיק אַ פעלערינע און ווינטער — אַ טכוירן פוטער. גע־

ווען געבילדעט אין ייִדישן און אוניווערסאַלן זינען.. אַבקע, זײַן זון, איז געווען פּולקאָם פֿאַראַליזירט. מוניע האָט געבראַכט פֿאַר אים אַ ייִדישע גובערנאַנטקע פֿון ווילנע, דייער אַסימילאַטאָריש געשטימט.

צווישן זיי איז געוואָרן אַ ליבע, וועלכע האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ חתונה... זייערער אַ זון געפֿינט זיך אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל. שאָשקע (אָדער סאָפֿיאַ), די פּערטע טאָכטער, איז אויך געווען פּאַראַליזירט.

מוניע האָט געוווינט בײַ זיך אין הויף. ער פֿלעגט דאַוונען אין ברעגמאַנס בית־מדרש. צו דער מגילה פֿלעגט ער קומען אין זײַן קאַרעטע, אָנגעפֿירט דורכן גויִשן קוטשער. שמחת־תורה פֿלעגט ער זײַן חתן־התורה און בײַ די ברכות פֿלעגט ער וויינען. ווען איך האָב פֿאַרלאָזן אַמדור, האָב איך אים נאָך געלאָזן תּיקף מיט זײַן גאַנצן סטאַט. טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ גביר, געוווינט אין אַ פּאַלאַץ מיט אַ גרויסן סאָד בײַם זײַט, האָט ער געפֿירט אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישן לעבן. זײַנע טעכטער אויך דאָס זעלבע. ערב פּסח פֿלעגט ער אַליין קומען צו פֿאָרן מיטן קוטשער צום רב, צו פֿאַרקויפֿן דעם חמץ. מען האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער איז געשטאָרבן, איז געקומען צו זײַן לוויה אַ ריזיקער עולם — ייִדן און גויִים. אַלע פּריצים פֿון די אַמדורער הייפֿן זײַנען געקומען אויפֿן בית־עולם אים מספּיד צו זײַן, אַ זאַך פֿון וואָס עס איז נישט געווען צופֿרידן דער אַמדורער רב. נאָך מוניעס טויט איז פֿון זײַן רײַכקייט גאָר נישט געבליבן.

דוד קאַנטאָרשטשיק, אָדער דוד שלום־לייזערס — דער זון פֿון שלום־לייזער ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט אין זײַנער צײַט געפֿירט די אַמדורער קהלשע פּאָליטיק און איז געווען דער פּרנס־חודש פֿון שטאָט. זײַן זון דוד, האָט געטראָגן דעם נאָמען „קאַנטאָרשטשיק", ווײַל דאָס הויז ווו עס איז געווען אייזשע מענדלס קאַנטאָר, איז געווען זײַנע. געווען אַ שיינער באַלעבאָס. באַקומען רוסישע און העברעיִשע צײַטונגען. געפֿירט אין די יונגע יאָרן אַ גבירישן לעבן. פֿאַרוווינט אַ שיינע הויז. אויף דער עלטער האָט ער זי פֿאַרדונגען

דער אַמדורער פּאַסט. געהאַט זעקס קינדער, זכרים. די מערסטע פון זיי עפּילעפּטיקערס און נישט קיין קליינע טיפּשים. איך האָב זיי אַלע געקענט. קיינער פון זיי האָט ניט געירשנט די מעלות פון טאַטן. דער אַמדורער חזן אלי צור, האָט אַ מאָל געזאָגט: „דוד קאַנטאָר־שטשיק איז אַ בעל־שם, ער שאַפט גולמס״... מען האָט אַ מאָל גע־רעדט אַ שידוך זיינעם אַ זון, ניסל, מיט איינעם משה בייק (ביק), אַן אַמדורער אַלטער אידיאָט... משה האָט נישט געוואָלט דעם שידוך, ווײַל ניסל האָט נישט געהאַט קיין שיינע גאַרדעראָבע...

אַ שאָד, וואָס דוד שלום ליזערס — אַזאַ שיינער באַלעבאָס — האָט נישט געלאָזן נאָך זיך קיין אינטעלעקטואַלן יורש. לויט אינ־פאָרמאַציעס וואָס איך האָב באַקומען נאָך מײַן איבערלאָזן אַמדור, איז ער געשטאָרבן עלנט און אָרעם.

משה־אַהרן שלום ליזערס — אַ ברודער פון דעם אויבן דער־מאָנטן. באַהאַוונט אין דער רוסישער ליטעראַטור, געלייענט אויך וויסנשאַפטלעכע ווערק, געפירט אַ גבירישן לעבן, געווען אַ ידען אין יידישע ספרים, באַזונדערס אין עין־יעקב. זײַן פרוי פייגע, האָט געהאַלטן אַ מין קליינע „דראָגעריאַ״... ער פלעגט זיצן דעם גאַנצן יאָר אין דער שטאָט יאַרמאָלינעץ; קומען נאָר אויף ימים־טובים. געטראָגן גאָלדענע ברילן, אַ הוט אַנשטאָט אַ היטל און אַ פּעלערינע. זײַן גאַנצער טואַלעט איז געווען מעשה־אַריסטאָקראַט. ווען ער פלעגט אויף יום־טוב קומען פון יאַרמאָלינעץ, פלעגט זיך דער עולם אַרומשטעלן נאָכן דאַוונען נעבן זײַן שטאָט אין ברעגמאַנס בית־המדרש, אָפּגעגעבן אים דעם געהעריקן שלום־עליכם און אויספרעגן אים וועגן די נײַס פון יענע מרחקים — ווײַטע לענדער. משה־אַהרן פלעגט באַריכטן — מעשה פּראָפעסאָר — וועגן די מדינות פון וואָ־לין, קאַמעניץ־פּאָדאָלסק, טולטשין און אַנדערע מקומות. איך גע־דענק, אַז איך אַלס יינגל, פלעג זיך אויך אַרײַנשפּאַרן צווישן די עלטערע און זיך צוהערן צו זײַנע דערציילונגען און זײַנע באַלײַכ־טנדיקע אינפאָרמאַציעס וועגן יעדער שטאָט מיט אירע היסטאָרישע פּאַסירונגען: וועגן שבתי צבי, יעקב פראַנק, דער בעל־שם, להבדיל

אַלף הבדלות, װעגן דער שטאָט קרעמעניץ מיט ר׳ יצחק־בער לע־װינזאָן און אַנדערע. װען דער עולם פּלעגט זיך צעגיין, פּלעגן איי־ניקע באַמערקן: „תורה וגדולה במקום אחד"... משה־אַהרן שלום ליזערס איז געװען אַ שײנער, מאָדערנער באַלעבאָס אין אַמאָליקן זינען — צו גאָט און צו לײַטן, װי עס פּלעגן זאָגן אַמדורער װײַבער.

לייבע מענדלס — אַ זון פון מענדל װאַטישטשינער און אַ שװאָ־גער פון אײַזשע מענדלס, װעגן װעמען איך האָב גערעדט אויבן. איך דערמאָן מיך, אַז װען מענדל װאַטישטשינער איז געשטאָרבן, האָט מען אים מספּיד געװען אויפן בריקל פון דער גרױסער שול, װאָס איז נאָך נישט געװען פאַרענדיקט, און ר׳ אַברהמל ר׳ מאַטעסעס האָט אויף אים אויסגערופן אין זײַן הספּד: „כי רחוק ממני מנחם משיב נפשי"... (מנחם־מענדל). לייבע מענדלס, האָט געהאַט זײַן שטוב נעבן גלח און האָט זיך געפירט מעשה גביר: אַ גאַנצן טאָג איז געשטאַנען דער סאַמאָוואַר אויפן טיש. כדי צו האָבן אַ באַגריף פון דער אַמאָלי־קער באַציִונג פון דעם פּוילישן קלער צו ייִדן, איז כדאַי צו דערמאָנען דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד: לייבע מענדלס האָט געבעטן די אינטער־װענץ פון גלח בײַ דעם גראָדנער איספּראַװניק לטובת זײַנעם אַ זון, װעלכער איז דאַן געשטאַנען צום פּריזיװ. ער האָט אים באַמערקט: עפּעס זײַנען מיר דאָך שכנים! אויף װאָס דער גלח האָט געענט־פערט: „זשיד ניע סאָנשאַד"... (אַ ייִד איז נישט קיין שכן). און דאָס איז שוין געװען דער טאָלעראַנטער קאַטױלישער פאָרשטייער.

לייבע מענדלס איז געװען ניט קיין פּראָסטער ייִד און האָט גע־געבן זײַנע קינדער אַ גוטע ייִדישע און װעלטלעכע דערציִונג, לױט די אַמדורער פאַרצײַטיקע אומשטאַנדן. זײַנע זין, גרױסע סוחרים, האָבן שפּעטער געלעבט אין קאָװנע, זײַנע טעכטער אין גראָדנע.

סענדער דער קליינער — מען האָט אים אַזוי גערופן, כדי אונ־טערצושיידן אים פון אַן אַנדערן ייִד, װאָס האָט געהייסן סענדער דער גרױסער. אין דער אמתן — אַ קליין־געװיקסיקער, שיין גע־קליידט, געהאַט דייער אַ שיינע שטוב אין צענטער פון גראָדנער־גאַס, מיט אַ געװעקסלטע פּאָדלאָגע — אַ צייכן פון גבירישקייט אין יענער

צײַט. דער צוריטער בית־המדרש פון שטאָט האָט געטראָגן זײַן נאָ־מען: סענדערס בית־מדרש... אין די לעצטע יאָרן פלעגט ער פאַר־דינגען זײַן שטוב צום דאָקטער פון שטאָט. ווען אין שטאָט פלעגן אײַנשטיין סאָלדאַטן, פלעגט איינער פון די „ראָטני קאָמאַנדירן" אײַנשטיין בײַ סענדער דעם קליינעם. סענדער האָט געהאַט אַ בחור וואָס האָט געקענט גוט לערנען און האָט זיך געקליבן פאָרן אין וואָ־לאָזשינער ישיבה. סענדער דער קליינער איז געווען אַ שיינער עקזעמפּליאַר פון אַמאָליקן ייִדישן באַלעבאַטישן טיפּ.

ליימע מרגלית — אַ ברודער פון אפרים אַבעס, און אין אַמדור פלעגט מען אים טאַקע רופן ליימע אַבעס. ווײַט פון לומדות און דייער נאָענט צו עם־הארצות... אָבער אַ ייִד אַ חכם, אַ שאַרפער קאָפּ מיט אַ שנעלע תפיסה און אָריענטאַציע. געוווינט פריִער אין אַ הויף ווי פּאָסעסאָר און דערנאָך אַרײַן אין שטאָט, אויסגעבויט אַ שיינע דירה און געפירט אַ באַלעבאַטיש גבירישן לעבן. געווען אַ שאַרפער וויצ־לינג, צײַטנווײַז אַפילו ציניש, אָבער באַפּעפערט מיט ייִדישן גע־שמאַק. בײַ שווערע סוחרישע סיכסוכים פלעגט מען אָפטער אײַנלאַדן ליימע אַבעס.

זײַן זון, שמואל ליימעס, פלעגט זיך אָפּגעבן מיט מעקלערײַ צווישן פּריצים: קויפן און פאַרקויפן הייפן, פעלדער און תבואות. די לעצטע יאָרן געהאַט אַ גרויסע שניטקראָם. געווען דער גבאי פון דער גרויסער שול.

אָבער אַלץ אין איינעם איז נישטאָ בײַ קיינעם: ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער. נישט געהאָלפן קיינערליי ברכות פון גוטע־ייִדן. איך געדענק, ווי אין אַמדור איז אַמאָל אַראָפּגעקומען אַ יאַמפּאָלער גוטער־ייִד, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מופלג מיט אַ גאונישן קאָפּ און דערצו געפּראַוועט חסידות, אַ טיש מיט שיריים מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַ זאַך וואָס איז כמעט אומדורכפירלעך געווען אין אַמדור אין יענע צײַטן, ווען דער גוטער־ייִד איז נישט געווען קיין גאון אין תורה.

דער יאַמפּאָלער גוטער־ייִד איז אין דער אמתן געווען אַ „צנא

מלא ספרא" — אַ קאַסטן פול מיט ספרים און דערצו אַ בקי אין אַלטע און נײַע שאלות ותשובות. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע אײַגנשאַפט צו זאָגן ראשי־תיבות גלײַך אויפן פלאַץ, "ראַפּטום", אויף יעדער נאָמען. איך געדענק אַז עס איז אַרײַן צו אים שלמה קאַסוי, אַ מלמד, וואָס פלעגט קוקן קאָסאָקע. ער איז געווען אַ חסיד און זײַן חסידות איז באַשטאַנען מײַנסטנס אין קענען טרינקען אַכציקער שפּיריטעס (ספּירט) אַזוי ווי וואַסער... דער יאַמפּאָלער פרעגט אים, נאָכן אָפּגעבן אים אַ שלום־עליכם, ווי אַזוי מען רופט אים? ענט־פערט ער: שלמה. גלײַך אויפן אָרט זאָגט ער אים: שלמה לא מן החסידים... עס גייט אַרײַן אַ ייִד, חיים ראובנס. — ווי הייסט איר? — חיים. און ער זאָגט אים: אין דער גמרא חולין איז פאַראַן, אַז ייִדן זײַנען בײַ גאָט באַליבטער ווי די מלאָכים, און "חיים" מאַכן — חביבין ישראל יותר ממלאכים... עס איז געבליבן אין מײַן זכרון פיל ראשי־תיבות, אַברעוויאַטורן, ווי אויך עפּיזאָדן פון יענעם גוטן־ייִד, אָבער נישט דאָ איז דער פּלאַץ אָפּצוגעבן זיך מיט די דערמאָנטע גימנאַסטישע אָפּעראַציעס...

דער גוטער־ייִד איז געבליבן אין אַמדור אויף פּסח און איז אײַנגעשטאַנען בײַ שמואל לײמעס. אפשר וועלן העלפן די צירופים ורמזים פון דעם חסידישן פאַרשטייער צו שמואל לײמעס קינדער־לאָזיקייט. נו, ברכות האָט דער רבי געגעבן מיט פולע הויפנס, באַ־זונדערע תפילות פאַרפאַסט און ספּעציעלע קמיעות געשריבן, אָבער שמואל לײמעס ייִדענע האָט געזאָגט אײן מאָל נייך, און זי האָט אויס־געפּירט...

לײמע אַבעס און זײַן זון שמואל — צוויי אַמאָליקע שיינע באַלעבאַטים פון מײַן שטעטל.

האָרע לאַשער. געוווינט האָט ער אַמאָל אין דאָרף לאַשע און דערפאַר האָט מען אים אַזוי גערופן. זײַן שטיבל איז געשטאַנען בײַם ראַנד פון שטעטל, נישט ווײַט פון גלחס הויף. זײַן ווײַב גאָלדע, איז געווען אַ מין זנאַכערקע: זי פלעגט אָפּקוועטשן "זאַוואַלקעס" (מיג־דאַלן) און "אויסגיסן וואַקס". איז בײַ אַ קינד געשוואָלן געוואָרן

די האַלדז, איז מען גלײַך געלאָפן צו גאָלדע האַרעס, אָדער „גאָלדע די גרויסע“, ווי מען פלעגט זי רופן. זי פלעגט אַרויסנעמען איר בלעכענעם לעפל, אויפגעעפנט דאָס מויל פון קינד און גלײַך אָנגעזאָגט דער מוטער: „פעשענקע קרויז, צוויי זאַוואַלקעס ווי ׳בולבעס׳ “. נאָכהער פלעגט זי אײַנטונקען דעם שוואַרצן פינגער אין רויזן־האָניק, אַרײַנגערוקט דעם קינד אין העלדזל, געריבן אין אַלע זײַטן — דאָס קינד פלעגט ווערן גרין און בלוי, געשריִען פון ווייטיק און זיך צונויפגעדרייט אין דרײַען. גאָלדע פלעגט ממזריש אַ דריי טאָן מיטן אייגל, אויסשפּײַען דרײַ מאָל און זאָגן: „פּע, אַ מיאוסקייט פון אַ קינד“ — דאָס איז געווען אַ סגולה צו אַן עין־הרע. ווען אַ קינד פלעגט ווערן בלייך, מאָגער, פלעגט אײַנגייך, פלעגט די מאַמע לויפן צו גאָלדע האַרעס „אויסגיסן וואַקס“. גאָלדע פלעגט נעמען אַ פענדל, שוואַרץ פון סאַזשע, און פלעגט דאָרט עפּעס וואַרעמען. דערווײַל פלעגט צווישן דער מאַמען און גאָלדען אָנגיין אַזאַ דיאַלאָג:

גאָלדע: זיך אַרומגעשלײַעט אין די גאַסן?

די מוטער: גאָלדעלע, האַרצעלע, נישט אײַנצוהאַלטן אים אַ רגלע אין שטוב; טאָג ווי נאַכט אין מאַרק.

גאָלדע: געווען נעבן די נאָוואָבראַנצעס?

די מוטער: בײַ מיר פון מויל אַרויסגענומען, כאָטש נעם און שיס מײַנע שונאים; איך שילט, אַז „אויסגעקאָרנייעט“ זאָלן מײַנע שונאים ווערן; איך פלעם און ער טוט זיך זײַנס; אַ קליפּה זיצט אין אים.

גאָלדע: ווײ און ווינד, געקענט פּטרן דאָס יִנגל, נישט אויסגערעדט זאָל זײַן.

גאָלדע נעמט־אַראָפּ דאָס פענדל מיטן צעלאָזענעם וואַקס און גיסט עס אַרײַן אין אַ בלעכל איבערן יִנגלס קאָפּ. דערבײַ קוקט זי מיט אַ מיסטעריעזע מינע אויף דער מוטער. און אַרײַנקוקנדיק אין בלעכל מיטן שטיק געדרייטן און געשלענגלטן וואַקס, שרײַט זי אויס: „איר זעט שוין! איבערגעשראָקן דאָס קינד! פייגעלעך מײַנע, נאָט

זעט אַליין: אַ שיכורער יונ... אַ בראָך אויף אים, זעט נאָר ווי שיכור, אײַנגעבויגן, קען זיך נישט האַלטן אויף די פּיס, דאָס הייסט אָנגע־פּיאַנעוועט!... אָ, מאַמעלעך מײַנע". גאָלדע די גרויסע האָט געזען באַשיימפּערלעך: —נאַט, זעט דעם שיכורן נאָוויבראַניעץ, ווי ער שטייט אײַנגעבויגן, אָט, אַ מין פּיאַניצע! — „הערט זיך אײַן — זאָגט זי צו דער מאַמען — איבערגעשראָקן דעם ייִנגל, דאַנקען דעם וואָס איך האָב די הענט נישט געוואַשן (געמיינט גאָטס נאָמען, וואָס מען טאָר נישט דערמאָנען מיט אומגעוואַשענע הענט), פֿאַרכאַפּט צו דער צײַט. ביילינקע, פּייגעלע, האַלטן למעה"ש אין שטוב און געבן אַ ביסל וואַרעמע קרויט יעדן ערב ראש־חודש, און דער ייִנגל וועט אויפֿהערן צו דאַרן און סקוואַרן". נישט שײַך צו זאָגן — גאָלדע האָרעס איז אַ מאַדים אויף אויסצוגיסן וואַקס, אַן אמתע זנאַכערקע.

האָרע לאַשער איז געווען אַ ייִד אַן עם־הארץ. איך צוויפֿל, צי האָט ער פֿאַרשטאַנען פּירוש־המילות, און דאָך פֿלעגט ער לויפֿן צום עמוד. יום־טוב בײַ נאַכט, ווען ער פֿלעגט מאַכן קידוש אין בית־המדרש, פֿלעגן בײַ אים אַרויסקומען די ווערטער „מכל עם" — מיקוליום, און דער עולם פֿלעגט שמייכלען גוטמוטיק. תשעה־באָב, צו קינות, אין דער פֿרי, פֿלעגט ער וויינען מיט ביטערע טרערן בײַ דער קינה „שכורת ולא מיין", נישט וויסנדיק איר אינהאַלט. אָבער געווען איז ער אַ ייִד מיט אַ וואַרעמע ייִדישע האַרץ; אַ שרײַער און שטענדיק זיך געבייזערט. אין ברעגמאַנס בית־המדרש, ווו ער פֿלעגט דאַוונען, פֿלעגן ייִדן איבערחזרן זײַן ווערטל אויף דעם פּיוט פֿון שמיני עצרת בײַ גשם, אף ברי אתת שם שר מטר: אויף ביערי און טאַס אין קעשענע... אין אַ ווינטערדיקן פֿרײַטיק פֿאַר נאַכט איז ער געפֿאָרן צוזאַמען מיט נאָך ייִדן פֿון גראָדנע אַהיים. ווי דער שטייגער, האָט זיך דער שטן אין מיטן אַרײַנגעמישט, און אַלע ווײַלע פֿלעגט עפּעס פּאַסירן: דאָ קערט זיך איבער דער שליטן, דאָ פּלאַצט אַ סור־פּאַניע, און מיט אַ מאָל — צעבראָכן די דוהע. גוואַלד! מעשה שטן, מען וועט נאָך חס־ושלום מחלל שבת זײַן — אל תפתח פה לשטן — און דאָ שטעלט זיך אויף האָרע און שרײַט־אויס, קוקנדיק צום הימל:

„מיט וועמען שפּילסטו זיך, מיט האָרען? האָרע פאָרט אום שבת אויך, נו, וואָס ווערסטו דאָ אויספירן, האַ?".

האָרע לאַשער איז געשטאָרבן אַ פרײַטיק־צו־נאַכטס. זײַן קבורה איז פאָרגעקומען שבת־צו־נאַכטס. דעם גאַנצן שבת בײַ טאָג האָבן ייִדן אין בית־מדרש געשמועסט צווישן זיך וועגן האָרעס פאַרדינסטן. אייניקע האָבן געזאָגט: געווען אַ שרײַער אַ ייִד, אָבער אַ וואָרעמער ייִד; אַנדערע — אַ צו ביסטרער; סך־הכל, אַ שאָד, ער וועט פעלן אין בית־מדרש. שבח פאָסרעדניק, אַ ייִד אַ פאַרביטערטער פון על־טער און אָרעמקייט, האָט גענומען אַ שמעק טאַבאַק און באַמערקט: „האָרע וועט נישט פאָרן אום שבת, ער וועט וואַרטן ביז נאָך הבדלה... דאָרטן, — ווײַזנדיק מיטן פינגער צום הימל — פאָרט מען נישט, מען טראָגט, און דאָס, נאָר אין דער וואָכן"... לייזער מאָס, אַ ייִד אַ זקן, אַ שטיקל בעל־מגזם און אַ וויצלינג, האָט פאָטאַקעוועט שבחס ווערטער און פאַרענדיקט, ווי זײַן שטייגער, מיט אַ וויץ.

מאָטע־משה אלעזרס. — באַלעבאַטים פלעגן אים רופן מאָטע־משה אלעזרס אויפן נאָמען פון זײַן טאַטן, אַ ייִד אַ גביר, אַ תקיף און אַ שיינער באַלעבאָס, וועמען איך האָב נישט געקענט. עלטערע ייִדן פלעגן פון אים דערציילן אַנעקדאָטן. מאָטען פלעגט מען רופן „מאָ־טע דזשענטשיק". איך ווייס נישט דעם מאָטיוו פון דעם צונאָמען. זײַן פרוי האָט געהייסן גוטע משה אלעזרס, אָדער „גוטקע די גראָ־בע". נישט געהאַט קיין קינדער. מאָטע־משה אלעזרס איז געווען אַ קהלשע קליאַמקע. אומעטום זיך געמישט. געלעבט אין זכות פון זײַן אויטאָריטעט טאַטן. געווען אַ ייִד אַ שרײַער און נישט קיין קליינער חצוף. צו אָרעמע פלעגט ער זיך באַציִען מיט פאַראַכט און נישט איין מאָל געכאַפּט קלעפּ פאַר זײַן גאווה. ער האָט געבויט די גרויסע שול און דעם גרויסן בית־המדרש נאָך דער גרויסער שרפה. מען פלעגט מורמלען, אַז נישט אומבאַצאָלט.־ איין זאַך איז אָבער זיכער: ער האָט געריסן פון טויטע און פון לעבעדיקע און האָט דאָך אויס־געבויט בײדע מקום־קדושס, וועלכע זײַנען געווען אַ צירונג פאַר אָמדור און אַ בײַשפּיל פאַר אַנדערע קליינע שטעטלעך פון גראָד־

נער גובערניע. מאָטע־משה אלעזרס איז געווען אַ ייִד נישט קיין יודע־ספר, אפשר אַ פּראָסטאַק, אָבער דאָך, געווען אַ עקזעמפּליאַר פון אַ ייִד אַן עסקן, וואָס האָט געטאָן פּאָזיטיווס אין מײַן געבוירן־שטעטל. זאָל זײַן נאָמען אויך ווערן פֿאַרצייכנט אין מײַנע מעמואַרן. ער האָט געהאַט אַ ברודער, וועמען מען האָט גערופן חיים משה אלעזרס. געהאַט אַ שטוב נעבן ברעגמאַנס בית־המדרש. געווען אַ ייִד אַ קמצן און נישט איבעריק סימפּאַטיש. זייער ווײַט פון תורה און וויסן. אין זײַן סעדל, נעבן הויז, פלעגן אַרומשפּאַצירן זײַנע שיינע טעכטער. צווי זין זײַנען אַוועק, נאָך פאַר מײַן צײַט, אין אַמעריקע. ער האָט זיך גערעכנט פון די אַמדורער יוסטע באַלעבאַטים.

חיים־הערשל ישראל יאַנקלס. — מען פלעגט אים רופן חיים־הערשל „סראַיאַנקלס". געהאַט זײַן גרויסע שיינע שטוב סוף די ייִדי־שע גאַס און אָנפאַנג פון דער גויִשקער. געווען אַ ייִד נישט קיין אי־בעריקער חכם. זײַנער אַ ברודער מיטן נאָמען „משה בייק", איז גע־ווען דער שטאָט־אידיאָט. חיים־הערשל איז געווען אַ תבואה־הענד־לער און געפירט אַ ייִדישן סטאָט. זײַנע קינדער זײַנען נישט געווען קיין פּראָסטע. אַלטער, זײַן עלטערער זון, האָט געפירט אַ שיינעם ייִדישן באַלעבאַטישן לעבן. מען קען אויף אים זאָגן: געווען אַ „בעל בעמיו" אַנשטאָט אַ „בעל־גוף"...

ראובן בירברײַער. געהאַט אַ ברויז פון ביר, און דאָס איז גע־ווען די איינציקע לאָקאַלע אינדוסטריע וואָס עס האָט פאַרמאָגט אַמ־דור. ראובנס ביר האָט זיך גערעכנט אין מײַן שטאָט ווי „חמר מדי־נה" און געווען אַ גאַנץ גאַנגבאַרע משקה, באַזונדערס ווען זי איז געווען פריש; געקאָסט אַ זעקסער אַ פלאַש. געווען נאָך אַ סאָרט ביר, וואָס מען פלעגט ברענגען פון גראָדנע, פון קונצס פאַבריק, אַ פיל בעסערער; מען פלעגט עס רופן אין אַמדור „באַריש ביר". ס'איז געווען אַ מחלוקת־השיכורים וועגן אָפּשטאַם פון דעם נאָמען: אייניקע האָבן געזאָגט אַז זײַן מקור איז פון דעם וואָרט „באַריש", ד"ה, די משקה וואָס מען טרינקט ווען מען שליסט אַן עסק — טרינ־קען באַריש; אַנדערע האָבן באַשטימט, אַז זײַן שורש איז פון „בײַ־

ערן" און דאָס הייסט „בײַעריש ביר". אין דער אמתן, אַ שווערע סוגיא... ישוע־ווּעלוול דער קצב פלעגט זאָגן: „אָן אַפּקע מינע, (נפקה־מינה) אויף בײדע מאַכט מען „שאַקל" (שהכל)".

בײַ ראובנען אין ברויז פלעגט מען אויך קויפן שיטערע הייוון צו באַקן „פּאָדליעס" פון דרוגוי מעל (צווייטע קלאַס). ווען דער סאָרט ברויט פלעגט אַרויסגיין זויער און ביטער, פלעגן פליִען קולות אויף ראובנס חשבון: „אַזאַ יאָר אויף אים, וואָס פאַר אַ הייוון ער האָט אונדז פאַרקויפט; עס זאָל אים אַזוי בורען אין בויך ווי עס בורעט מיר פון זײַנע הייוון".

ראובן בירברײַער האָט געהאַט זײַן „זאַוואָד" לעבן אַמדורער טײַך. פּסח־צײַט, ווען דער טײַך פלעגט אַרויסגיין פון זײַנע ברעגן, פלעגט ער פאַרטרינקען אויך די פאַבריק. עס פלעגט זײַן בײַ אים אַ גאַנצער ענין ווען ער פלעגט דאַרפן פאַרקויפן דעם חמץ ערב פּסח. עפּעס איז דאָך דאָס ביר, גערשטן, מאַלץ, אַ תבואה פון די חמישה מינים, הימל עפן זיך...

ראובן איז נישט געווען קיין יודע־ספר און כמעט בײַם גרענעץ פון עם־הארצות, אָבער געווען אַ ייִד אַ פײַנער באַלעבאָס און פרע־טענדירט צו קריגן אַ פעטע עליה. האָט פאַסירט איין מאָל, אַז ניאָמע עלקעס, דער בעל־קריאה פון ברעגמאַנס בית־מדרש האָט אים אויס־גערופן צו רביעי אין פרשה פנחס, דאָרטן ווו עס האַנדלט זיך פון די בנות צלפחד און ווו עס זאָגט זיך: איש כי ימות ובן אין לו... ואם אין לו בת... ואם אין לו אחים... נו, שטעלט זיך פאָר ראובנס רוגזה: וואָס ? „אויסמאַרײַען" און אויסשטיקן אַ גאַנצע פאַמיליע ? הכלל, ראובן האָט זיך אָנגעבלאָזן און עס האָט געהאַלטן אַז ער זאָל נישט קומען דאַוונען אין בית־מדרש. מען האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין מיטן און פרשה מטות איז ניאָמע עלקעס נישט אַרויף לייענען; זײַן פּלאַץ האָט פאַרנומען מײַן ברודער דוד ע"ה, נאָך דאַן אַ בחור. ער האָט מפייס געווען ראובנען, געבנדיק אים ששי, די פרשה וואָס פאַנגט זיך אָן: „ומקנה רב היה לבני ראובן ולבני גד" — און די בני ראובן...

האָבן פֿאַרמאָגט אַ סך פּי. געפּטרט אַן עסק... ראובן האָט זיך גע־שטעלט אויף די פֿיס; ער מיט זײַנע קינדער זײַנען געוואָרן עשירים, געלייענט בפּירוש אין דער תורה... אַן אײַנפֿאַל פֿון מײַן ברודער ע״ה האָט פֿאַרריכט ראובנס מערכה.

ראובן האָט געהאַט צוויי זין און אַ טאָכטער. אַלע לײַטישע מענטשן. די טאָכטער האָט חתונה געהאַט גלײַך נאָך שלושים, פֿאַר אַ פֿײַנעם יונגנמאַן. זי איז געשטאָרבן פֿון אַ קימפּעט. אין דער זעלביקער וואָך איז געשטאָרבן אייזשע מענדלס אַ שנור, אויך פֿון אַ קימפּעט. „חטאים אין שטאָט! יונגע מאַמעס גייען־אַוועק פֿון דער וועלט צוליב פֿרעמדע זינד״... האָט מען אָנגעהויבן צו זוכן אין שטאָט... געפֿונען האָט מען גאָר נישט.

ווען ראובן בירברײַער איז געוואָרן קראַנק, איז געקומען זײַן עלטערער זון חיים, מבקר־חולה זײַן דעם טאַטן. דאַכט זיך, גאַנץ פֿײַן... נו, איז ער אָבער, געקומען מיט דער ווײַב און קינדער אויך. אָבער דער ייִנגערער זון האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אָט דער סופֿער־כּיבוד־אָב טראָגט אַ ריח פֿון ירושה... חיים ראובנס איז געווען אַ נצרך. עטלעכע טעג נאָך דעם איז אָנגעקומען אַ וואָגן מיט בעבעכעס — חיימס שירים פֿון דאָרף. אַבקע האָט אָנגעהויבן צו פּראָטעסטירן, און דערווײַל איז ראובן אַוועק אויף יענער וועלט. אין שטאָט האָט מען קאָמענטירט דעם פֿאַל. אייניקע האָבן געטאַדלט חיימס האַנדלען, אַנדערע האָבן אויסגעטײַטשט: „אַ בכור, אים קומט דאָך פּי שנים — צוויי טייל פֿון דער ירושה; אַ טאַטע פֿון קינדער; אַבקע איז נאָך אַ בחור״. אַן אַנדער ייִד האָט געשריִען אין בית־המדרש: „שטײַץ! פּשוט געקומען מיט אַ בולאַווע און פֿאַרכאַפּט, פֿע! אַ שאַנדע״. אָבער לסוף איז חיים ראובנס געוואָרן דער יורש פֿון דער ביר־ברויערײַ... געקומען נאָך שבעה אין בית־מדרש צו נחום־אַבלים, פֿאַרנומען דעם טאַטנס שטאָט, און, וזרח השמש ובא השמש... חיים ראובנס האָט פֿאַרנומען ראובנס פּלאַץ און די שטאָט האָט זיך געאַמפּערט, ביז מען האָט דעם ענין פֿאַרגעסן. אַבקע מיט חיימען און אויך ישראל קאַ־

לעניצער, ראובנס אַן איידעם, אַ גרויסער קבצן, האָבן זיך געמשפּט ביז מען האָט זיך אויסגעגלײַכט. ווען איך האָב פאַרלאָזן אַמדור, איז שוין חיים ראובנס געזעסן אין דער ביר־ברויערײַ ווי אַן אַלטער באַלעבאָס.



אַמדורער רבצין דינה מישקאָווסקי, די פרוי פון ר׳ ברוך און טאָכטער פון ר׳ אַברהם עזרא ע״ה (קרובה פון דער פאַמיליע אפרון)

# מײַנע עלטערן, עליהם השלום

עס וואָלט געווען אַ זינד פון מײַן זײַט, שרײַבנדיק זכרונות וועגן מײַן שטעטעלע אַמדור און אירע פאַרבנרײַכע טיפן, נישט צו דערמאָנען מײַן משפחה, און קודם־כל, מײַן טאַטע־מאַמע ז״ל. איך בין אַוועק שוין העכער 55 יאָר פון אַמדור, פון וועלכער עס איז שוין איצט לײדער, נישט געבליבן קײן שריד־ופליט, דאָך בין איך צוגעבונדן צו איר מיט מײַנע רמ״ח אברים און שס״ה גידים. איך האָב שוין אין אַרגענטינע זין און אייניקלעך געבוירן דאָ אין לאַנד, צו וועלכער איך בין צוגעבונדן מיט לײַב און נשמה און מיט וועלכער איך בין שטאַרק אידענטיפיצירט, און דאָך קען איך נישט, אַפילו אויף איין מאָמענט, אַרויסרײַסן פון מײַן זכרון דעם אָנדענק פון יענעם קלײנעם שטעטל, אין וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן, אויפגעוואַקסן, באַקומען מײַן ייִדישע דערציִונג און אויסגעפורעמט מײַן באַשײדענע פערזענלעכקייט. אַמדורער שול, אירע בתי־מדרשים, איר ישיבה, אירע רבנים און לומדים, אירע באַלעבאַטים, שוסטערס, שנײַדערס און אַנדערע בעלי־מלאכות, אַלץ און אַלע זײַנען מיר אײַנגעבאַקן אין האַרצן. מײַן גאַנצן ייִדישן „איך" בין איך אָבער שולדיק נאָר מײַן טאַטע־מאַמע ע״ה; צו זייער הייליקן אָנדענק ווידמע איך די דאָזיקע זכרונות און וועגן זיי שרײַב איך דעם קאַפּיטל.

מײַן פאָטער ז״ל, אַ זון פון ר' דוד און אַן אייניקל פון ר' מרדכי ציִנעס, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן אין אַמדור „ר' מאָטשע ציִנעס". דעם בײַנאָמען „ציִנעס" האָט ער באַקומען פון דער עלטער־באָבע ציִנע, וועלע איז געווען די גרינדערין פון דער משפחה אפרון וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „ציִנקאָוויטשעס". איך געדענק ווי

מען פלעגט זאָגן, אַז די צינקאָוויטשעס דאָס זײַנען די „צאַרסקע פּאַ־מיליע". איך קען ווינציק שרײַבן וועגן מײַן עלטער־זיידן ר' מאָטשע צינעס, ווײַל שוין מײַן פאָטער ז"ל איז געווען אַ נאָמען נאָך אים. אַמדורער זקנים פלעגן דערמאָנען ר' מאָטשע צינעס מיט גרויס יראת־הכבוד. לויט זייערע ווערסיעס, איז ער געווען דער גרעסטער גביר פון יענער צײַט און דער חשובסטער באַלעבאָס פון אַמדור; מען פלעגט צוגעבן: „תורה וגדולה במקום אחד". ער האָט געהאַט זעקס זין, פון וועלכע מײַן זיידע ר' דוד ז"ל, איז געווען דער יינגסטער. גאָר אַלטע אַמדורער ייִדן פלעגן מיר שטענדיק זאָגן: „עס איז גע־ווען אוממעגלעך צו קוקן אין פנים דײַן זיידן... די זון האָט געשײַנט אין זײַן צורה". מײַן פעטער און רבי ר' אַברהמל ר' מאָטעסעס — וועגן וועמען איך שרײַב באַזונדער — האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: דײַן זיידע דוד ע"ה, איז פשוט געווען „כי קרן אור פניו", „שופריה דדוד כשופריה דיעקב אָבינו" (עס האָט געשײַנט די ליכטיקייט פון זיין פנים, און זײַן שיינקייט איז געווען גלײַך צו די פון יעקב אָבינו, — אַן אויסדרוק אין תלמוד). מען האָט מיר דערציילט, אַז מיט הונ־דערט יאָר פריִער פלעגט ער שוין טראָגן אַ גאָלדענעם זייגער, אַ קאַפּעלוש מיט קאַלאָשן, אַ צייכן פון גבירישקייט און עלעגאַנץ פון יענער צײַט. ער פלעגט אַרומפאָרן אין די רוסישע גרויסע שטעט ווי אַ קאָמיסיאָנער און האָט געפירט אַ גבירישן סטאַט. מײַן באָבע טויבע ע"ה, איז געווען אַ טאָכטער פון זײַן עלטערן ברודער משה ע"ה. ער איז געשטאָרבן אין קיִעוו, ווען מײַן פאָטער ז"ל איז אַלט געווען 11 יאָר. דער מאַקאַראָווער גוטער־ייִד פון יענער צײַט האָט זיך אויסגעדריקט בײַ זײַן פטירה: „אים האָט פאַרשאָט דער כבוד פון דער וועלט". מײַן זיידע ע"ה, איז געווען אַ פײַערדיקער מתנגד, און עס איז צו באַוווּנדערן אַזאַ מין רעספּעקט פון אַ חסידישן גוטן־ייִד פון יענער צײַט. זײַן שוועסטער עטשע, איז געווען די פרוי פון ר' אַברהם עזרא ז"ל. איר נאָמען אַלס „די אַלטע רביצין" איז גע־ווען פאַרהייליקט אין גאַנץ אַמדור. מײַן באָבע טויבע — מען פלעגט איר רופן אין אַמדור „די קלוגע טויבע" — האָט נאָכן זיידנס טויט

חתונה געהאַט מיט ר׳ משה, וועגן וועמען איך שרײַב באַזונדער, אין די זכרונות פון די אַמדורער לומדים.

ווען מײַן פאָטער ז״ל איז געוואָרן אַ יתום, האָט אים צוגענומען צו זיך דער גרויסער ר׳ אַברהם עזרא ע״ה — אַ באַזונדער קאַפּיטל שרײַב איך וועגן אים —, זאָגנדיק: מײַן דודס קינד מוז זיך האָדעווען בײַ מיר; איך גלייב קיינעם נישט...

אַלע מײַנע זכרונות וועגן דאָזיקן גרויסן צדיק האָב איך באַקומען פון דעם ערשטן קוואַל — פון מײַן פאָטער ז״ל. ער פלעגט דערמאָנען זײַן נאָמען מיט יראת הכבוד והתרוממות.

מײַן מוטער ע״ה — אַ טאָכטער פון ר׳ יהודה סערהיי, אַ ייִד אַ למדן, צו וועמען מען פלעגט שיקן חתנים צום פאַרהערן; געוווינט אין שישלעוויץ און איז לאַנגע יאָרן געווען דער אַרענדאַטאָר פון דער קאַלאַנויער מיל. מען פלעגט אים רופן „יהודה דער חכם". מײַן פעטער און רבי ר׳ אַברהמל ר׳ מאָטעסעס, וועלכער האָט גענומען פאַר אַ פרוי מײַן זיידנס שוועסטער — די מומע חיה ע״ה — האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: „ר׳ יהודה חכם לכשירצה"... (אַ תלמודישער אויסדרוק וועגן דעם תנא ר׳ יהודה, וואָס וויל זאָגן: ר׳ יהודה איז אַ חכם ווען ער וויל...).

איך האָב אים געקענט, ווען איך בין נאָך געווען גאָר אַ קינד. פון דער נאַטור איז ער געווען נישט גאָר קיין גוטער, אָבער זייער אַ קלוגער; כל ימיו געאַרבעט שווער אין מיל אויף צו שפּײַזן זײַן גרויסע משפּחה פון ייִנגלעך און מיידלעך, איינע פון וועלכע עס איז געווען מײַן אומפאַרגעסלעכע מוטער, די גרויסע צנועה און צדקת פעשע ע״ה. מײַן באָבע פון דער מוטערס צד האָט געהייסן גיטל ע״ה און איך טראָג איר נאָמען. וועגן דער סמיכות־הפרשה פון מײַן נאָמען ידידיה מיט דער באָבעס נאָמען גיטל, איז נייטיק צו זאָגן עטלעכע ווערטער. מײַן נאָמען האָט געדאַרפט זײַן „גאָטליב", אַ נאָמען וואָס אין דער ליטע פלעגט מען אַריבערפירן פון אַ פרויִשן אויף אַ מאַנצבילשן — פון גיטל, גאָטליב. האָט פּאַסירט אַז אין גראָדנע איז געווען אַן „אַגרימענסאָר" מיטן נאָמען גאָטליב, וועלכער פלעגט

שוין אין יענער צײַט פֿאַרן אום שבת. נו, היתכן, איך זאָל טראָגן דעם זעלביקן נאָמען פֿון דעם מחלל שבת בפרהסיה? — עפּנטלעכער פֿאַרשווערער פֿון שבת — היה לא תהיה... און מײַן פֿעטער און רבי ר׳ אַברהמל ר׳ מאָטעסעס האָט געמאַכט אַ פּשרה, מען האָט איבערגעזעצט דעם נאָמען גאָטליב אויף ידידיה, און אַלץ איז געוואָרן אין אָרדענונג: איך טראָג מײַן באָבעס נאָמען, אָבער נישט גאָטליב, נאָר ידידיה, אויף צו להכעיס יענעם מחלל שבתניק... זאָל אַ טריפֿניאַק וויסן...

מײַן טאַטע און מאַמע האָבן חתונה געהאַט אין אַ גליקלעכער שעה; ער, צו פֿופֿצן און זי, צו זיבעצן יאָר. בײדע צוזאַמען זײַנען געווען די גרינדערס פֿון אונדזער משפּחה אפרון, פֿון וועלכער איך בין אויך אַ צווײַג. מיר זײַנען געווען נײַן ברידער און איין שוועסטער. מײַן עלטערער ברודער דוד ע״ה, אַ למדן מופלג, אַ סופר מהיר (פֿעיִקער שרײַבער), און אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון ערדאַרבעט; געקומען צוזאַמען מיט אונדזער גאַנצער משפּחה, ווי קאָלאָניסטן אין ענטרע־ריִאָס דורך דעם באַראָן הירש, אין יאָר 1895 און געבליבן דער אמתער עובד אַדמה במשך 45 יאָר, נישט פֿאַרבײַטנדיק זײַן פּרנסה אויף איין מאָמענט; שטענדיק אַן עניוו, אַ נחבא אל הכלים — באַשיידן, און נישט געזוכט קיין גליקן; בײַ טאָג געאַרבעט שווער און בײַ נאַכט געלײיענט און געלערנט; נישט געוואָלט פֿאַרן קיין בוענאָס־אײַרעס, אַפֿילו ווען ער האָט באַדאַרפֿט אַרויסנעמען די „טיטולאָס" אויף זײַן קאַמפּ (פֿעלד). ער האָט מיר איבערגעשיקט אַ באַפֿולמעכטיקונג אונטערצושרײַבן פֿאַר אים. מיט זײַן שטאַרבן האָט די ייִדישע קאָלאָניע פֿון ענטרע־ריִאָס פֿאַרלוירן אַ שטיק תורה. זײַן פֿאַרצווײַגטע משפּחה פֿון זין, אייניקלעך און אור־אייניקלעך — אַלע קאָלאָניסטן. איינער פֿון זײַנע זין, אליהו, איז דער פֿאָרזיצער פֿון דער „פֿראַטערנידאַד אַגראַריאַ".

מײַן צווייטער עלטערער ברודער חיים־צבי, זאָל געזונט זײַן, האָט שוין אַריבערגעשפּרײַזט „גבורות" — נאָך די אַכציקער; געקומען קיין אַרגענטינע מיט פֿיל יאָרן שפּעטער נאָך אונדז; געבליבן

אין לאַנד עטלעכע יאָר; געווען העברעיִשער לערער אין דער קאָ־לאָניע „דעספּאַראַמאַדאָס", ענטרע־ריאָס, און אַוועק קיין נאָרד־אַמע־ריקע. היינט איז ער רב אין אַ שול פון ברוקלין, אָבער שלא על מנת לקבל פרס — נישט נעמענדיק קיין געהאַלט. אַ למדן מופלג און אַ דרשן מפואר (אויסגעצייכנטער רעדנער), דערצו אַ באַגאַבטער מיט דערהויבענע מידות־טובות, וועלכע גרענעצן זיך מיט צדקות. זײַן פאַרצווײַגטע משפחה געפינט זיך אין צפון־אַמעריקע.

מײַן עלטערער ברודער גדליהו, געפינט זיך אויך אין צפון־אַמעריקע; אַן אַלטער אַמעריקאַנער תושב; כל ימיו אַ סוחר, און זיך אָפּגעגעבן מיט צרכי־ציבור; גבאי פון אַ שול אין דער שטאָט פּאָג־קיפּסיע און רבי פון עין־יעקב. טראָץ דעם וואָס ער געפינט זיך שוין אין אַמעריקע העכער 50 יאָר, קומענדיק דאָרט נאָך אַלס יונגער מאַן, האָב איך אים נאָך געטראָפן, אין יאָר 1946, זייער אָרטאָדאָק־סיש געשטימט, רעליגיעז און יידיש־טראַדיציאָנעל.

מײַן עלטערער ברודער שבח ע"ה. ווען איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן מײַנע זכרונות, מיט צוויי חדשים פריִער, איז ער נאָך געווען צווישן די לעבעדיקע. פּלוצלינג געשטאָרבן. געקומען צוזאַמען מיט אונדזערע עלטערן אין אַרגענטינע ווי אַ יונגער בחור; געגרינדעט דאָ זײַן פאַרצווײַגטע משפחה און אָפּגעלעבט במשך 55 יאָר אין דער קאָלאָניע „באַראָן הירש" פון ענטרע־ריאָס אַלס כשרער און ערלע־כער ערד־אַרבעטער; אַלע יאָרן שווער און ביטער געאַרבעט און אָפּט — מיט נישט קיין גינסטיקע רעזולטאַטן; נישט איין מאָל גע־לעבט אין דחקות, אָבער קיין מאָל נישט געפּעלשט דעם קאָלאָניס־טישן אידעאַל — שטענדיק געטרײַ צו דער ערדאַרבעט. ווען עס זײַנען געקומען די בעסערע יאָרן, איז ער פּלוצלינג אָפּגעשטאָרבן. איינער פון די יחידי־סגולה, אַ שריד ופליט פון דער אַלטער ליטווי־שער קאָלאָניסטישער אימיגראַציע, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך תורה און מידות־טובות; אַ למדן, געלערנט ייִנגלווײַז און בחורווײַז אין די ישיבות און פאַרן פאַרלאָזן רוסלאַנד, אין דעם סטוצינער כולל, וווּ עס האָבן געלערנט אויסגעשפּילטע לומדים אונטער דער השגחה

פון דעם דאָרטיקן רב ר׳ מנחם־מענדל אָסטרינסקי, מחבר פון דעם ספר „צמח מנחם״. מיט דעם פלוצלינגן טויט פון מײַן ברודער שבח, איז די קאָלאָניע „באַראָן הירש״ געוואָרן פאַריתומט: דער לעצטער פון די ליטווישע קאָלאָניסטישע לומדישע מאַהיקאַנער איז אַוועק. חבל על דאבדין!

מײַן ייִנגערער ברודער, אַריה־לייב,* זאָל געזונט זײַן, איז גע־קומען אַלס ייִנגל קיין אַרגענטינע, 14 יאָר אַלט, צוזאַמען מיט אונ־דזער גאַנצער משפחה. טראָץ זײַן יונגן עלטער, האָט ער מיטגע־בראַכט מיט זיך פון אַמדור אַ גאַנץ נישקשהדיקן באַגאַזש מיט תורה, דערוואָרבן אין דער אַמדורער ישיבה און דערגאַנצט אין דעם בית ועד לחכמים פון אונדזערע עלטערן ע״ה. באַאַרבעט לאַנד ווי אַ קאָלאָניסט אין דער קאָלאָניע „באַראָן הירש״; געווען אַ סך יאָרן באַאַמטער פון „פּאַנדאָ קאָמונאַל״ פון דער קאָלאָניע „קלאַראַ״; גע־האָט שפּעטער אַ קראַם אין די שטעטלעך „לאַ קאַפּיזשאַ״ און „ווילזשאַ קלאַראַ״ און דערנאָך געווען אינספּעקטאָר פון פּאַטענטן בײַ דער ענט־רע־ריִאָסער רעגירונג. אַלע זײַנע קינדער געגעבן אוניווערסיטאַרע בילדונג.

מײַן ייִנגערער ברודער יהודה ע״ה, איז געקומען קיין אַרגענ־טינע נאָך אַלס קליינער ייִנגל. אַ דאַנק דער ענערגישער אינטערווענץ פון מײַן פאָטער ז״ל, איז ער ניצול געוואָרן פון עם־הארצות אין ייִדישן זין. כדאַי צו דערמאָנען אַן עפּיזאָד, וואָס כאַראַקטעריזירט די באַציִונג פון דעם אַמאָליקן ליטווישן ייִדן צו חינוך הבנים.

אין אַ שבת־טאָג פון יאָר 1897, זײַנען מיר, די גאַנצע משפחה, געזעסן בײַם טיש און געגעסן טשאָלנט. מײַן פאָטער ע״ה האָט גע־זאָגט שטילערהייט זמירות. ער פרעגט מײַן ייִנגערן ברודער יהודה ע״ה, די אינטערפּרעטאַציע פון דעם זאַץ „ראותו כי כן אדומי העוצר יחשוב לו בבצרה תקלוט כבצר״... וואָס געפינט זיך אין דער זמירה פון „ברוך השם יום־יום יעמס לנו״. אין דער אמתן איז עס אַ שווע־

---

* שוין אויך געשטאָרבן (רעד׳).



ר׳ ידידיהס זעקס ברידער, אַלע געבוירענע אין אַמדור. פון רעכטס צו לינקס, אויבן: דוד, חיים און שבח; אונטן: גדליה, לייבע און יהודה. די פאָטאָגראַפיעס פון יעדערן זײַנען אַראָפּגענומען געוואָרן אין פאַרשיידענע צײַטן. זיי האָבן אַלע געאַרבעט אין די קאָלאָניעס פון ענטרע־ריִאָס ווי קאָלאָניסטן אָדער ווי לערערס.

רע שטיקל זמירות, וואָס באַציט זיך אויף אַ גמרא אין מכות וועגן די דרײַ טעותן וואָס דער סימבאָלישער „סמאל״ וועט מאַכן לעתיד לבוא. נו, פֿאַר מײַן טאַטן ז״ל איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ יינגל פֿון 10 יאָר זאָל דאָס וויסן; ווי דען? ערשט צוויי יאָר פֿון אַמדור... אײַ, דאָס וואָס העכער אַכציק פּראָצענט פֿון די אַמדורער ייִדן האָבן געוויס נישט געוווּסט דעם פּירוש פֿון יענעם שטעל אין די שבת־דיקע זמירות, צו וועלכע עס פֿאָדערט זיך גמרא־לומדות, די דיפֿע־רענץ פֿון דער שטאָט בצר און בצרה; פֿון אַ שוגג און אַ מזיד און פֿון אַ מענטשן ביז אַ מלאך, דאָס האָט מײַן פֿאָטער ע״ה נישט גע־נומען אין באַטראַכט. ער איז שטאַרק געבליבן אומצופֿרידן פֿון דעם נישט וויסן פֿון מײַן קליינעם ברודער. הכלל, שבת איז שבת. אָבער שבת־צו־נאַכטס נאָך הבדלה, האָט ער געהאַט אַ ישוב־הדעת מיט די עלטערע ברידער וועגן דעם פֿאַל. ער האָט געגעבן אַ קרעכץ, אויס־רופֿנדיק: „אַן עם־הארץ וועל איך איבערלאָזן? די פֿערד מיט די קי און קעלבער הייבן־אָן צו האָבן זייער השפּעה אויפֿן יינגל. היה לא תהיה — דאָס וועט נישט זײַן! אויף דעם בין איך נישט געפֿאָרן קיין אַרגענטינע״. „איך האָב צו אײַך — האָט ער פֿאַרגעזעצט — אַ ביטע: דער יינגל וועט נישט גיין צו דער אַרבעט; ער מוז פֿריִער ווערן אויס עם־הארץ״. האָב איך איבערגענומען די אַרבעט צו לערנען מיט אים נ״ך, און דער טאַטע ז״ל האָט מיט אים געלערנט חומש מיט רש״י, חיי־אָדם, משניות און עין־יעקב. אַזוי אַרום איז ער ניצול געוואָרן פֿון עם־הארצות און איז געווען אַ ידען אין ייִדישן וויסן, געקענט גאַנץ פֿײַן העברעיִש און ייִדיש און איז געווען פֿיל יאָרן אַ גרויסער אַקטיוויסט אין „פֿאַנדאָ קאָמונאַל״ פֿון דער קאָלאָניע „קלאַראַ״. געשטאָרבן אין סאַמע פֿרילינג פֿון זײַן לעבן — צו 42 יאָר. נאָך זײַן טויט איז די גאַנצע משפּחה זײַנע אַרויסגעפֿאָרן קיין בוענאָס־אײַרעס, אָפּגעבנדיק זיך מיט מסחר און אינדוסטריע. איין שטיקל טרייסט — די פֿעלדער זײַנען נישט פֿאַר־פֿרעמדט געוואָרן, געבליבן צווישן דער פֿאַמיליע; קיין פֿרעמדער עלעמענט האָט נישט אַרײַנגעדרונגען אין די פֿעלדער, וואָס זײַנען

לאַנגע יאָרן געווען אַדמיניסטרירט פון מײַן פֿאָטער ע״ה און מײַנע ברידער.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אַ רירנדיקער עפּיזאָד פון די לעצטע טעג פון מײַן ייִנגסטן ברודערס לעבן. איין טאָג פאַר זײַן טויט, ווען ער איז שוין געווען אין גסיסה־צושטאַנד, האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ נידעריקער שטימע: „אַ דאַנק דיר בין איך געווען קלאָר אין דעם ספר ישעיהו״. אויף דעם ברודער האָב איך אויסגערופן: „יניק וחכים״ — דער ייִנגסטער און אַזוי קלוג!

איך האָב, אײגנטלעך, אָפּגענייגט אַ ביסל פון מײַן פאָרגענומע־נער טעמע, צו שרײַבן אין דעם קאַפּיטל וועגן מײַנע עלטערן ע״ה אין דער צײַט פון זייער לעבן אין אַמדור.

מײַנע זכרונות זײַנען געווידמעט מײַן געבוירן־שטעטל אַמדור און כמעט אויסשליסלעך דער פאַרגאַנגענהייט, צו דעם עבר פון יע־נעם שטעטל און נישט צו דער דערינערונג פון דער „פּאָסט אַמדו־רער עפּאָכע״. איך וועל מיך, בכן, צוריקקערן צו דעם לעבן פון מײַנע עלטערן אין דער צײַט פון זייער אַקטיווירן אין אַמדור. איך האָב נאָך בדעה, אויב גאָט וועט מיר שענקען געזונט און יאָרן, צו שרײַבן אַ בוך וועגן דער צײַט פון מײַן פאַרלאָזן גראָדנער גובערניע ביז די לעצטע יאָרן, אַן אַרבעט וואָס דאַרף אַרומנעמען די גאַנצע עפּאָכע פון דער עמיגראַציע־באַוועגונג אין די ליטווישע גובערניעס אין די אַכציקער יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, די ייִק״אַ קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, די גרינדונג פון די ייִדישע קאָ־לאָניעס אין ענטרע־ריאָס, זייער פּראָגרעס און רעגרעס, דער שול־וועזן אאַז״וו א״וו. הלוואי איך זאָל עס זוכה זײַן!

אין אַמדור פלעגט מען רופן מײַן פאָטער ע״ה מיטן נאָמען „מאָטיע טויבעס״ אויפן נאָמען פון דער באָבע טויבע ע״ה, און די מוטער ע״ה — פעשע מאָטיעס, אָדער „פעשע טויבעס״, אַלץ אויפן נאָמען פון דער באָבען ע״ה. דײַקינדער פלעגן שוין גערופן ווערן מיטן דרײַפאַכיקן נאָמען: דוד מאָטיע טויבעס; חיים מאָטיע טויבעס אאַז״וו א״וו.

די פרנסה האָבן מײַנע עלטערן אין אַמדור געצויגן פון אַ קראָם, אין וועלכער מען פלעגט פאַרקויפן הערינג, זאַלץ, צוקער און אַנדערע מיני עסנוואַרג, ווי אויך כלערליי אײַזנוואַרג פאַר אַגריקולטור און בויגעברויך. דער גרעסטער טייל פון די קלי׳ענטן זײַנען געווען די גויים פון די אַרומיקע דערפער, און דער גאַנצער אויסקוק פון פרנ־סה איז געווען אויף דעם דינסטיקדיקן מאַרק, וואָס איז געווען דער יסוד פאַר דער עקאָנאָמיק פון דער גאַנצער וואָך. האָט, חס־ושלום, גערעגנט אין יענעם טאָג אָדער מיט אַ טאָג פרי׳ער, איז אויס מאַרק און די גאַנצע וואָך איז געווען אַ שווערע פאַר דער פרנסה. און פון דעם געשעפט האָט מען געדאַרפט שפּײַזן אַ פאַמיליע פון צוועלף נפשות און געבן אַ ייִדישע און אַלגעמיינע דערציִונג צו די נײַן ייִנג־לעך. איך זאָג „אַלגעמיינע״, ווײַל אין די לעצטע יאָרן פאַר אונדזער פאַרלאָזן אַמדור האָט מײַן פאָטער ז״ל געשיקט לערנען מיך מיט מײַנע ייִנגערע ברידער, אויך לייענען און שרײַבן רוסיש. און דאָך, בײַ דער גאַנצער שווערער פרנסה, האָט זיך בײַ אונדז אין שטוב געפּירט אַ באַלעבאַטיש לעבן. כדאַי צו דערמאָנען: מיר האָבן קיין מאָל נישט געגעסן קיין שוואַרץ ראַזעווע ברויט, נײַערט קוכנס אָדער בולקעס אין דער פרי און געבײַטלטע ברויט פאַר נאַכט. אַזאַ מין „מענו״ איז אין אַמדור געווען בלויז אין פאַרמעגלעכע הײַזער. שפּײַזן, קליידן און געבן לערנען אַזאַ מין גרויסע משפחה און אָנגיין מיט אַ באַלעבאַטיש לעבן איז געווען אַ שווערע עקאָנאָמישע פּראָבלעם. מײַן הייליקע מוטער ע״ה, די אמתע „עקרת־הבית״, די צנועה און צדקת, פלעגט אָנגיין מיט דער קראָם כמעט אַליין דעם גאַנצן טאָג. מײַן פאָטער ז״ל פלעגט קומען אין געשעפט ערשט נאָך אַ האַלבן טאָג — מיטן אויסנעם פון דינסטיק אין מאַרקטאָג, ווען ער פלעגט קומען פון גאַנץ פרי, און ערשט, גלײַך מיט נאַכט פלעגט מײַן מוטער ע״ה אַוועקגיין אין שטוב צו באַזאָרגן די גאַנצע פאַמיליע מיט עסן און פאַרריכטן אַלעמענס בגדים. געווען אין שטוב אַ ייִדישע דינסט, אָבער נאָר בײַ טאָג, בײַ נאַכט פלעגט זי גיין נעכטיקן צו זיך אַהיים. גאַנץ פרי, ווען זי פלעגט קומען, האָט זי שוין געפונען צוגעגרייט

דאָס עסן אויפֿן גאַנצן טאָג, אַלץ דורך דער מאַמעס הענט: זיך גע־לייגט שלאָפֿן 12 אַ זייגער בײַנאַכט און 4 פֿאַרטאָג פֿלעגט זי שוין זײַן אויף די פֿיס, אַנצוגרייטן אַלץ פֿאַר דער פֿאַמיליע, און דער עיקר — די קינדער זאָלן קאָנען לערנען תורה. מײַנע עלטערן ע״ה האָבן נישט געשטרעבט צו רײַכטום, צו גבירהשאַפֿט: נאָר צו פּרנסה, כּדי די קינדער זאָלן קאָנען לערנען תורה; קיין אַנדערע אַספּיראַציעס האָבן מײַנע עלטערן ע״ה נישט געהאַט. אַזוי פֿיל זאַכן האָבן דאָך מײַנע עלטערן געהאַט צו בעטן בײַ גאָט: אויסהאַלטן אַזאַ גרויסע משפּחה מיט אַזעלכע גרויסע הצטרכותן, און דאָך האָט פֿאַרנומען דעם גאַנצן אויבן־אָן פֿון זייערע תּפֿילות, זייערע קינדער זאָלן לער־נען תורה. און איך זע מײַן פֿאָטער ע״ה ערב יום־כּיפּור, פֿאַר כּל־נדרי, אָנגעטאָן אין קיטל און אין טלית בײַם בענטשן די קינדער, מיטן קליינעם ספֿרל „לקוטי צבי״ אין האַנט, זאָגט ער מיט טרערן אין די אויגן די האַרציקע תּפֿילה: ויהי רצון מלפֿני אָבינו שבשמים שיתן בלבך אַהבתו ויראתו.... ותהא חשקך בתורה ובמצוות, עיניך לנוכח יביטו, פּיך ידבר חכמות... ויתן לך בנים ובנות עוסקים בתורה ובמצוות כל ימיהם... — און עס זאָל זײַן דער ווילן פֿון אונדזער פֿאָטער אין הימל, ער זאָל אַרײַנגעבן בײַ דיר אין האַרצן זײַן ליבע און מורא, דײַן ווילן זאָל זײַן צו תּורה און מצוות, דײַנע אויגן זאָל רעכט בליקן, דײַן מויל זאָל רײדן קלוגשאַפֿט... און ער זאָל דיר געבן קינדער וועלכע זאָלן זיך אָפּגעבן מיט לערנען תּורה און מצוות זייער גאַנצן לעבן. מײַן מאַמע ע״ה, אָנגעטאָן יום־טובדיק אין ווײַסן, שטייט בײַם זײַט און גיסט מיט כּשרע טרערן, זאָגנדיק: „טאַטעניקע זיסער, גיב כּוח מײַנע קינדער צו לערנען, און זייערע אויגן זאָלן לײַכטן אין דײַן תורה הקדושה״... און בײַ ליכט־בענטשן, ווען זי פֿלעגט מאַכן די ברכה „להדליק נר של יום כּיפּור״, פֿלעגן זיך עפֿענען צוויי קוואַלן טרערן פֿון אירע אויגן, וויינענדיק: „אַזוי ווי עס לײַכטן די הייליקע יום־כּיפּור־ליכט, אַזוי זאָלן לײַכטן די אויגן פֿון מײַן מאַן און קינדער אין דײַן הייליקער תּורה״. די זון האַלט זיך בײַם זעצן, די יום־טוב־ליכט און די גרויסע נשמה־ליכט

שײַנען סודותדיק אין אַלע צימערן, און עס דאַכט זיך, אַז די ווינקען עפּעס מיסטעריעז ווען דעם נײַעם יאָר וואָס טאַטע־מאַמע גייען איצט בעטן בײַ גאָט, ער זאָל זײַן אַ גוטער און אַ גליקלעכער. וויפל קדושה עס איז געלעגן אין יענע מאָמענטן! בײַ הוצאת ספר־תורה און בײַ הזכרת־נשמות פלעגט זיך הערן פון דער ווײַבערשער שול די שטים פון מײַן מאַמע ע״ה: „שטאַרק די האַרץ פון מײַנע קינדער, זיי זאָלן לערנען תורה״. מיט גרויס פּיעטעט און יראת־הכבוד בייג איך מײַן קאָפּ פאַר אײַך, טאַטע־מאַמע און פאַר אַלע ייִדישע טאַטע־מאַמעס וואָס האָבן געבראַכט אַזוי פיל קרבנות אויפן מזבח פון ייִדישקייט. זאָל אײַער נאָמען זײַן געבענטשט!

מײַן רבי און פעטער ר׳ אַברהמל ר׳ מאַטעסעס האָט מיר איין מאָל געזאָגט: ווייסטו וואָס דײַן טאַטע איז? איין מאָל — זאָגט ער מיר — איז געווען אַ שווערער ווינטער און די פּרנסה איז בײַם טאַטן געגאַנגען שווער. דײַנע צוויי ברידער, דוד און חיים, האָבן בײַ מיר געלערנט און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן שכר־לימוד; דײַן טאַטע האָט דאַן אַרויסגענומען די „בולבעס״ פון „קאַטוך״ און מיר אַרײַנגעשיקט אַלס שכר־לימוד... און ער האָט געענדיקט, מײַן רבי: „דעם לעצטן ביסן אַוועקגעגעבן פאַר שכר־לימוד״, און בײַ מײַן רבין אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. אָבער, — זאָגט ער ווײַטער — דײַנע צוויי ברידער זײַנען אַרויס גרויסע לומדים; כדאַי געווען יענער גרויסער קרבן עולה ויורד...

ווי איך האָב אויבן געזאָגט, פלעגט מײַן מוטער די צדקת ע״ה, זיצן פון פרימאָרגן ביז פאַרנאַכט אין קראָם און זײַן די פאַרקויפערין. זי האָט גערעדט פליסיק פויליש און רוסיש — ביידע אָנגייענדיקע שפּראַכן אין גראָדנער געגנט צו יענער צײַט — זייער פלינק און ספּריטנע געווען צו פאַרקויפן און אומצוגייען מיט די ניט־ייִדישע קונים און געקענט די פּסיכאָלאָגיע פון יעדן איינעם. די גויִים פון די דערפער פלעגן אָפטער קומען צו איר, זיך צו מיישב זײַן וועגן זייערע משפּחה־אָנגעלעגנהייטן און אָפטע טראַגעדיעס; זי איז גע־וועזן בײַ זיי פאַררעכנט ווי אַ מין אורים ותומים: „אידזיעם דאָ

פעשקי״ — מיר װעלן גײן צו פעשקען — פֿלעגן זײ זאָגן אין אַן עת צרה, און יעדערן פלעגט זי העלפן מיט ראָט און טאַט.

װען זי פלעגט קומען אַהײם אָונטצײַט, פלעגט זי צוגרײטן עסן פאַר דער גאַנצער משפחה פאַר די פיר און צװאַנציק שעה פון מעת־לעת; פאַרריכטן אַלעמענס העמדער און בגדים און זען, צי די שיך פון יעדן קינד איז אין אָרדענונג.

מײַן פאָטער ע״ה פלעגט קומען זײער שפּעט בײַ נאַכט פון קראָם, נאָך דעם װי ער האָט אונטערגעזוכט די רעכענונגען פון דעם גאַנצן טאָג און באַזאָרגט צו פאָדערן פון גראָדנע יענע ״רענגלאַנען״ װאָס זײַנען נײטיק געװען פאַרן פאַרקויף. זײַן ערשטע אַרבעט איז געװען, זיך אָפּװאַשן, דאַװנען מעריב און נאָך דעם עפּעס עסן. די טײַערע מאַמע האָט געװאַרט ביז זי האָט געקאָנט צוגרײטן דאָס עסן און מיט שמחה פלעגט זי גרײטן דעם טיש פאַרן טאַטן. ערשט נאָכן עסן פלעגט ער אונדז זײער אָפּט אויפװעקן, אויספרעגן אונדז װעגן דעם געלערנטן אין חדר אָדער ישיבה. ניט שטענדיק פלעגט ער זיך אין גאַנצן פאַרלאָזן אויף די מלמדים.

און איך געדענק אַן עפּיזאָד װאָס װאַרפט אַ שײַן אויף דער באַ־ציִונג װאָס מײַן פאָטער ע״ה האָט געהאַט צו דעם חינוך פון זײַנע קינדער, לויט זײַן אויפפאַסונג פון יענער צײַט. אײן מאָל האָט ער אין אַ זומערטאָג פאַרלאָזן די קראָם און גענומען מיר מיט מײַן עלטערן ברודער שבח־אַברהם ע״ה אין בית־המדרש. װאָס האָט פּאַ־סירט? אַ חוץ די גמראָס װאָס מיר פלעגן לערנען אין דער ישיבה, האָט ער געלערנט מיט אונדז זײַן ספּעציעלע גמרא שבועות, און ער האָט זיך געגעבן רעכענונג, אַז דאָס שטיק רש״י פון דף ד׳, עמוד ב׳: ״רבוי ומעוט״ און ״כלל, פרט וכלל״ איז נאָך נישט אין גאַנצן קלאָר פאַר אונדז און מען מוז נאָך אונדז ״אַרײַנשלאָגן גוט אין קאָפּ״, און בכן, אַ כפּרה דעם גאַנצן פּדיון פון טאָג. ער האָט אונדז דאַן שטרענג געזאָגט: דער סיסטעם פון ״רבוי ומעוט״ און ״אין בכלל אלא מה שבפרט״ געפינט זיך אין אַ סך פלעצער אין דער גמרא, און נאָר אין ״רבועות״ רעדט רש״י ברײט און דײַטלעך. װעט איר נישט װיסן

גוט אָט דאָס שטיקל רש״י, בלײַבט איר „קאַליקעס״ אויפֿן גאַנצן לעבן. און ער האָט אונדז נישט אָפּגעלאָזן ביז ער איז געווען זיכער, אַז מיר פֿאַרשטייען גוט דעם „סילאָגיזם״ פֿון רבוי, מעוט ורבוי און כלל, פּרט און כלל. ווער מיר קראָם, וואָס מיר פּרנסה? היקש, גזירה שוה, רבוי ומעוט, כלל ופרט אאַז״וו. דאָס איז דער עיקר. און ווען איך האָב שפּעטער געלערנט אין דער נאָרמאַלשול די אַריטמעטישע מאַטעמאַטישע און געאָמעטרישע אַקסיאָמעס און טעאָרעמאָס, האָב איך דאַן געטראַכט: מײַן טאַטע האָט מיר צוגעגרייט ײַנגלווײַז און הײַנט פֿאַרשטיי איך קלאָר אַלע פֿאָרמולעס. מײַן פֿאָטער ז״ל האָט געלייגט פֿיל געוויכט אויף חומש מיט רש״י און ער האָט זיך גע־סטאַרעט, אַז זײַנע קינדער זאָלן זײַן באַלעבאַטים אויף דעם פּירוש. ער פֿלעגט אונדז שטענדיק זאָגן: „קען מען נישט רש״י אויף תורה, בלײַבט מען אַן עם־הארץ אין גמרא״. און טאַקע, מהאי טעמא, פֿלעגט ער אַלע שבת בײַ טאָג לערנען מיט אונדז קודם־כל די סדרה פֿון דער וואָך מיט רש״י און ערשט נאָך דעם די גמרא. דאָס איז געווען די סיסטעם פֿון ווילנער גאון ז״ל, אין וועלכן עס האָבן זיך געהאַלטן די ליטווישע לומדים. נישט אומזיסט האָט זיך דערלויבט אַ ספרדי־שער גאון, ר׳ משה דאַנון, צו זאָגן אויף רש״ין: „כל פירושי צרפתה השלך לאַשפתה, חוץ מפרשנדתא ובן פורתא״ — אַלע פֿראַנצייזישע קאָמענטאַרן וואַרף־אַרויס אויפֿן מיסט, אויסער פּרשנדתא (דער פֿאַר־טײַטשער פֿון געזעץ רש״י, און דער יונגער זון, געמיינט ר׳ יוסף טוב עלם, רש״יס אייניקל).

אָבער נישט קוקנדיק אויף דער פֿרומקייט און אָרטאָדאָקסיש־קייט פֿון מײַן פֿאָטער ז״ל, איז ער געווען זייער געצייגט צו ספֿרי־חוץ און השכלה; ער זעלבסט האָט געלייענט פֿיל „טריפֿה״ ביכער און האָט געוואָלט אַז אויך מיר זאָלן האָבן אַ ידיעה אין „הויות העולם״.

ווען ער האָט מיר אַ מאָל געטראָפֿן איבער ר׳ יצחק־בער לע־ווינזאָנס ווערק, האָט ער זיי אַלע איבערגעלייענט און איז געבליבן זייער צופֿרידן פֿון דעם „אפס דמים״, „תעודה בישראל״ און „זרו־בבל״. ער איז, אָבער, אַרויס זייער אומצופֿרידן פֿון דעם „ילקוט

ריב״ל״, ווײַל ער האָט דאָרטן געפונען ליצנות אויפן חשבון פון די חסידישע גוטע־ייִדן פון וואָלין און גאַליציע, טראָץ דעם וואָס אַליין איז ער געווען זייער מתנגדיש געשטימט.

איך געדענק: זעענדיק מיך אַרײַנגעטאָן, איין מאָל, אין די ספרי־השכלה, האָט ער זיך צו מיר אָפּגערופן: „דו וועסט אויסגיין פון הונגער; בכדי צו האָבן כוח, מוז מען עסן ברויט מיט פליש; מען דאַרף אויך עסן אַ ביסל קאָמפּאָט; לעבן דעם גאַנצן טאָג מיט דאָס לעצטע, ווערט מען אָפּגעשוואַכט און מען פּעכגעט פון הונגער. גמרא, תוספות און פּוסקים — דאָס איז ברויט מיט פלייש, אַנדערע ביכער — קאָמפּאָט... מיט קאָמפּאָט אַליין וועסטו בלײַבן אַן אויס־געדאַרטער עם־הארץ״...

ער האָט געהאַט טיפע ידיעות פון די ייִדישע דינים און צײַטנ־ווײַז האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס טאָלעראַנץ און הומאַניזם ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון געזונט.

איך דערמאָן זיך: דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1896, דאָס ער־שטע יאָר פון אונדזער זײַן אין אַרגענטינע, מיר האָבן דאַן געוווינט אין דער גרופּע „סאַגאַסטומע״, ווײַט און אָפּגעריסן פון אַ ישוב. די נאָענטסטע קאָלאָניע, באַראָן הירש, איז געווען זיבן קילאָמעטער ווײַט. צוויי אַ זייגער פאַר טאָג האָט זיך „פאַרוואָלט״ אַ יונגער ווײַבל גיין צו קינד און עס איז נישטאָ קיין באָבע... מען זוכט אין קאָמפּ די אָקסן צו שפּאַנען און פאָרן אין באַראָן הירש — אַ געשיכטע פון פינף שעה, אַהין און צוריק. און דערווײַלע גיט דאָס יונג ווײַבל קו־לות אויף די העכסטע טענער. דער ערשטלינג וויל נישט וואַרטן אויף דער באָבע, און איז אַרויס אויף דער ליכטיקער שײַן. גוט, אָבער עס איז נישטאָ ווער עס זאָל אָפּשנײַדן דעם נאָפּל, און די קימפּעטאָרין האַלט בײַם אויסגיין. וואָס טוט מען? אין מיטן נאַכט אין דער פינצטער, אין אַ וויסטן מדבר. איז מײַן פאָטער ע״ה אַוועק צו דער גרופּע, ווו עס איז געווען דער פאַל, אויסרופנדיק: שוטים! אָט דאָס הייסט פּרומקייט? לאָזן אויסגיין צוויי נפשות! און ער אַליין האָט געמאַכט די אָפּעראַציע און מיט מזל. אַגב, דאָס ניי־געבוירן

קינד איז געווען דער ערשטער אַרגענטינער ייִדישער ייִנגל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער קאָלאָניע סאַגאַסטומע און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן משה, אויפן נאָמען פון באַראָן הירש ע״ה. יענער ערשטער ייִדישער קאָלאָניסטישער ייִנגל פון קאָלאָניע סאַגאַסטומע — איר אָפּיציעלער נאָמען איז אַטשוראַס — איז אַ זון פון גדליהו אפרון און איז היינט דער פאַרמאַצעווט אין אַוועזשאַנעדאַ אונטערן נאָמען „מאַוריסיאָ אַלבערטאָ אפרון״.

עס איז געווען נאָך אַזאַ מין פאַל מיט אַ ניט־ייִדישער פרוי, וווּ מיין פאָטער ע״ה האָט אויך „אינטערווענירט״ אין אַזאַ מין אָפּעראַציע, אָבער איך וועל דאָס איבערלאָזן פאַר דעם בוך, וואָס איך האָב בדעה צו שרייבן איה״ש וועגן דער היסטאָריע פון די ייִדישע קאָלאָניעס.

מיין פאָטער איז געווען אַ שטרענגער קעגנער, אַז זיינע קינדער זאָלן פאַרלאָזן אַמדור און עמיגרירן אַליין קיין אַמעריקע: נישטאָ דאָרט קיין גאַראַנטיע פאַרן המשך פון ייִדישקייט — פלעגט ער זאָגן. אָבער ווען עס האָט זיך געשאַפן די עמיגראַציע־באַוועגונג פון דעם באַראָן הירשס קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, האָט ער זיך דאָן פאַרשריבן מיט דער גאַנצער פאַמיליע, צוזאַמען מיט מיין ברודער דוד ע״ה, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ פאַמיליע פון 4 פערזאָן, צו פאָרן ווערן אַן ערד־אַרבעטער אין דער ווייטער און אומבאַקאַנטער אַרגענטינע. עד־היום האַלט איך אין איין באַוווּנדערן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט וואָס האָט באַהערשט מיין פאָטער ע״ה און אַנדערע גראָדנער ייִדן, תלמידי־חכמים, צו מאַכן דעם געוואַגטן שריט: אַ ייִד אַ תלמיד־חכם, אַ ירא וחרד, אַ שטרענגער צדיק, דערצויגן זיינע קינדער על דרכי־התורה, אין די ד׳ אַמות פון הלכה... נישט געלאָזן זיינע קינדער פאַרלאָזן אַמדור אויף זיך צו באַזעצן אין אַמעריקע, און פּלוצלינג, אין מיטן העלן טאָג זיך אויפגעהויבן, פאַרקויפט אַלץ, פאַרלאָזט דעם בית־המדרש, און אַוועקגעפאָרן אין דער אומבאַקאַנטער אַרגענטינע, צו ווערן אַן ערד־אַרבעטער. ווונדער איבער ווונדער!

# אַמדורער כלי־קודש און אַנדערע טיפּישע געשטאַלטן

## אַמדורער חזנים און שוחטים

עס איז געווען כמעט אין אַלע ליטווישע קליינע שטעטלעך אָנ־גענומען דער כלל, אַז די ביידע רעליגיעזע פּראָפעסיעס פון חזן און שוחט, זאָלן קאָמבינירט זײַן אין איינער און דער זעלביקער פּערזאָן. דער גרויסער גאון ר׳ נפתלי צבי יהודה ברלין (אָפּגעקירצט אונ־טערן טיטל: נצי״ב) — דער איידעם פון ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער און ראש פון וואָלאָזשינער ישיבה אַ צײַט פון העכער פערציק יאָר — האָט אַ מאָל געהאַט מאָטיווירט אָט די דאָזיקע קאָמבינאַציע מיט אָט דעם וויץ: „אַ חזן איז אַ ׳שור המועד׳ (אַן אָקס וואָס איז גע־ווינט צו שטעכן) — האָט ער געזאָגט — פאַר וועלכן דער תלמוד פסקנט: ׳אין לו שמירה אלא סכין׳ — ס׳הייסט, זײַן באַוואָרעניש איז נאָר דער מעסער״... חזנים פלעגן זיך אָפּגעבן מיט מוזיק, אַ קענטעניש וואָס איז אין איינקלאַנג מיט פּאָעזיע, ביידע זאַכן זײַנען ניט שווה־בשווה מיט דער אָרטאָדאָקסישער אויפפאַסונג פון די אַלטע צײַטן.

אויף וויפל כ׳געדענקט, זיינען אַלע אַמדורער חזנים אויך גע־ווען שוחטים.

מײַן געבוירן־שטאָט האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ מוזיקאַלישער, און חזנים פלעגן גאַרן צו פאַרנעמען אַמדורער חזנות. דער ערשטער חזן, וועלכן כ׳געדענק קוים, האָט געהייסן משה־פסח. אַמדורער מנגנים פלעגן שטענדיק באַזינגען זײַן „כי הנה כחומר ביד היוצר״, אָדער זײַן „סימפאָניע״ פון „נעריצך ונקדישך״...

דער צווייטער חזן, וועלכן כ׳געדענק שוין פיל מערער, איז גע־ווען דוד מאָסקוועד; דער איז ווירקלעך געווען אַ כלי נפלא אין זינ־גען. מ׳פלעגט זאָגן, אַז ס׳זיצט ביי אים אין האַלדז אַ קאַנאַריק. ער איז געוואָרן חזן אין מאָסקווע, און נאָכן „גירוש מאָסקווע״ האָט ער זיך אומגעקערט צוריק קיין אַמדור.

אַלע ייִדן פלעגן דערציילן מיט התפעלות די ניסים פון ברוך קאַרלינער, ווען ער האָט געדאַווענט אין אַמדור. איינער אַ גרײַז־גרויער זקן, האָט מיר געהאַט געזאָגט, אַז ראש־השנה, ווען ברוך האָט געזאָגט „זכרונות״, איז בײַם פסוק „ויעבר אלהים רוח על הארץ וישכו המים״, האָט מען געזען און געפילט ווי דער גרויסער מבול־שטראָם ווערט אַלץ קלענער און קלענער, און מיט אַ מאָל — שאַ, שטיל... (זען וואָס עס האָט וועגן ברוך קאַרלינער געשריבן חיים טשעמערינסקי, אין זײַן „עיירתי מאָטעלע״ — מײַן שטעטעלע מאָטעלע — אין רשומות ב׳, זײַט 71).

נחום דער חזן. — ער איז געווען אַ ייִד אָן אַ באָרד פון דער נאַטור, איז ער צוליב דעם אַרומגעפאָרן צו אַ סך דאָקטוירים, צו באַוווסטע פּראָפעסאָרן, האָט געטרונקען פאַרשיידענע רפואות, באַ־ניצט כלערליי מאַשטשן, אָבער ס׳האָט גאָר נישט געהאָלפן, ס׳האָט זיך נישט באַוויזן אַפילו אָן איין און איינציקע האָר אויף אַ רפואה. איז וואָס זשע טוט מען? אַ חזן צו זיין, מוז מען האָבן אַ באָרד; אַ שליח־ציבור מוז דאָך זײַן „זקנו מגודל״, און די פּרעטענדענטן, די בעלנים אויף דער אַמדורער חזנות־שטעלע — שווײַגן נישט, זיי עקספּלאָאַטירן דעם חזן נחומס נעבעכדיקע סיטואַציע. הכלל, מ׳האָט אָנגעהויבן זוכן אַ הכשר פון רבנים, און — מאָדנע! דווקא דער אַלטער אַמדורער רב, דער שטרענגער פאַנאַטיקער, ר׳ אַברהם־עזרא ז״ל, ער האָט מכשיר געווען, און נחום איז פאַרבליבן אַמדורער חזן. און עס געדענקט זיך מיר נאָך זײַנע „ישתבחס״ און „מי שברכס״. ער איז אַפילו נישט געווען קיין גרויסער מאַדים אין מחיק, געווען איז ער אָבער אַ מתיקותדיקער בעל־תפילה, לויטן אַמאָליקן סטיל און גשמאַק. איך געדענק זײַן פאַרלאָזן אַמדור אויף איבערצוגעמען

די חזנות־שטעלע אין גאַניענז, אַ שטאָט נעבן אַ רוסישן קרעפּאָסט (פעסטונג). ווען ער איז מיט יאָרן שפּעטער געקומען אין אַמדור אַלס גאַסט, און דער דעמאָלטיקער אַמדורער חזן האָט אים דערלויבט צו דאַוונען בײַם עמוד, שטעלנדיק צו זײַן דיספּאָזיציע אויך זײַנע משוררים, האָט ער, נחום, בײַם זינגען דעם „אָב הרחמים" צוגעטשע־פּעט צו אים דעם „ונאמר אָמן" פון „מי שברך", דהײַנו: דער חזן האָט געזונגען אַ פּראַזע פון „אָב הרחמים" און דער כאָר האָט אָפּ־געענטפערט מיטן „ונאמר אָמן", ווי למשל: דער חזן האָט געזאָגט „הוא יפקוד ברחמים התמימים והישרים"... און דער כאָר האָט אָפּגעענטפערט „ונאמר אָמן", אאַז"ו, אאַז"ו. איז דער עולם מתפּללים געוואָרן דערפון שטאַרק אַנטציקט, יעדער איינער האָט זיך פּשוט פּאָסמאַקעוועט... און אַברהמל איוואַן איוואַנאָוויטש (אַן אַמדורער ייִדישער תושב), איז אַזוי נתפּעל געוואָרן, אַז ער האָט בקול־רם אויסגעשריִען: „אַ סקאַנדאַל, בנאמנות! ווי אַזוי האָט מען עס אַרויס־געלאָזט אַזאַ מין טײַערע כלי, ווי אַזוי?!"...

נו, מ'וועט אַוודאי פרעגן, ווי קומט עס וואָס אַן אַמדורער ייִדי־שער תושב זאָל געוווען האָבן אַזאַ ניט־ייִדישן נאָמען, ווי איוואַן אי־וואַנאָוויטש? איז די מעשה דערפון אַזוי: דער דאָזיקער אַמדורער ייִד איז געבוירן געוואָרן שוין נאָך דעם ווי עס איז אים אָפּגעשטאָרבן זײַן פאָטער, וועלכער האָט געהייסן אַברהם, האָט מען אים, דעם יתום געגעבן אַ נאָמען נאָך זײַן פאָטער, און צו דער תורה פלעגט מען אים אויפרופן: אַברהם ברב אַברהם; האָט אַמדור אָבער פאַרמאָגט לצים, האָבן זיי אים געקרוינט, בכן, מיט אָט דעם גויִשן צונאָמען „איוואַן איוואַנאָוויטש".

אויף צו פאַרענדיקן מיט נחום דעם חזן, וויל איך וועגן אים נאָך זאָגן, אַז ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער אַמדורער חשובער פאַ־מיליע יעלין, די וועלכע איך דערמאָן בײַם באַשרײַבן די אַמדורער ייִדישע באַלעבאַטים.

הירשל באַלטרימאַנצער. — געווען איז ער חזן אין באַלטרי־מאַנץ (קאָוונער גובערניע), איידער ער איז אָנגעקומען אין אַמדור

אויף נחומס אָרט. עס געדענקט זיך מיר, אַז ווען ער האָט דעם ערשטן שבת געדאַוונט אין אַמדור אויף פּראָבע, איז אין קיין בית־מדרש און אין קיין מנין נישט געבליבן ווער צום דאַוונען, אַלע זײַנען געקומען אין דער גרויסער שול צו הערן דעם קאַנדידאַט; בלויז איין ייִד, אבא דער מלמד, האָט זײַן בית־מדרש נישט פאַרלאָזט, אײַבערבלײַבנדיק אַליין דאָרט אַלס מתפלל, און דאָס איז געווען דערפאַר, ווײַל ער האָט פּשוט ניט געהאַט די מינדסטע השגה וועגן מוזיק. מען האָט דערציילט, אַז לאַחר שבת, ווען ער האָט געהערט דעם עולם קאָמענטירן מיט התפעלות און זאָגן מבינות וועגן דעם נײַעם חזן, האָט ער געבעטן, אַז מען זאָל אים איבערדערציילן — יאָ, אַזוי האָט ער געזאָגט: איבערדערציילן — דעם חזנס אַ ניגון.

הערשל איז געווען אין אַמדור דער ערשטער חזן, וואָס האָט געדאַוונט נישט אין אַ יאַרמעלקע נאָר אין אַ צילינדער, און האָט געזאָגט „בריך שמיה" מיטן פּנים צום אָפּענעם אָרון־קודש, וואָס איז פאַררעכנט געווען ווי אַ שריט פון נײַמאָדישקייט אָדער הײַנטוועלטיקייט. ער איז געווען אַ ידען אין מוזיק און האָט אויסגעבילדעט אַן אויסגעצייכנטן כאָר פון באַסן, טענאָרן, אַלטן און סאָפּראַנעס, אָבער געווען איז ער אַ קנאַפּער בן־תורה. ער האָט געקענט די מלאכת השחיטה, אָבער די דינים נאָר פון „אהל יצחק" און נישט מער.

און דאָך איז ער פאַרבליבן אין אַמדור היפּשע עטלעכע יאָר אויפן פּאָסטן פון חזן און שוחט, ביז מען האָט אים פאַרמסרט, אַז ער האָט אויף אַן אונטערהאַלט געזונגען צוזאַמען מיט מיידלעך; האָט זיך אויפגעהויבן אַ ויצעקו צווישן עולם יראי־שמימניקעס: „סטייטש! 'זמרא גברא בין נשי פריצותא' — ס'הייסט, אַ מאַן זאָל זינגען אין באַגליטונג פון פרויען — איז אַן אויסגעלאַסנקייט!" און דעמאָלט האָט הירשל בלית־ברירה געמוזט פאַרלאָזן אַמדור. אַ לאַנגע צײַט האָבן די אַמדורער שוסטערס און שנײַדערס, בשעת זייער אַרבעט, נאָכגעזונגען זײַן „געאל מרגל", אָדער „שמץ טהר, כעב מהר" פון כל־נדרי.

כ'האָב אומדירעקט דערמאָנט די שטאָט באַלטרימאַנץ, ווײַל איך

דאָ דערמאָנען אַן ענין, וואָס האָט אַ שײַכות צווישן אָט דער דאָזיקער שטאָט און אַמדור. עס האָט אין אַמדור, נעמלעך, געלעבט אַ ייִד מיטן נאָמען חיים־אַהרן מינדל־ראַשעס (מ׳פלעגט אים צוגעבן אויך זײַן פרויס נאָמען, וואָס זי איז אין אַמדור געווען אַ שם־דבר), וועלכער איז געווען אַ גמרא־למדן. האָט ער געלערנט מיט זײַנעם אַ זון, אַברהם־משה האָט ער געהייסן, ווען ער פלעגט די תורה איבערגעבן „בקולות וברקים״ — דורך פּרעסק ווי שפּענער... (ווי עס וואָלט אַזוי זיכער שלום עליכמס „טוביה דער מילכיקער״ געווען פאַרטײַטשט...). דער דאָזיקער אַברהם־משה איז נאָך גאָר יונג אַרײַנגענומען געוואָרן אין דער ישיבה, צוליב זײַן פלינקן קאָפּ. בײַ מײַן אַוועקפאָרן פון אַמדור, האָט ער נאָך געלערנט אין דער ישיבה. שפּעטער מיט יאָרן איז דער זעלביקער אַברהם־משה געווען רב אין באַלטרימאַנץ. בײַ אַ געלעגנהייט האָב איך בײַם מאָנטעווידעער רב ר׳ אַהרן מילעווסקי, געזען אַברהם־משהס אַ ספר פאַרפאַסט אין אַ פליסיקן העברעיִש. ר׳ אַברהם־משה איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים, וועלכע האָבן אים פאַרברענט לעבעדיקערהייט, הי״ד. אַ צווייטער זון פון דעם זעלביקן חיים־אַהרן, איז אויך הײַנט רב און ראש־ישיבה אין אַ שטאָט אין מדינת ישראל.

אָט אַזוי האָבן זיך, בכן, קעגנזײַטיק געדינט אָט די בידע ייִדישע ישובים, אַמדור און באַלטרימאַנץ, אַ מין השפּעת גומלין. באַלטרימאַנץ האָט געגעבן אַמדור אַ חזן, האָט די צווייטע אָפּגעצאָלט דער ערשטער מיט אַ רב.

חיים־זעליק. — נאָך הירשלען איז אין אַמדור אָנגעקומען פאַר חזן חיים־זעליק פון וואַשילקאָווע. געווען איז ער דעמאָלט נאָך אַ יונגערמאַן, אַ מתיקותדיקער מנגן, אַ למדן מופלג און דערצו פרום אויך. ער האָט אין אַ ימים־נוראים אויף אַזוי ווײַט אויסגענומען בײַם עולם מתפללים, באַזונדערס בײַ עמך — בײַ די שער־און־אײַזן־לײַט — מיט זײַנע תפילות, וואָס האָבן איטלעכן ממש אַרײַנגעבראַכט אין העכסטן עקסטאַז, אַז מ׳האָט אים דעמאָלט געשאָנקען אַ נײַעם טײַערן פוקסנפוטער. ער האָט אַ סך געלייענט די פוסקישע ליטע־

ראַטור פון די אַחרונים, אויך פיל ייִדישע היסטאָרישע ביכער, — אַ לוקסוס וואָס האָט אים אַפילו אין יענער צײַט געהאַט היפּש געקאָסט. צווישן די משוררים זײַנע האָט ער געהאַט צווײ נאָך גאָר יונגע ייִנגלעך, וועלכע ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון טשענסטאָכאָוו; איז, ווען זיי פלעגן זינגען אַ סאָלאָ פון „קולי שמע וראה דמע עני", פלעגט דער עולם פשוט עלעקטריזירט ווערן און וויינען פון עמאָציע. בכלל, איז בײַ ייִדן אַ מאָל געווען אַ פאַרגעניגן אויסצוווייִנען זיך בײַם דאַווענען...

איך האָב נאָך יענעם חזן געהאַט איבערגעלאָזט אין אַמדור, ווען איך בין פון מײַן געבוירן־שטעטל אַוועקגעפאָרן אַהערצו, אין דער ווײַטער אַרגענטינע. וואָס מיט אים האָט נאָך דעם פּאַסירט — ווייס איך נישט. מיר זײַנען אָבער פון אים געבליבן זײַנע ניגונים.

אײַזיק דער שוחט. — חוץ שוחט איז ער אין די ערשטע יאָרן געווען אין אַמדור אויך חזן. שפּעטער איז ער געבליבן אונטער־חזן, אָדער ווי די אַמדורער לצים פלעגן זאָגן, „חזן אחור". ער איז נישט געווען אין הלכות שחיטה קיין גרויסער למדן, און דאָך געווען שוחט נאָך בײַ דעם אַלטן רבס לעבן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מקפּיד אין ענינים פון רעליגיעזער ייִדישקייט. גענומען האָט ער, אײַזיק דער שוחט, פאַר אַן אײדעם אַ גרויסן חזן, וועמען מען האָט גערופן „יודקע וויאָרסט", אַזוי האָט מען אויך גערופן זײַן פאָטער און די ברידער זײַנע, מחמת זייער אַלעמענס הויך־געוויקסיקייט. נאָך מײַן פאַרלאָזן אַמדור, איז ער, יודקע, געוואָרן חזן אין גראָדנער פערשטאָט.

בערטשיק דער שוחט. — געווען איז ער אַ מוסמך, אַ למדן מופלג און אַ „אומן" — אַ מײַסטער — אין שחיטה. ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט מלמדות. דער אַלטער רב, אַברהם־עזרא ז"ל, האָט געגעסן פליש בלויז פון זײַן שחיטה. עס איז מיט אים געווען אַלץ גוט, נאָר געהאַט איין חסרון — געווען איז ער אַ גרויסער קמצן. ער איז געשטאָרבן איבערלאָזנדיק אַ סך געלט (לויט דער השגה אין ליטע פון יענער צײַט).



אַמדורער טיפּן. אונטן לינקס: רפאל דער שמש



אַמדורער חזן מיטן כאָר אין דער שול

## אַמדורער שמשים

געווען זײַנען אין אַמדור, אין אַלע צײַטן, צו עטלעכע שמשים אויף איין מאָל, ווײַל יעדע שול און יעדער בית־מדרש האָט געהאַט אַ באַזונדערן שמש. נאָר זאָל דאָ גלײַך באַמערקט ווערן, אַז אָט דער טיטל „שמש" האָט אין די הײַנטיקע צײַטן לגמרי אָנגעווירן זײַן אמתדיקן און ריכטיקן באַטײַט. דער שמש פון אַמאָל האָט געהאַט אַ ראַנג, ער האָט אויסגעפירט אַ געוויסע אָנשטענדיקע פונקציע אין ייִדיש־רעליגיעזן לעבן, באַזונדערס ווען דער באַטרעפנדיקער פלעגט זײַן אַ בן־תורה מיט אייגנווערדע, פלעגט ער דאַן רעספּעקטירט ווערן לויט זײַן מדרגה. איך וועל דאָ געבן די נעמען פון אייניקע פון זיי.

ר׳ ליימע. — אַפילו הינטער די אויגן פלעגט מען אים רופן: ר׳ ליימע. כ׳האָב אים געקענט ווען ער איז שוין געווען אַ זקן, און דאָך בין איך, זײַענדיק נאָך אַ ייִנגל, געהאַט זייער נאָענט זיך פאַר־האַלטן מיט אים. ער איז געווען אַ גרויסער למדן ,אַ בקי אין ש״ס. כל ימיו איז ער געזעסן על התורה. געווען איז ער דער הויפּט שמש בײַ ר׳ אַברהם־עזרא ז״ל, און פלעגט רעגולירן אַלע דינים פון עירו־בין, תחומין, חצירות און תבשילין; באַזאָרגן אַלע הכנות פאַר גטן, און בכלל געווען די רעכטע האַנט בײַ די אַמדורער רבנים. אויך איז ער געווען אַ ווונדערלעכער בעל־קורא, ער פלעגט כמעט לייענען אויסנווייניק. איז דעריבער האָט ער זיך אין די לעצטע יאָרן געהאַט דערוויַיטערט פון אָט דער פונקציע, אַרגומענטירנדיק, אַז מ׳מוז דאָך זײַן אַ קורא בתורה, בעת ער לייענט שוין אויסנווייניק. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אויך מיט מלמדות, אָבער בלויז מיט בחורים. מײַן על־טערער ברודער שבח־אַברהם ז״ל, איז געווען אַ תלמיד זײַנער. ועל כל אלה — איז ער געווען אַ מסתפק במועט וואָס אין לשער. זײַנע הצטרכותן זײַנען געווען אַזעלכע קליינע, וואָס עס האָט קלענער שוין נישט געקאָנט זײַן; ער האָט קיין סך נישט געדאַרפט און כמעט גאָר נישט געפאָדערט. די אײנציקע תאווה וואָס ער האָט געהאַט, איז געווען זײַן טאַבאַק־שמעקן. איך האָב אים איין מאָל אַ פרעג געטאָן:

„וואָס פאַר אַ טעם פילט איר, ר' ליימע, בײַם שמעקן טאַבאַק?" — ווי אַ ייִנגל, האָב איך דאַן נישט באַגריפן אַז דאָס קען זײַן פאַר גע־ווויסע מענטשן אַ נויטווענדיקייט — און ער האָט מיר געענטפערט. אַז ווען ער שמעקט ניט קיין טאַבאַק, פילט ער אַ דרייעניש אין דער נאָז... און בײַם נעמען דעם שמעק־טאַבאַק פלעגט ער זיך איט־לעכס מאָל פּאָסמאַקעווען. „טאָ נעמט זשע, ר' ליימע, נאָך אַ שמעק־טאַבאַק", האָב איך אים ווידער געהאָט איין מאָל געזאָגט, און ער האָט מיר געענטפערט: „ניין, צוויי שמעק־טאַבאַק פאַר איין מאָל איז צו פיל, עס וועט זײַן אַ צו גרויסע תאווה"...

אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט ער אָפּגעדרוקט זײַנע געהאַלטענע דרשות בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן, געשריבן האַלב אין העברעיִש און האַלב אין ייִדיש. ווען כ'בין אַוועק פון אַמדור, האָט ער נאָך געלעבט. ער האָט געהאַט אַ זון מיטן נאָמען משה (גע־רופן האָט מען אים: משה ליימעס), איז ער געווען גבאי פון דער ישיבה וואָס האָט מרביץ תורה געווען אין אַמדור און איבער גאַנץ ליטע; געווען זייער אַ טײַערער ייִד, זײַן זון איז געווען מאיר־צבי יעלין, אויך איינער פון די חשובסטע אַמדורער ייִדן, וועגן וועמען איך שרײַב אינעם קאַפּיטל „אַמדורער ייִדישע באַלעבאַטים".

רפאל דער שמש. — געווען איז ער כל ימיו שמש אין דער גרויסער שול, אי אינעם גרויסן בית־מדרש; נישט געווען קיין פּראָס־טער ייִד, האָט געקענט זאָגן אַ בלאַט גמרא, און איז געווען אַן אויס־געצייכנטער בעל־קריאה, ווי אויך אַ בריה אויף מכריז צו זײַן אין שול די מודעות און אַזהרות פונעם רב און די דיינים, ווי די החלטות פונעם שול־גבאי.

איטשע־בער דער שמש. — ער איז לאַנגע יאָרן געווען שמש אין סענדערס בית־מדרש. געווען אַ ייִד אַ למדן מופלג, האָט פאַרנומען אין דער אַמדורער ישיבה די שטעלע אַלס צווייטער מלמד, און דערצו נאָך געהאַלטן אַ געוועלבל פון זאַלץ און זייף, וואָס זײַן ווײַב האָט זיך מיט דעם מתעסק געווען. זי, דאָס ווײַב, איז געווען אַ זאַי־קעוואַטע און האָט גערעדט אַ שלעכטן גויִיש (אין אַמדור האָבן אַלע

ניט־ייִדישע לשונות געהייסן: גויִיש), האָבן די אַמדורער לצים גע־שאַפן גראָטעסקע וויצן וועגן איר שמועסן מיט די גויִים בײַם פאַר־קויפן זיי די סחורה. אַ קורצע צײַט פאַר מײַן פאַרלאָזן אַמדור, האָט ער, איטשע־בער, זיך אָפּגעזאָגט פון זײַן שמשות־שטעלע און גע־בליבן בלויז בײַ דער מלמדות און דעם געוועלב.

כ'וויל זײַן אַ מכיר־טובה דעם לאַנג פאַרשטאָרבענעם ר' איטשע־בער ז"ל, הגם איך בין נישט געווען זײַן דירעקטער תלמיד, דאָך האָב איך פון אים געהאַט געלערנט. עס איז געווען בעת איך האָב אָנגעהויבן אַליין פאַר זיך צו לערנען, שוין אַראָפּ — אַזוי צו זאָגן — אויף אייגענער קעסט, פלעגט ער מיר אַ סך מאָל אַרויסהעלפן אין שווערע ערטער אין גמרא. איך געדענק, אַז בײַ דער שיטה פון „חרדל" אין בבא־בתרא, האָט ער מיר פשוט די אויגן געעפנט... זאָלן מײַנע ווערטער דינען ווי אַ זכרון פאַר דעם דאָזיקן אַמדורער למדן.

יאָשע דער שמש. — געווען איז ער אַ קליין ייִדעלע מיט רויטע אויגן, האָט שטענדיק געטראָגן אַ גאַרטל. לאַנגע יאָרן איז ער געווען שמש אין ברעגמאַנס בית־מדרש. אַ געוויסע צײַט איז ער געווען דער אַרענדאַטאָר פון דער אַמדורער באָד. ברעגמאַנס בית־מדרש איז געווען דער „אַריסטאָקראַטישער" בית־מדרש פון שטעטל; איין מאָל האָט ער אָפּגעברענט, איז לויט דער ווערסיע פון די אַמדורער לצים, זאָל האָבן די שרפה געווען אויסגעבראָכן צוליב יאָשעס אומ־פאָרזיכטיקייט: בעת ער זאָל אין אויוון פון בית־מדרש האָבן גע־באַקן בולבעס (קאַרטאָפל). דערויף פלעגט ער פּראָטעסטירן, זאָגנ־דיק: „אָט, אַפילו עטלעכע געבאַקענע בולבעס פאַרגינט מען מיר אויך נישט...

יאָשע דער שמש. — מ'פלעגט אים אויך רופן: יאָשע קוגעלע, דערפאַר וואָס ער האָט אויך געהאַט פרנסה פון באַקן רעטשינע קו־געלעך, וואָס האָבן געדינט פאַר אַ צובײַסנס צו אַ „לחיים". די בית־המדרש־ייִדן פלעגן זאָגן, אַז יאָשעס אַ קוגעלע האָט געמעגט „עולה" זײַן „על שולחן מלכים"...

אָבער, אָט אויף וואָס אַן אַמדורער שמש האָט געקאָנט זײַן פעיִק. זײַענדיק אַן עני מדוכא, באַפאַלן מיט אַ גרויסער הויזגעזינד פון עטלעכע טעכטער, ווען ער האָט געדאַרפט „ברענגען צו לײַט", האָט ער דאָך באַוויזן זיי אַלע „אויסצוגעבן" (חתונה געמאַכט) „כהל־כות גוברין יהודאין" — לויט דעם ייִדישן שטייגער — אָן אַ שום פרעמדער הילף, נאָר דורך זײַן אייגענער „יגיע כפיו"... אויף דער עלטער האָט ער ווידער געקויפט דעם גרעסטן און שענסטן ווילנער ש"ס, מיט אַלע „נושא כליו", און געלאָזט אים אײַנבינדן בײַ לייבע דעם אײַנבינדער — דעם בעסטן פון דעם מין בעלי־מלאכות אין אַמדור — און אַלץ פאַר זײַן אייגענער כשרער פראַצע; און ווען דאָס אײַנבינדן דעם ש"ס איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער, רב יאָשע — ער פאַרדינט באמת דעם טיטל: רב — אים אָוועקגעשאָנקען דעם בית־מדרש, ווו ער איז שמש געווען; האָט אָנגעטאָן זײַן שבת־דיקע קאַפּאָטע און אַליין יעדע מסכת אָוועקגעטראָגן אין בית־מדרש אַרײַן, נישט צוגעלאָזן קיינעם צו דער מצווה. ער האָט יענעם טאָג אין בית־מדרש אויך געטיילט לעקעך מיט בראָנפן, און ייִדן האָבן אים אָפּגעגעבן מזל־טוב. איך גופא האָב נאָך אין זײַנע גמרות גע־לערנט, אָבער נישט אַלע בחורים האָבן די דאָזיקע זכיה געהאַט. ר' יאָשע, דער שמש פון אַמדור, האָט דאָ אין אַרגענטינע — אין די ייִדישע קאָלאָניעס פון ענטרע־ריִאָס — אַ גרויסע און חשובע משפחה, די מאַסים. זאָלן זשע זײַנע אייניקלעך און די אור־אור־אייניקלעך גיין אין די דרכים פון זייער אַמדורער זיידן, וועלכער איז געווען — ווי איך האָב אין אָנהייב געזאָגט — קליין קערפּערלעך, דאָקעגן איז ער אָבער געווען גרויס אין גײַסט.

אָשר דער שמש. — ער האָט פאַרטראָטן די שמשות־שטעלע נאָך ר' יאָשען. געווען איז ער פון פאַך אַ שוסטער, נאָר האָבנדיק אין זײַן יוגנט געווען אַ תלמיד פון ר' אַברהמל ר' מאָטעסעס, האָט ער געקענט לערנען משניות; ער האָט אָבער אויך געקענט און ליב געהאַט צו נעמען „אַ קאַפּיטשקע"... איין מאָל, אין אַ שמיני עצרת בײַ נאַכט, האָט ער אין בית־מדרש געהאַט מכריז ומודיע געווען, אַז

דערפֿאַר וואָס די באַלעבאַטים האָבן אים קיין יום־טוב־געלט נישט געגעבן, זאָגט ער זיך אָפּ פֿון זײַן שמשות־שטעלע; האָט זיך צו אים דאַן אָפּגערופֿן ר׳ אַברהם שלמה צינעס — געווען אַ ייִד אַ למדן מופלג און אַ גרויסער וויצלער — „אָשר, זײַ זיי מוחל, זיי האָבן געמיינט, אַז דו האָסט פֿאַרגעסן״... און ער, אָשר, איז ווײַטער געבליבן שמש, ער האָט די שטעלע ניט פֿאַרלאָזן.

משה בוראַק. — ריידן וועגן אַמדורער שמשים און נישט דערמאָנען אים, משה בוראַקן, וואָלט געווען פּשוט אַ חטא און עס וואָלט ווידער נישט געווען פֿאַרפֿולקומען די אַמדורער שמשים־גאַלעריע (עס פֿאַרשטייט זיך, די פֿון מײַן צײַט). מען האָט אים אַזוי גערופֿן, נישט ווײַל אַזוי האָט געהייסן זיין פֿאַמיליע־נאָמען, נאָר מחמת דערפֿאַר וואָס זײַן פּנים איז געווען רויט ווי אַ בוריק... אַזוי האָט מען אויך אַלע זײַנע קינדער און די אייניקלעך גערופֿן: בוראַקעס... געווען זײַנען זיי, כמעט אַלע, מוליאַרעס פֿון פֿאַך. משה בוראַק פֿלעגט דערציילן, אַז ער איז אין אַ געוויסער צײַט געווען שמש בײַ ר׳ שמואלקע ראָשער, אַ גוטער־ייִד, וואָס האָט זײַן ממשלה געהאַט אין דעם קליינעם שטעטעלע ראָש פֿון וואָלקאָוויסקער אויעזד.

געווען איז משה בוראַק כל ימיו אין אַמדור שמש בײַ ר׳ אַברהם־עזרא ז״ל און דערנאָך בײַ ר׳ ברוך בנציון. ער גופֿא — ס׳הייסט משה בוראַק — האָט ליב געהאַט דעם כוס... נאָר שיכור איז ער אָבער קיין מאָל נישט געווען. אַ צײַט פֿון וואַסערע זעכציק יאָר איז ער געווען דער קברן פֿון שטאָט, און אַז ער איז געשטאָרבן, האָט אַן אַמדורער לץ געזאָגט, בעת מען האָט אים מקבר געווען, אַז דאָס ווערט אים אָפּגעצאָלט מידה כנגד מידה... פֿריִער האָט ער אַנדערע באַגראָבן, איצט באַגראָבט מען אים... געווען איז ער ווידער, אין אַמדור דער שול־רופֿער; ייִדן פֿלעגן זאָגן, אַז זײַן שול־רופֿן האָט זיך געלאָזט הערן אַזש אין פֿאָדגוריע (אַ הויף וואָס איז ווײַט צוויי וויאָרסט פֿון אַמדור). אויך איז ער געווען אַ ספּעציאַליסט אויף וועקן צו סליחות. געווען ייִדן וואָס פֿלעגן זיך פֿעדערן אויפֿצוכאַפּן פֿריִער בכדי צו הערן ווי משה בוראַק האָט געזונגען: „שטייט־אויף, שטייט־

אויף ייִדעלעך צו עבֿודת־הבורא... שטייט־אויף צו גבֿורת הבורא... שטייט־אויף צו קדושת־הבורא״... דאַכט זיך, אַז געווען איז דאָס קול זײַנס אַ היזעריקס, און דאָך איז געלעגן אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס האָט בײַ די צוהערערס אַרויסגערופֿן סליחותדיקייט, ראש־השנהדיקייט און מיסטעריעזקייט...

משה בוראַק האָט געלעבט בײַ די הונדערט יאָר.

## אַמדורער סופֿרים

געוועזן זײַנען אין אַמדור צוויי סופֿרים: חיים דער סופֿר און הערשל דער סופֿר. חיים — אַ קליין ייִדעלע מיט בלויע אויגן. שטענדיק געלאַכט. געהאַט אַ זון — עזשע האָט ער געהייסן — און געווען נאָך קלענער ווי דער טאַטע — אַ קאַרליק. געווען אין אַמדור אַ ייִד, וואָס האָט געהייסן איטשע וויאָרסט — צוליב זײַן הויכקייט — און אַמדורער לצים פֿלעגן זאָגן, אַז אויף ווינטער פֿלעגט מאַניע (אַ שוסטער, אויך אַ קליינוווקסיקער) מיט עזשען דינגען בײַ איטשען די קליינע קעשענע פֿון זײַן קאַמעזעלקע אויף צו ווינען, און זיי פֿלעגן שרײַען אַז דאָס איז אויך צופֿיל ראָסקאָש...

חיים דער סופֿר און זײַן זון עזשע האָבן געקענט לערנען, דער צווייטער האָט אַפֿילו פּרעטענדירט אויף לומדות. געוווינט אין אַ קליין שטיבעלע און געהאַט פֿײַן פּרנסה. חיים דעם סופֿרס תּפֿילין זײַנען אין אַמדור געווען עובֿר לסוחר. ער פֿלעגט מאַכן פּרוטות פֿאַר אָרעמע לײַט — 3 פֿאַר אַ גראָשן. פֿון די פּרוטות פֿלעגט חיים מאַכן אוצרות, — אַזוי האָבן באַשטימט אַמדורער שאַצערס. אַ קליי־ניקייט! אַזוי פֿיל פּרוטות ווערן צעריסן און פֿאַרפֿאַלן — כּולו רווח...

הערשל דער סופֿר. — אַ ייִד אַ גרויסער למדן און אַ גרויסער אָרעמאַן. איך קען ניט אָפּשאַצן עקזאַקט, וואָס איז בײַ אים געווען גרעסער, די לומדות אָדער דאָס אָרעמקייט. אין אַמדור פֿלעגט מען

זאָגן, אַז אין לערנען איז ער געווען אַ למדן און אין אָרעמקייט — אַ חריף...

ער האָט געוווינט אין אַ קליין צימערל בײַ מײַן רבי ר׳ אַהרן קדיש ז״ל. דאָרטן איז געווען זײַן עסצימער, זײַן „ספאַלניע" (שלאָפּ־צימער) און אויך זײַן שרײַבצימער... ער האָט געהאַט אַ קליין מיידעלע וואָס פלעגט דעם גאַנצן טאָג שרײַען און בײַנאַכט וויינען. אויפן קליינעם הינקענדיקן טיש זײַנען געלעגן אויסגעשפּרייט די יריעות, אויף וועלכע ער פלעגט שרײַבן די ספרי־תורהס. בײַ דער זײַט איז געשטאַנען די שטשאָווי מיטן שוואַרצן ברויט פון זײַן מאָל־צײַט. זײַן קליין טעכטערל — אַ מזג טוב... פלעגט ער האַלטן אויפן שויס און איר געקאָרמעט מיט אַ הילצערנע לעפל. „זופּ, מאַמע־לע — פלעגט ער ריידן צו איר — עס איז מעדני מלך" (אַ קייזערלעכע פּאָטראַווע). „ניק, שעפּסעלע, דאָס טאָר מען נישט טשעפּען! דאָס זײַנען הייליקע יריעות (פּאַרמעט־בלעטער)". אַזוי האָט הערשל דער סופר געשריבן די ספרי־תורהס! ווי אַזוי האָט ער געקאָנט שרײַבן די פּרשיות, צו וועלכער אַרבעט עס האָט זיך געפאָדערט באַזונדערע רעליגיעזע און, אָפּט מאָל, מיסטישע אויפמערקזאַמקייט? געווען סופרים וואָס פלעגן זיך טובל זײַן איידער זיי פלעגן אָנהייבן שרײַבן אַ פּרשה אָדער אַ ספר. מען פלעגט דערציילן, אַז די גאָר פרומע סופרים וואָס פלעגן שרײַבן אַ ספר־תורה פאַר רײַכע פרומע ייִדן, פלעגן גיין אין וואַסער יעדעס מאָל ווען זיי האָבן געדאַרפט שרײַבן דעם שם „הויה" (גאָטס נאָמען). גאַנץ זיכער אַז הערשל דער סופר האָט נישט מקיים געווען יענע שווערע קאָנדיציעס, אָבער אין בעסטן פאַל איז די פּראָפעסיע פון שרײַבן פּריוואַט ספרי־קודש געווען זייער און זייער אַן אומדאַנקבאַרע און איר אַרבעט זייער אַן אָנגעשטרענג־טע. און דאָך איז הערשל דער סופר שטענדיק געווען פריילעך גע־שטימט און תמיד געזאָגט שאַרפע וויצן (אַ גאַנגבאַרע מלאכה אין מײַן געבוירן־שטעטל אַמדור).

הערשל דער סופר האָט געהאַט נאָך אַ פּראָפעסיע: ער איז גע־ווען אַ מומחה (ספּעציאַליסט) אין פעלדשערײַ, כמעט אַ האַלבער

דאָקטער. ווען מען האָט שוין גערופֿן גדליקע דעם רופֿא, געבראַכט דעם דאָקטער — אָפּטער פֿלעגט אין אַמדור נישט זײַן קיין דאָקטער — אין ערגסטן פֿאַל פֿלעגט מען ברענגען זאַמקאָוון, פֿלעגט מען זיך מיישב זײַן מיט הערשלען. הערשלס ידיעה אין מעדיצין האָט דער־גרייכט ביז צו קענען איבערלייענען אַ רעצעפּט, דאָס הייסט, די פּאָ־פּולערע נעמען: „לימאָנאַדע ראָזשע", ביקאַרבאָנאַטאַ, „וואַלעריאַנע טראָפּנס", „יאכן אָדער מילאַטין פּלאַסטער" און אַנדערע באַבסקע רפֿואות. איך צווייפֿל צי האָט ער געוווסט וואָס עס הייסט „דיסטי־לירטע וואַסער" און איך בין מסופּק צי האָט ער געהאַט אַ ידיעה אין דעם מעטרישן צענטל־סיסטעם, אַזוי נויטווענדיק אויף צוצוגריי־טן די רפֿואות. ער פֿלעגט אַפֿילו ריידן פֿון פֿוד, פֿונט, לייט, זאָלאָט־ניק און דראַכמע, אָבער ווײַטער פֿון דעם איז ער נישט אַוועק. אַז מען זאָגט אַ דאָקטער, איז דאָך ניט שייך...

פֿון די אַלע מלאכות און פּראָפֿעסיעס פֿלעגט הערשל דער סופֿר שטאַרבן דרײַ מאָל אין טאָג פֿון הונגער, אַ חוץ וועטשערע. אַ למדן, אַ סופֿר מצוין און אַ וווּנדערלעכער מומחה, און דאָך אַן עני ואביון. מיר דאַכט זיך, אַז נאָך דער גרויסער אַמדורער שׂרפֿה איז ער גע־פֿאָרן מיט אַ מיסיע צו קלײַבן געלט אויף צו שרײַבן נײַע ספֿרי־תּורהס און שטענדיק געהאַט דין־תּורהס מיט קהל וועגן דערלייגן אים אויף הוצאות, ווײַל דאָס געזאַמלטע געלט האָט נישט געסטײַעט צו באַצאָלן דאָס וואָס ער האָט אויסגעלייגט, לויט זײַן חשבון... דער רעזולטאַט: אַמדור איז נישט געבליבן אָן ספֿרים; הערשל איז אָבער געבליבן אַן איביקער אָרעמאַן.

בנימין־מאיר דער סופֿר. — אַזוי האָט מען אים גערופֿן, אָבער ער האָט נישט פּראַקטיצירט די דאָזיקע פּראָפֿעסיע, אַלנפֿאַלס גע־דענק איך נישט, אַז ער זאָל האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט. זײַן פּרנסה האָט ער געצויגן פֿון פֿאַקטערײַ. זײַן ווײַב חײַטשע פֿלעגט פֿאַרקויפֿן מילך, קעז, זויערמילך און סמעטענע און דערפֿון פֿאַרדינט וואַסער אויף קאַשע. אַ גרויסע בריה געווען צו מאַכן „סוואַראַכץ" — צוואָרעך און צו פֿאַרקויפֿן „פּאָסמעטאָנעק" — די ערשטע זויער־

מילך וואָס גייט נאָך דער סמעטענע; צו פאַרזוויסן דעם שטשאַוו אויף שלש־סעודות. „מען דאַרף באַשטעלן ביי חזנטשען אַ לאַדישקע אויף מאָרגן צו „שאַלעשודעס״ ( שלש סעודות)״ — פלעגן זאָגן די ווײַבער אין אַ זומערדיקן פרײַטיק. זומער, ווען מען פלעגט שלאָגן מאַיאָווען פוטער — אין מאָנאַט מײַ איז געווען דער בעסטער פעריאָד פאַר דער מילך־פּראָדוקציע — פלעגט זײַן אָפטער אַ מסחר פון „מאַשלינקע״ (מאַסליאַנקע). מען פלעגט ברענגען פון פאַקט אַ פאַס מיט יענער געבענטשטער משקה און אין מיטן גאַס פלעגט מען פאַרקויפן — אַ גראָשן אַ קוואָרט. געווען אָרעמע בעלי־מלאכות וואָס פלעגן אין מיטן גאַס אויסטרינקען די קוואָרט מאַשלינקע, מאַכן, נאָטירלעך, פריִער אַ „שהכל״ און דערנאָך „בורא נפשות״. וואָס דען, פערד איז מען? — פלעגן די טרינקערס באַמערקן. מען האָט דערציילט, אַז איין מאָל ווען מען האָט שבועות־צײַט געבראַכט איז שטאָט די ערשטע פאַס פון יענער משקה, האָט יאַשע דער מוליער — אַ ייִד אַ גרויסער אָרעמאַן און שיכור — געמאַכט אין מיטן גאַס די ברכה „שהחיינו״... און פון אָט די טרינקערס האָט חזנטשע בנימין מאירס געדאַרפט ציִען די חיונה פאַר איר משפחה.

בנימין־מאיר זעלבסט איז געווען כמעט אַ מושלם: אַ שטים צום זינגען „אַ ברכה פון גאָט״, אַ שיינער שרײַבער און דערצו אַ מזג־טוב. ווען ער פלעגט אין ברעגמאַנס בית־מדרש זינגען פאַרן עמוד די „ברח דודים״, וואָס מען זינגט זייער ענטוזיאַסטיש אַלע טעג פון פסח אין אַלע ליטווישע קהילות, פלעגט דער עולם אַנטציקט ווערן און פשוט אויסגיין פון התפעלות. ער איז אָבער נישט געווען קיין איבעריקער פרומאַק. גוטע פרײַנד פלעגן זאָגן: „ער איז אַ ביסענקע ליעטקע״ — אַן אַמדורער אויסדרוק, וואָס מיינט צו זאָגן: ניט שטאַרק הייס אין פרומקייט. מען פלעגט דערציילן, אַז ער האָט איין מאָל געוואָלט דאַוונען „גשם״, אָבער דער אַלטער רב ר׳ אַברהם עזרא ז״ל האָט אים געזאָגט שמייכלענדיק: „ניטע, בנימין־מאיר, עס וועט נאָך ווערן אַ דרײַער (אַנדערטהאַלבן קאָפּיקעס) אַ פונט ברויט...״ און בנימין־מאיר האָט פאַרשטאַנען דעם ווונק. ער איז

אַוועק קיין אַמעריקע, אָפּגעוועזן אַ פּאָר יאָר און איז געקומען צוריק — זיך נישט געקאָנט אײַנלעבן אין קאָלומבוסעס לאַנד. אַמדורער לצים האָבן זיך דאַן געוויצלט: „ווו וועט ער דאָרט קריגן חײַטשעס מאַשלינקע ?״...

עס האָט אים, נעבעך, געטראָפן אַן אומגליק. דעם צווייטן טאָג שבועות האָט אַ משוגענער הונט צעביסן זײַנס אַ ייִנגעלע פון זעקס יאָר, וועלכער איז געשטאָרבן אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך גרויסע יסורים. די פּאַסירונג האָט דאַן דערשיטערט די גאַנצע שטאָט. איך דערמאָן מיר אַז ר׳ ברוך מן ז״ל האָט דאַן אַנטוויקלט אַ גאַנצע טע־אָריע וועגן דער משנה אין יומא: „מי שנשכו כלב שוטה אין מאכי־לין אותו מחצר כבד שלו״. און ייִדן האָבן געקוועטשט מיט די פּליי־צעס. ר׳ ברוך האָט שוין משמעות מיט העכער זעכציק יאָר פריִער אין אַמדור געוווּסט פון פּאַסטעורס אַנטדעקונג פון „סעוראָטעראַ־פּיע״...

איך האָב איבערגעלאָזן בנימין־מאירן אין אַמדור. מען האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געשטאָרבן אין ביאַליסטאָק אין אָרעמקייט און עלנטקייט.

## אַמדורער ישיבה

גרעסערע ייִדישע ישובים ווי אַמדור האָבן נישט געהאַט קיין ישיבות. אין אַמדור איז אָבער יאָ געווען אַ ישיבה.

אין גראָדנער גובערניע זײַנען אין יענער צײַט געווען עטלעכע ישיבות. אין דער שטאָט גראָדנע גופא איז געווען אַ ישיבה פון פיר כיתות. כ׳געדענק דרײַ באַרימטע גמרא־מלמדים וואָס זײַנען אין אײן צײַט דאָרטן געווען — ר׳ שמואל פון דער צווייטער כיתה; ר׳ פּרץ — פון דער דריטער כיתה (געווען איז ער אַ גרויסער חריף), און ר׳ משה — פון דער פערטער כיתה. געווען זײַנען ישיבות אויך אין ביאַליסטאָק, וואָלקאָוויסק, סלאָנים און רוזשענאַי. דאַקעגן סאָ־קאָלקע, סקידל, קרינקי און די אַלע אַנדערע ייִדישע ישובים פון

גראָדנער גובערניע האָבן דעמאָלט (ווען שפּעטער, ווייס איך נישט) קיין ישיבות נישט געהאַט.

די ישיבה אין אַמדור איז געהאַט געגרינדעט געוואָרן דורך דער השתדלות פון ר׳ יצחק־אלחנן ז״ל. געפונען האָט זי זיך אין אַ קליי־נעם ציגלנעם בנין נעבן דער „קרומיאַנקע״, אַ מין נאַטירלעכער גראָבן, אָדער קאַנאַל, וואָס האָט זיך געפונען כמעט אין מיטן שטאָט און פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ שטראָמיקן טײַך בעת עס פלעגט קומען דער פרילינג. דער דאָזיקער בנין איז געהאַט געבליבן אַלס „עזבון״ פון ר׳ שלום־לייזער ראַבינאָוויטש, אַ חשובער און מיוחס־דיקער באַלעבאָס פון אַמדור. אין באַטרעפנדיקן אָרעמען בנין האָבן יאָרן־לאַנג געלערנט ש״ס, תוספות און מדרש אַ הונדערט תלמידים צונויפגעפאָרענע פון ייִדישע ישובים אין ליטע, פוילן און קורלאַנד. אַ גרויסער טייל פון אָט די תלמידים זײַנען געווען בחורים אין על־טער פון מיליטער־דינסט, אויך אַזעלכע, שוין באַפרײַטע פון מילי־טער־דינסט. געווען איז די ישיבה אַ מין קאָנגלאָמעראָט פון ייִנג־לעך און יונגעלײַט פון פאַרשידענעם עלטער און געקומענע פון פאַרשידענע געגנטן. איך — דער מחבר פון די שורות — בין גע־ווען איינער פון די ייִנגסטע תלמידים. אַרײַנגענומען אין דער ישיבה בין איך געוואָרן אין עלטער פון עלף יאָר. ס׳געדענקט זיך מיר עטלעכע נעמען פון די ישיבה־בחורים וואָס האָבן געלערנט צוזאַמען מיט מיר, ווי: מענדל וואָלפער, הירשל גאָלדינגער, געווען זײַנען די פון קורלאַנד; ס׳זײַנען אויך געווען זעמבראָווער בחורים, יעד־וואָונער, לאָמזשער (כאָטש געהאַט האָט לאָמזשע אַן אייגענע גרויסע ישיבה) און פון נאָך אַנדערע מקומות. די דאָזיקע בחורים זײַנען אַלע געווען שוין אין עלטער מבן עשרים ומעלה (אַריבער די צוואַנ־ציקער יאָרן). מ׳האָט אין דער ישיבה זיך אָנגעהערט אַלערליי ייִדישע דיאַלעקטן און קלאַנגען, דהײַנו: די גראָדנער פלעגן זאָגן: „ס׳טוט מיר ווי דער אייער״; די ווילנער אָדער קאָוונער פלעגן פאַר־ריכטן און זאָגן: „בייך, מ׳דאַרף זאָגן: דער עווער״; די אוקראַיִנער האָבן געטענהט, אַז ריכטיקער איז צו זאָגן: „דער אויער״. פלעגן

זיך אַרײַנמישן די וואַרשעווער און דערקלערן, אַז מ׳דאַרף זאָגן: „מעך טוט ווײַ דאָס אוער״. און אַזוי פלעגן זיי אָפּלאַכן איינער פון צווייטן. ווידער, די פון פוילן געקומענע, האָבן אַלע געטראָגן לאַנגע געקרײַזלטע פיאות, וואָס בײַ די אַמדורער קינדער און אויך בײַ די יונגעלײַט האָט עס אויסגעזען משונהדיק, נאָר דאָך האָט אַלצדינג דאָרט האַרמאָנירט, וואָרעם די צענטראַלע פיגור אין דער ישיבה איז געווען דער רבי, און די העכסטע שטרעבונג — גמרא, תוספות און מהרש״א.

אַלע תלמידים האָבן געמוזט דאַווענען בציבור אין דער ישיבה. פאַרן עמוד האָט זיך יעדעס מאָל געשטעלט דאַווענען אַן אַנדערער, אָבער אַזאַ וואָס האָט פאַרמאָגט אַ קלאָרע דיקציע, אַ הויכע און ריינע שטימע און געקאָנט זאָגן אַ קאָרעקטן „עברי״. אין דער צײַט פון מײַן לערנען אין דער ישיבה בין איך באַפולמעכטיקט געווען אויס־צובעסערן די „עברי״ בײַ די יעניקע, וואָס עס איז געווען אַ „מכה בעברתו״... אין די אָוונטן, בשעת דער רבי פלעגט קלאַסיפיצירן די תלמידים לויט זייער לערנען דעם „שיעור״, אָדער לויט זייער אויפפירונג אין משך פון טאָג, פלעג איך דאַרפן אָפּגעבן מײַן „ראַ־פּאָרט״ וועגן די חזנים אָדער בעלי־תפילהס.

פון גאַנץ פרי, כאור הבוקר, פלעגט יעדער תלמיד זיך באַזונ־דער נעמען לערנען „פאַר זיך״, און אַרום אַכט אַ זייגער פלעגט מען זיך שטעלן דאַווענען בציבור. זומער, ווען די זון גייט־אויף זייער פרי, פלעגט דער רבי אָנטאָן די תפילין און לייענען קריאַת־שמע ביחידות. ער איז געווען פון די ותיקין, וואָס לייענען „קרישמע״ (קריאַת־שמע) גלײַך מיטן זון־אויפגאַנג. דערנאָך פלעגט ער דאַווענען צוזאַמען מיט אַלעמען. זײַן דאַווענען איז געווען באופן פשוט, „כמונה מעות״ — ווי איינער וואָס ציילט געלט, ס׳הייסט, וואָרט בײַ וואָרט. אין „שמונה־עשרה״ פלעגט ער לאָזן הערן אַ מין זייער דינעם סוויטשען, דאָס פלעגט קומען דערפון וואָס ער פלעגט שאַרף אַרויסזאָגן די „שי״ן שמאלית״ (לינקע שי״ן), בכדי זי אונטערצושיידן פון אַ סמ״ך און אַ ת״ו.

נאָכן דאַוונען פלעגט זיך דער רבי אָוועקזעצן לערנען אַ פּרשה חומש מיט רש״י און מיט אויסטײַטשונגען (ביאורים) פון ווילנער גאון, פון ר׳ חיים וואָלאָזשינער און פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער, זכ־רונם לברכה, די באַרימטע תלמודיש־רעליגיעזע אויטאָריטעטן אין יענער און אין אַלע צײַטן. אַרום צוועלף אַ זייגער פלעגט מען גיין עסן „וואָרעמס״. דעם רבין, וועלכער האָט אין אַמדור נישט געהאַט קיין משפחה, פלעגט מען ברענגען עסן יעדן טאָג פון אַן אַנדער באַ־לעבאָס, סײַ „וואָרעמס״ און סײַ „וועטשערע״. שבת פלעגט ער עסן שטענדיק בײַ אייזשע מענדלס. נאָך האַלבן טאָג פלעגט דער רבי זאָגן זײַן „שיעור״, וואָס דאָס פלעגט דויערן ביז מנחה, און דער־נאָך פלעגן מיר, די תלמידים, ווידער חזרן און לערנען, ביז צום מעריב־דאַוונען. שוין נאָכן אָפּעסן „וועטשערע״, פלעגן אַ סך תל־מידים קומען ווידער לערנען און אייניקע, וואָס זײַנען געווען גרויסע מתמידים, פלעגן אָפּזיצן אַ „משמר״ — די גאַנצע נאַכט. דער רבי האָט קיין היים אין אַמדור נישט געהאַט, פלעגט ער שלאָפן אינעם ישיבה־צימער פון זײַן כיתה. אמת, אויסרוען זיך כדבעי האָט ער טאַקע נישט געקענט. איז וואָס זשע? דערויף לערנט מען דאָך תורה! ווי זאָגט דער אומשטאַרבלעכער ביאַליק דאָרט אין זײַן פּאָ־עמע „המתמיד״ —

> יום תמים, חצי לילה ממקומו לא ימיש,
> שם יאכל לרעבו את פתו השחורה —
> ומי אתה שמיר, מי אתה חלמיש,
> לפני נער עברי העוסק בתורה?

די פון דער פרעמד געקומענע בחורים האָבן „געגעסן טעג״. עטלעכע פון זיי, פאַרמעגלעכע, האָבן אַליין באַוויזן זיך צו באַזאָרגן, נישט אָנקומענדיק צו קיין פרעמדע טישן. ווידער, זײַנען געווען פון זיי עטלעכע וואָס זײַנען געווען אָנגעטאָן קרוע־בלועדיק, פשוט גע־באַנגען האַלב נאַקעט. כ׳געדענק איינעם אַ דובראָוונער בחור, וואָס האָט נישט מער פאַרמאָגט ווי אַ סיצן העמדל אויפן לײַב, אַ פּאָר

אַלטע קאָטאָנע הײזלעך און אַן אויסגעלאַטעטע מאַרינאַרקע. און אָט אין דעם דאָזיקן הילוך האָט ער געדאַרפט צוויי מאָל אַ טאָג גיין עסן זײַנע „טעג" אין די ווינטערטעג, ווען אין דרויסן האָבן געבושעוועט די ליטווישע פרעסט און זאַווערוכעס. היות די היים מײַנע, די ווי־נונג פון מײַנע עלטערן, האָט זיך געפונען קעגנאיבער דער ישיבה, פלעג איך גאַנץ אָפט אין דער ישיבה אַרײַנקומען, אַפילו גאָר שפּעט אין דער נאַכט. איז איין מאָל, אַרײַנקומענדיק, האָב איך אים — דאָס בחורל המדובר — געטראָפן ווי ער זיצט אײנער אַליין איבער דער גמרא און לערנט. געלערנט האָט מען דעמאָלט אין דער ישיבה די מסכת שבת. ער, דאָס בחורל, האָט אין יענעם מאָמענט געהאַלטן בײַ דער שיטה פון דער ערוגה, אין וועלכער עס ווערט באַהאַנדלט אַ באַטאַנישע פראַגע, צו וועלכער מ׳מוז האָבן כאָטש אַן עלעמענ־טאַרן באַגריף וועגן קוואַדראַט. ס׳איז אַן ענין אַ צו שווערער, באמת, פאַר יונגע קינדער און אפשר אויך פאַר עלטערע, אויב זיי האָבן נישט קיין פּרעלימינערע אַריטמעטישע ידיעות. ס׳בחורל האָט זיך דאַן מיט אַ מאָל פונאַנדערגעוויינט. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים און גענומען בײַ אים געוויר ווערן די סיבה פון זײַן וויינען. האָט ער מיר דאַן דערציילט, נעמלעך, דאָס וואָס כ׳דערצייל דאָ אי־בער: אַ יתום איז ער — האָט ער מיר געזאָגט — ער האָט נישט קיין מוטער. זי איז אַוועקגעשטאָרבן איבערלאָזנדיק אים מיט נאָך עטלעכע קלייניקע קינדערלעך. ער איז געווען דער עלטערער. זײַן טאַטע האָט באַלד ווידער חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, וועלכע איז אויך געווען אַן אַלמנה, און זי האָט אים, דעם פאָטער זײַנעם, אַרײַנגע־בראַכט אַלס „נדן" אירע צוויי קינדער — אַ ייִנגל און אַ מיידל. זי, די שטיפמאַמע, אַן אשה רעה, האָט באַלד פאַרטריבן פון זײַן טאַטנס שטוב זײַנע ברידערלעך און שוועסטערלעך, און ער, ס׳בחורל, איז געקומען קיין אַמדור לערנען אין דער ישיבה, ווײַל די מאַמע זײַנע — האָט ער מיר ווײַטער דערציילט — האָט פאַר איר טויט אָנגע־זאָגט מיט תחנונימדיקע רייד, אַז ער זאָל למען־השם נישט אָפּלאָזן זיך פון לערנען תורה, ער זאָל זען ווערן אַ למדן, און ער האָט דער־

ביי איבערגעחזרט דער מוטערס אייגענע רייד, וואָס זי האָט צו אים גערעדט, כהאי לישנא:

— יאָסעלע, מיין זון, —האָט צו אים די מוטער געזאָגט — כ׳בעט דיך, אַ למדן, אַ ייִדישער למדן זאָלסטו ווערן! ווען דו וועסט מיין בקשה דערפילן, וועל איך דעמאָלט קענען רויק ליגן אין מיין קבר.

דו, אַמאָליקע אָרעמע, הייליקע ייִדישע מאַמע! וואָס פאַר אַ מאָנומענט ביסטו ווערט מ׳זאָל דיר שטעלן?! דיין איינציקער ווונטש ביים אַוועקגיין פון לעבן איז געווען, אַז דיינע קינדער זאָלן לערנען תורה און למדנים, ייִדישע למדנים ווערן.

כ׳האָב דעמאָלט ביי לייזער (אליעזר) מ״ס געגומען אויף „פרי־קאָט״ פאַר אַ גאַנצער קאָפּיקע אַ ביכל צום לייענען; ס׳פאַרשטייט זיך, באַהאַלטענערהייט, אַז ס׳זאָל קיינער חלילה נישט וויסן; דאָס איז געווען דינעזאָנס באַוווסטער ראָמאַן „יאָסעלע״. כ׳האָב דאָרט גע־לייענט, ווי אַזוי כאַשע, די וויסטע אַלמנה, ווענדט זיך צו איר זונעלע פאַר איר טויט, אויסרופנדיק: „יאָסעלע! אין תלמוד־תורה זאָלסטו, למען־השם, גייך״. און ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, בשעת־מעשה, ווי פאַר מיינע אויגן שוועבט דאָס געשטאַלט פון דעם דובראָווער בחורלס מאַמע — וואָס אויך ער האָט גראָד געהייסן מיטן נאָמען יאָסל — און כ׳הער דאָס קול אירס, ווי זי זאָגט אים אָן, אַז ער זאָל לערנען תורה און ווערן אַ למדן — — —

נו, ווי ס׳ווייזט־אויס, האָט דעם דובראָווער יתומס דערציילונג אויך געהערט דער רבי, כאָטש ער איז געזעסן ווייט אָפּגערוקט פון אונדז און געהאַלטן אין לערנען פאַר זיך, ווייל ער האָט מיט אַ מאָל אַ ברום געטאָן: „אַך! ביטול תורה״.

אין עטלעכע טעג נאָך דעם האָט ר׳ משה ליימעס, דער גבאי פון דער ישיבה, געהייסן „ניאָמע דרייקאָפּ״ דעם שניידער, וואָס האָט געוווינט נעבן דער ישיבה, אַז ער זאָל פאַרן דאָזיקן יתום אויפנייען פון גראָבן געוואַנט אַ מאַרינאַרקע און אַ פּאָר הויזן.

מיר, די ישיבה־בחורים, האָבן באַנומען, פאַרשטייט זיך, אַז

דער רבי, האַבנדיק אויסגעהערט דאָס וואָס דער דובראָוועער יתום האָט מיר דערציילט — האָט ער עס אינטערוועניִרט, אַז ר׳ משה ליימעס זאָל בנוגע דעם יתום מקיים זײַן די מצווה פֿון „מלביש ערומים״.

ווײַל איך, ווי אַ חוב צו מײַן גרויסן רבי ע״ה, אים אַרײַנצושטעלן אין דער גאַלעריע פֿון די אַמדורער גײַסטרײַכע פּערזענלעכקייטן. זאָל בלײַבן אַ זכר פֿון אָט דעם גרויסן צדיק, וועלכער האָט מרביץ־תורה געווען און האָט געלערנט מידות־טובות צו הונדערטער תל־מידים פֿון ליטע, פּוילן און זאַמוט אין משך פֿון אַ פערטל יאָרהונ־דערט.

ר׳ דוד באַראַן האָט מײַן רבי געהייסן, און געווען איז ער דער ראש־ישיבה אין אַמדור. געווען איז ער אַ יליד טראָקי, פֿון ווילנער גובערניע. די דאָזיקע שטאָט איז נאָך פֿון 14טן יאָרהונדערט אָן גע־ווען אַ צענטער פֿון די קראים (קאַראַימער). אַ סך קאַראַימישע רבנים, אָדער — ווי זיי אַליין רופֿן זיך — חכמים, האָבן זיך אָנגע־רופֿן מיטן פֿאַמיליע־נאָמען „טרוקי״. אַזוי טרעפֿן מיר די געלערנ־טע: ר׳ יצחק טרוקי, מחבר פֿון ספֿר „חזוק אמונה״; אַברהם בן־אַהרון טרוקי, געלעבט אין 16טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט פֿאַרפֿאַסט אַ סך פּיוטים, איינע פֿון זיי אויף פּרשה בשלח, א״נ „אשורר לאל אדון במורא״, און נאָך פֿיל אַנדערע. ר׳ דוד פֿלעגט די קראים דערמאָנען פּשוט מיט די שענדלעכסטע אָפּחוקנדיקסטע עפּיטעטן.

געווען איז ער, ר׳ דוד, אַ תלמיד פֿון די מוסרניקעס און אַן אי־בערגעגעבענער אָנהענגער פֿון ר׳ ישראל סאַלאַנטער ז״ל, דער גרינ־דער פֿון יענער גרויסער מאָראַלישער באַוועגונג אין דעם ליטווישן ייִדנטום. ר׳ דוד איז געווען אַ בײַשפּיל פֿון מאָראַל און עטיק, און די דאָזיקע מעלות האָט ער זיך באַמיט אײַנצופֿלאַנצן בײַ זײַנע תל־מידים. אין די אַלע יאָרן פֿון זײַן געפֿינען זיך אין אַמדור פֿלעגט ער פֿאָרן באַזוכן זײַן פֿאַמיליע, וועלכע האָט זיך געפֿונען אין טראָקי, בלויז צוויי מאָל אין יאָר — אויף פּסח און די ימים־נוראים. אויף פּסח פֿלעגט ער מיט זיך מיטפֿירן מעל פֿאַר „מצה שמורה״, און

פלעגט אַליין בײַזײַן בײַם מאָלן די „קמחא דפסחא״ (דאָס פּסחדיקע מעל), כּדי אַכטונג צו געבן מיט זײַנע אייגענע אויגן, אַז ס׳זאָל זיך נישט אַרײַנכאַפּן, חלילה, עפּעס אַ „חשש חמץ״. ער האָט בכלל געפירט אַ שטרענג רעליגיעזן לעבן, אַן אַסקעטיש לעבן.

צו דער ווײַב זײַנער פלעגט ער שיקן יעדן חודש געלט אויף חיונה פאַר איר און זײַן בן־יחיד. פאַר זײַן לערנען מיט די תלמידים פון דער ישיבה האָט ער באַקומען שכירות דרײַ רובל אַ וואָך. אָט אַזוי פלעגן עס אַמאָל באַלוינט ווערן אונדזערע ייִדישע תורה־פאַר־שפּרייטערס!

דאָס געלט פון זײַנע שכירות, ביז וואַנען ער פלעגט עס דאַרפן אָפּשיקן צו דער ווײַב, פלעגט ער דערווײַל פאַרלײַען צו אַמדורער אָרעמע ווײַבער, אַלמנות און עגונות (יאָ, אַמדור האָט אויך פאַרמאָגט אייניקע עגונות), כּדי נישט צו האַלטן דאָס געלט בײַ זיך, ווײַל ס׳איז — פלעגט ער זאָגן — פּשוט אַן עבירה, וואָרעם מ׳קען דאָך דערווײַל מיט דעם מקיים זײַן די מצווה פון גמילות־חסדים. און ווען ס׳פלעגט קומען סוף וואָך, האָבן זיך שוין אַלע מאָל געיאָגט צו אים זײַנע ווײַבערשע „קליענטקעס״, און וויפל געלט ער האָט בײַ זיך פאַרמאָגט פלעגט ער עס זיי אָוועקלײַען, מיטן תּנאַי, אַז צום סוף חודש זאָלן זיי אים די הלוואות אומקערן, בכדי ער זאָל דאָס געלט קענען אָפּשיקן צו זײַן ווײַב.

ער פלעגט אָפט פּראַקטיצירן התבודדות (אָפּגעזונדערטקייט). שפּעט בײַ נאַכט, ווען קיינער פלעגט נישט זײַן אין דער ישיבה; מען פלעגט אַוועקגיין, למשל, הערן אַן אָנגעקומענעם מגיד, אָדער צוליב עפּעס אַזוי אַ מין געשעעניש, פלעגט ער זיך פאַרשליסן אין דעם ישיבה־חדר, אויסלעשן די לאָמפּן, און מאַכן מיט זיך אַ „חשבון־הנפש״. איין מאָל זײַנען מיר — די ישיבה־בחורים — אַוועק אַלע צו דער דרשה פונעם באַוווּסטן קעלמער מגיד. איז ווען מיר זײַנען דערנאָך גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט צוריקגעקומען, האָבן מיר געטראָפן דעם ישיבה־חדר געשלאָסן, און פון אינעווייניק האָט זיך נישט אַרויסגעזען קיין שפּור פון באַלײַכטונג; ס׳איז אינעווייניק געווען

פינצטער, חושך. זײַנען מיר שטיין געבליבן בײַ דער טיר. און אָט האָבן מיר באַלד דערהערט דעם רבינס קול, כּהאי לישנא: „אָט בין איך קראַנק, אײַ, אײַ, אײַ... אָט ברענגט מען אַראָפּ צו מיר דעם ד"ר זאַמקאָוו*... אײַ, אײַ, אײַ... און אָט זאָגט ער מיר אָפּ דאָס לעבן, טאַטענקע אין הימל!... און אָט אָ שטאַרב איך, מריה דאַב־רהם!... און אָט ליג איך שוין אויף דער טהרה־ברעט, אוי־ווײ, אוי־ווײ!"... אויף עטלעכע רגעס איז דעם רבינס קול שטיל גע־וואָרן, נאָר באַלד האָט זיך זײַן קול ווידער געלאָזט הערן, דאָס מאָל זאָגנדיק שוין מיט אַ פריילעכן טאָן: „נו, אָט לעב איך דאָך פאָרט — — מה רבו מעשיך ד'! ווי גרויס זײַנען דײַנע טאַטן, אָ, גאָט!" און תיכּף דערנאָך דערהערן מיר זײַנע ווערטער: „והוא רחום יכפּר עון ולא ישחית" — — — ער האָט גענומען דאַווענען „מעריב", און ערשט ווען ער איז „אויסגעשטאַנען" די „שמונה־עשרה", האָט ער אָנגעצונדן די לאָמפּן, אויפגעשלאָסן די טיר פונעם ישיבה־חדר. ערשט דעמאָלט זײַנען מיר אַרײַנגעקומען אינעווייניק אין חדר.

אָט אַזוי איז עס געווען די הנהגה פון מײַן רבין דעם נזיר.

איין מאָל, נאָך האַלבער נאַכט, האָט ער אונדז פאַררופן אין דער ישיבה אַרײַן. די לאָמפּן האָט ער פאַרדרייט. אַליין איז ער גע־ווען אײַנגעהילט אין זײַן טלית, און אין ישיבה־חדר האָט דאַן גע־הערשט אַ קדושה־גײַסט, און — אָט האָט ער גענומען רײדן צו אונדז וועגן „התבטלות היש", ווי מ'דאַרף זיך נישט גרויס האַלטן, ווי די גשמיותדיקע עקסיסטענץ איז נאָר אַ טפל, ווי אַזוי יעדער מענטש דאַרף שטרעבן נאָר צו פאַרפולקומען זײַנע מעלות, און ווי אַזוי, ווידער, מ'דאַרף זען דערגרייכן צו דער מדרגה פון טאָן אַ מצווה, נישט צוליב דער מורא פאַרן גיהנום, נײַערט אויף צו איבערצײַגן זיך, אַז „אַ מצווה שטאַרקט און קרעפטיקט דעם גוף און די נשמה, דאַקעגן די עבירה איז מזיק, מקלקל (כ'גיב דאָ איבער עקזאַקט מײַן

---

* זאַמקאָוו איז געווען אַ באַרימטער יידישער דאָקטער אין גראָדנע. אויך אין דער גאַנצער אַרומיקער געגנט האָט געקלונגען זײַן שם.

רבינס אויסדרוק) סײַ דעם קערפּער און סײַ דעם גײַסט". נאָכן פּאַ־רענדיקן די דאָזיקע מוסר־רייד, האָט ער אונדז געהייסן זאָגן דעם ווידוי הגדול דרבינו נסים — און געזאָגט האָבן מיר אים מיט געװיין. נו, שטעלט זיך פאָר: ווי נאָך האַלבער נאַכט זאָגן יינגלעך און יונגעלײַט דעם גרויסן ווידוי, טאָ וואָס פאַר אַ מין מאָוימדיקן רושם דאָס האָט דאַן געמאַכט אויף אונדז!

ר' דוד פלעגט אָפטער, זומערצײַט, זיך אָװעקלאָזן שפּאַצירן אין וואַלד. דאָרט, צווישן די ביימער און פייגל, פלעגט ער זיך אײַנ־ספּירירן מיט זײַנע דערהויבענע געפילן און פלעגט צוריקקומען אַ באַגײַסטערטער פון דער געטלעכער יצירה.

געווען איז ער, ר' דוד, אַ מוראדיקער מתנגד פונעם חסידיזם. אַלצדינג פלעגט ער זיי, די חסידים, מוחל זײַן, אָבער נישט דאָס דאַוונען זייערס אַזוי שפּעט אין דער פרי, און ער פלעגט זיך אויף זיי בייזערן: „סטײַטש, עובר זײַן אויף זמן קריאת־שמע! גוואַלד, דאָס איז דאָך ממש אַ זינד, אַ חטא שלא יכופר!"...

צוליב עקאָנאָמישע מאָטיוון האָט ער אַמדור געהאַט פאַרלאָזן אויף אַ משך פון עטלעכע יאָר.

פאַרטראָטן האָט אים דאַן אַ זון פון נאָווידוואָרער רב. געהייסן האָט ער ר' אַברהם, וועלכער איז געווען אַ מוסמך, אַ גרויסער בקי בתורה. ס'איז געווען מיט אים אַלצדינג גוט, נאָר געהאַט האָט ער איין חסרון: ס'האָט אים געפעלט, נעבעך, אַ ביסל פיקחות. די אַמ־דורער לצים פלעגן אויף אים זאָגן: „אָט אַ גרויסער שוטה", אַנ־דערע פלעגן זיך אויסדריקן אידעלער: „אַ ייִד אַ תם"...

מ'האָט אַ מאָל געהאַט געפרעגט אַ רב, וועלכער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ חכם, ווי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז אַ רב זאָל זײַן אַ חכם? די תורה לערנט דאָך, אַז: „תמים תהיה עם ד'" — נאַ־ווּ, באַשיידן, אײנפאַך, אָדער פשוט, זאָלסטו זײַן מיט גאָט — און דער קלוגער רב האָט דערויף געענטפערט: „יאָ, ס'איז אמת, אָבער אויף צו קענען זײַן אַ תם, מוז מען ערשט האָבן חכמה און טאַקע אַ סך

חכמה״... יאָ, ר׳ אַברהם, צו תמימות איז נייטיק צו האָבן חכמה אויך.

געווען איז אויך אַ שטיקל צײַט ראש־ישיבה אין אַמדור איטשע־בער. אָבער בשעתו האָט די ישיבה געהאַט אַנגעווירן איר פּאַרנעם, דעם פּרעסטיזש פון ר׳ דודס „ממשלה״. ס׳איז געווען „סר צלה, פּנה זיווה״ — אַראָפּ איר גלאַנץ — — —

נאָך מײַן פּאַרלאָזן אַמדור, איז ר׳ דוד נאָך אַ מאָל געבראַכט געוואָרן אַהין, צו זײַן דער ראש־ישיבה. כ׳קען אָבער וועגן יענער צײַט נישט שרײַבן, נישט האָבנדיק געווען אַן עד־ראיה. באַוווסט איז מיר אָבער, אַז אויך אין יענער צײַט זײַנען פון ר׳ דודן אַרויס אַ היפּשע צאָל גוטע תלמידים, פון צווישן וועלכע עס געפינען זיך איצטער עטלעכע דאָ, אין בוענאָס־אײַרעס. אײנער איז חנניה קאַ־גאַנאָוויטש, אַ זון פון אַמדורער שוחט ר׳ יוסף; ווידער, נאָך אַ תלמיד פון ר׳ דודן, וואָס האָט געלערנט נאָך אין מײַן צײַט, איז מאָטקע משה ליימעס, אַ ייִנגערער ברודער פון מאיר־הערשל יעלין. מאָטקע האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

## אַמדורער מלמדים און לערערס

אין מײַן זכרון זײַנען פּאַרבליבן די געשטאַלטן פון אַמדורער מלמדים: בערטשיק, ליימע, לייבע חנה נטעס, איטשע־בער א״אַ. ווערלנדיק אָבער זײַן לאָיאַל צו דער פּראָפעסיע — מײַן גאַנץ לעבן האָב איך מיר אָפּגעגעבן מיט חינוך — וויל איך פּאַרצײכענען עט־לעכע, וועלכע פּאַרדינען אַ באַזונדערע באַשרײַבונג. בין איך דאָך דאָ, אין אַרגענטינע, אפשר דער לעצטער פון די אַמדורער „מאָהי־קאַנער״ פון יענעם דור...

ווי אַלע ייִדישע שטעט און שטעטלעך פון יענער צײַט, האָט אַמדור געהאַט אַ סך דרדקי־ חומש מיט רש״י און גמרא־מלמדים, עטלעכע פון זיי „אומנים״ און „בעלי פּועל״. אָבער אַנדערע אויך נישט פעיִקע, פּשוטע קאַליקעס. אַלע צוזאַמען פלעגן „האַקן האַלץ״

און שטאָפּן זייערע תלמידים מיט תורה. אַ חוץ דער ישיבה האָבן עקסיסטירט אין אַמדור צוויי תלמוד־תורהס, ווו עס פלעגן לערנען אַ גרויסע צאָל אָרעמע יידישע קינדער; אַלע נאַקעטע און באָרוועסע, פשוטו כמשמעו. די ביידע אַנשטאַלטן זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון קופּת־הקהל. ביידע מלמדים זיינען געווען גרויסע אָרעמע לייט. איינער האָט געהייסן הירשל כאַשעס און דער צווייטער — אפרים דער תלמוד־תורה־מלמד. הירשל כאַשעס פלעגט זיך אָפּגעבן מיט נאָך אַן אַרבעט: ער פלעגט פאַררייידן ציין־וויטאָג... נאָכן לערנען פלעגט ער ביים זון־אונטערגאַנג גיין צו די קראַנקע און טאָן זיין „דענטיסטישע" אַרבעט — 2 קאָפּיקעס פאַר יעדער „אָפּעראַציע"...

אפרים דער תלמוד־תורה־מלמד האָט זיך אָפּגעגעבן מיט „אינ־דוסטריע": ער פלעגט פאַבריצירן גראָשנס פון קאַרטאָן. אין אַמדור איז אַ גראָשן געווען אַ מטבע. מען פלעגט קויפן פאַר אַ גראָשן זויערמילך צי אַ קוואָרט מאַסליאַנקע, אָדער קעז און אַנדערע מעדני מלך... עס האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין דעם מינץ, און דער דערמאָנטער מלמד איז געווען דער „אינוועטאָר" פון דער טאָוול־נער מטבע. אַפילו אין פּאָסט פלעגט מען אָננעמען דאָס דאָזיקע קליינגעלט. מען פלעגט קויפן ביי דעם „פאַבריקאַנט" פאַר אַ צענער 10 פּאַפּירענע גראָשנס און אין יעדן מאָמענט איז אפרים געווען פאַראַנטוואָרטלעך צוריק אויסצובייטן. זיין ריווח האָט ער געהאַט דערפון, וואָס אין אומגאַנג־פּראָצעס פלעגן פיל גראָשנס צעריסן ווערן אָדער פאַרלוירן גיין — פאָרט פּאַפּיר — און דאָס איז געווען כולו ריווח...

עס זיינען געווען אין אַמדור נאָך עטלעכע דרדקי־מלמדים: אפרים־אליהו דער מלמד, לייבע באַהעלפער, מאָטקע דער מלמד און שמעון דער מלמד. די לעצטע צוויי האָבן געהאַט צונאָמענישן צוליב זייערע אַשר־יצר־פּעלערן...

מאָטל גאָלדעס. — אַ פּאָפּולערער מלמד פון תנ"ך, התחלת גמרא און שרייבן. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין שמייסן אַפילו גרויסע בחורים; פאַר יעדן וואָרט וואָס מ'האָט נישט געקענט אין תנ"ך —

גלײַך מלקות. לייבע דוד קאַנטאָרטשיקס, אַ פּריזיוו־בחור, האָט באַ־קומען 21 מאָל שמיץ פאַר דעם דריטן קאַפּיטל ישעיהו — העכסים והשביסים והשהרנים... — אין וועלכן עס געפינען זיך 21 שווערע ווערטער פון אַמאַליקן ייִדישן טואַלעט בײַ די בנות ציון. פאַר יעדן וואָרט האָט מען אים מקיים געווען „אחור לא ישוב ריקם"... קיין לומדים האָט מאָטל גאָלדעס נישט אַרויסגעגעבן; אָבער אַלע זײַנע תלמידים זײַנען אַרויס מיט אַ שיינער קאַליגראַפישער האַנטשריפט.

פאַר מײַן פאַרלאָזן אַמדור האָט ער זיך אַריבערגעצויגן ווי אַ מלמד אין גראָדנע.

אַהרן קדיש דער מלמד. — אַ למדן מופלג, חסידיש געשטימט. פלעגט לערנען מיט קינדער חומש מיט רש"י. געווען אַ גרויסער מײַסטער בײַם אויסאַרבעטן פון צוקער־פּאַפּיר דעם חושן ואפוד. אין דער סדרה „ואתה תצוה" פלעגט ער אַרויסווײַזן זײַן קונסט אין ביב־לישער קליידונג. טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ סימפּאַטיזירער פון חסידיזם, פלעגט ער זײַן דער געשווירענער בעל־תקוע אין ברעג־מאַנס בית־מדרש. זײַן חסידיזם פלעגט ער אַרויסווײַזן פּורים. אין דעם טאָג פלעגט ער אַרומגיין אין גאַס מיט אַן איבערגעקערטן שעפּסענעם פּעלץ און מיט אַ פּײַקל אין האַנט, זינגענדיק מיט אַ גרילציקן קול „שושנת יעקב"... ער פלעגט קיין מאָל נישט דאַוונען אין חסידאַרניע, נאָר אין ברעגמאַנס בית־מדרש.

איך וויל דערמאָנען אַן עפּיזאָד, וואָס באַווײַזט אַז מײַן רבי אַהרן קדיש האָט דאָך פאַרשטאַנען אין הלכות פּעדאַגאָגיע, הגם זײַן לימוד איז ווײַט געווען פון פּעדאַגאָגישע מעטאָדן. איין מאָל אין אַ זומער־דיקן טאָג, איז ער געזעסן אין בית־מדרש און שטילערהייט גע־לערנט. איך מיט נאָך ייִנגלעך פון מײַן עלטער האָבן אים געשטערט מיט אונדזער שטיפערײַ. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט בייזן וועט ער מיט אונדז גאָר נישט אויספירן און ס'איז אים אײַנגעפאַלן אַ טריק: צעטיילן די „כאַליאַסטרע". ער האָט מיך צוגערופן צו זיך און מיר געוויזן אַ תוספות ישנים אין מסכת יומא, דף כ"ב, וואָס האָט מיך פאַראינטערעסירט, און איך האָב איבערגעלאָזט די גאַנצע

כנופיה. אין בית־מדרש איז געוואָרן שטיל, חברה איז געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט...

ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער געלערנט אין דער נאָרמאַל־שול די צען פּעדאַגאָגישע געזעצן, וואָס איינער פון זיי לערנט: „די טעטיקייט איז אַ געזעץ ביי קינדער. געוווינט־איין דאָס קינד צו אַרבעטן", האָב איך דאָן פאַרשטאַנען די סטראַטעגיע פון מיין רבין ר' אַהרן קדיש ז"ל, כאָטש ער האָט ניט געשטודירט פּעסטאַלאָצין... יאָ, ר' אַהרן קדיש! איך בייג מיין קאָפּ פאַר דיין תורה, פון וועל־כער איך שניייד נאָך היינט ווערטפולע קופּאָנען...

יעדן יום־טוב פלעגט מיר מיין פאָטער ע"ה שיקן פאַרבעטן דעם רבין אויף טיי און ביידע פלעגן זיך מתווכח זיין אין חסידיש־מתנג־דישער פּאָליטיק, מאַנעווורירנדיק מיט כלערליי אַרגומענטן.

אַלטער פּאַיע־עטעס. — אַ מלמד פון חומש מיט רש"י, „סוואַר־בע" (עשרים וארבעה) און התחלת גמרא. ביי אים האָב איך גע־לערנט אין יאָר די פּרקים פון „אלו מציאות" און „המפקיד" (בבא מציעא) און „המניח" און „הכונס" (בבא קמא). מען האָט אים גע־רופן דער „ספרא דמתא" (שטאָט־שרייבער), ווייל ער פלעגט שרייבן בריוו פאַר מאַמעס צו די זין, וואָס זיינען געווען אויף „סלוזשבאַ" (מיליטער־דינסט), פאַר מיידלעך צו זייערע חתנים אָדער פאַרקערט. אַלע פלעגן זיך פאַסמאַקעווען מיט זיינע בריוו. „נאָר אַלטער פּאַיע־עטעס קען 'איינלייגן' אַ בריוו" — פלעגן טענהן די מאַמעס אָדער די כלות. פאַר יעדן בריוו פלעגט מען אים באַצאָלן צוויי אָדער דריי קאָפּיקעס. אָרעמע פלעגן אים גאָר נישט באַלוינען. ער פלעגט נישט אָפּזאָגן קיינעם. אַמדורער שאַצערס פלעגן זאָגן, אַז פון דעם „שריי־באָכץ" פלעגט ער מער פאַרדינען ווי פון דער מלמדריי. ער איז אָבער כל ימיו געווען אַן „איינגעפונדעוועטער" אָרעמאַן.

שלמה־משה דעם „רעבעס". — אַ ציטערדיקער מלמד, פון שיי־נעם אויסזען, מיט אַ פיינער בלאָנדער באָרד און ציכטיק געקליידט. פלעגט ווירקן מיט זיין רידן אויף די תלמידים. אַליין אַ סלאָנימער חסיד. איין מאָל אין די „דריי וואָכן" האָט ער פאַר אונדז קינדער

געלערנט דעם פּרק „הנזיקין" אין „גיטין", אין דעם טייל, וווּ עס רעדט זיך וועגן חורבן. ער האָט זיך פונאַנדערגעווײנט אויפן קול, און מיר צוזאַמען מיט אים. דאַכט זיך, אַן אײנפאַכער עפּיזאָד, אָבער איך שאַץ איצט אָפּ די גאַנצע מעשה מיט אַ רעטראָספּעקטיוון בליק און איך פיל, אַז דער רבי מײַנער האָט אין מיר אײַנגעפלאַנצט אַהבת ציון וירושלים. זאָלן די ווערטער דינען ווי אַ פאַרערונג פאַר מײַן פאַרשטאָרבענעם רבין. בײַ אים האָב איך געלערנט „בבא מציעא", און טראָץ מײַן יונגן עלטער — איך בין דאַן אַלט געווען 9 יאָר — האָט ער באַוויזן צו מאַכן פאַר מיר פאַרשטענדלעך די שיטות פון „רכוב ומנהיג" און „תגרי לוד".

ווען שלמה־משה דעם „רעבעס" האָט פאַרלאָזן די פּראָפעסיע פון מלמדות — זײַן פרוי רבקה האָט געהאַלטן אַ קרעמל — האָט אים מײַן פאָטער ז"ל געוואָלט רופן צו אַ דין־תורה... סטײַטש! געגעבן אַזאַ פּעולה, און פּלוצלינג איבערגעלאָזן אין מיטן...

דער אָסטרינער מלמד. — ווי דער נאָמען זײַנער זאָגט עדות, איז ער נישט געווען קיין אַמדורער; געקומען פון דעם שטעטל אָסטרין, נישט ווײַט פון אַמדור. געטראָגן אַ פּאָר בלויע ברילן און געווען שיין געקלײדט. זיך געפירט מאָדערן, געלערנט זײַנע תלמי־דים שווימען און פלעגט גיין זיך באָדן צוזאַמען מיט זיי. פאַר יענע צײַטן אין אַמדור איז דאָס געווען אַ גרויסער פּראָגרעס. ער איז געווען אַ גרויסער מסביר פון תנ"ך. זײַן זיס זינגען בײַם לערנען, פלעגט מאַכן אַ שטאַרקן רושם אויף די תלמידים און צוקוקערס. עס איז מיר געבליבן אין זכרון דער שיעור, וואָס איך האָב בײַגע־ווינט אויף זײַן אײַנלאַדונג. אין קאַפּיטל 8 פון יחזקאל בײַ דעם פּסוק 14, „והנה שם הנשים יושבות מבכות את התמוז", האָט ער כמעט געהאַלטן אַ דרשה מיט אַ זיסן ניגון. ער האָט דאַן גערעדט וועגן דער ייִדישער מאַמע, וואָס דאַרף זיך אָפּגעבן מיט דער דער־ציִונג פון אירע קינדער. ער האָט דערמאָנט דעם פּסוק „ובן כסיל תוגת אמו". און וואָס האָט דערזען דער הייליקער נביא קומענדיק צוריק צײַטווײַליק פון בבל קיין ארץ־ישראל? „והנה שם הנשים

יושבות מבכות את התמוז!״ איך בין געבליבן דערפון שטאַרק באַ־אײַנדרוקט. בײַ אים האָבן געלערנט בחורים פון רײַכע עלטערן. קיין לומדים אָדער העברעער זײַנען פון זײַן חדר נישט אַרויס; אפשר עטלעכע, וואָס האָבן פאַרלאָזט אַמדור נאָך פריִער פון מיר. דער אָסטרינער מלמד פלעגט אויך לערנען חומש מיט עלטערע ייִדן ווינ־טער פאַר טאָג אין ברעגמאַנס בית־מדרש. ייִדן זײַנען געווען אַנט־ציקט פון זײַן לערנען.

נחום דעם שמשס טאָכטער — חיה־זויבע די לערערקע. — איך וועל נישט זײַן ערלעך מיט מײַן פאָרגענומענער מיסיע צו לאָזן אַ זכר נאָך מײַן געבוירן־שטאָט, און עס וועט פעלן אַ שטאַפּל אין דעם לייטער פון אַמדורער „קולטור־בויערס״ פון יענער עפּאָכע, ווען איך וועל נישט דערמאָנען אָט יענע מיידל, וואָס האָט געלערנט די גאַנצע שטאָט — באַזונדערס מיידלעך און ווײַבלעך — לייענען און שרײַבן. אַ ריינער אַמדורער פּראָדוקט, וואָס פאַרדינט פאַרצייכנט צו ווערן אין די אַנאַלן פון יענעם ליטווישן שטעטל. אָבער קודם־כל, איר ביאָגראַפיע: איר טאַטע איז געווען נחום דער שמש. אַליין אַ ביסל משוגעוואַטע. געוווינט פשוט אין אַ חורבה, אַ מיזעראַבלע כאַטקע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרוב. דאָרט האָבן געוווינט נאָך אָרעמע לײַט, געפּלאָגטע מיט דער דריטער מכה פון מצרים...

פון וואַנען האָט געלעבט דער ייִד מיט זײַן פאַמיליע? ניסים ונפלאות. אַלעמען האָט ער באַדינט. אויף אַלע לוויות איז ער גע־ווען. אַלע קראַנקע פון ערגסטן מין האָט ער געהיילט. שטענדיק געלייענט ביכלעך און ספרים פון אַלערליי סאָרטן: דעם „שבחי האַרי״, „שבחי בעל שם טוב״, „מעשה אַלפס״, „ספר הברית״, שמרס געשיכטעס און דינעזאָנס ראָמאַנען. אַלץ האָט ער געקויפט און גע־לייענט. ווי האָט ער געקענט גענומען געלט דערצו? איין גאָט ווייסט. זײַ־נער אַ זון — דוד־לייב — האָט זיך פון זיך אַליין אויסגעלערנט גרינטלעך די רוסישע שפּראַך און געוואָרן דער לערער פון דער יוגנט. משוגע ווי זײַן טאַטע. ווינטער פלעגט ער טראָגן אַ שטרויע־נע הוט און זומער — אַ קאַראַקולענעם אָפּגעריבענעם היטל. שפּע־

טער איז ער אַרײַנגעטראָטן אין מאָסקווער יורידישן פאַקולטעט. וואָס מיט אים האָט פּאַסירט נאָך מײַן פאַרלאָזן אַמדור, איז מיר נישט באַוווּסט.

נחומס טאָכטער, חיה־טויבע — אַ קריפּל פון דער נאַטור, מיט האַלבע פיס און דעפאָרמירטע הענט, איז געוואָרן די לערערקע פון שטאָט*. נישט געווען אַ מיידל אָדער אַ ווײַבל וואָס איז נישט גע־גאַנגען צו נחומס טאָכטער לערנען לייענען און שרײַבן. וווּנדער איבער ווונדער! אָט דאָס קריפּל האָט געהאַט אַ פּערלדיקן כתב, קײַלעכדיקע און געטאָקטע אותיות און איר לערנען פלעגט ברענגען גרויס פּעולה. אַלע תלמידים פלעגן זיך אויסלערנען אין אַ קורצער צײַט לייענען אין סידור און אין ביכל און שרײַבן בריוו פון בריוונ־שטעלער.

דער שכר־לימוד איז געווען אַ מינימאַלער, פּשוט אַ לעכערלע־כער — אַ זעקסער אַ וואָך, דאָס הייסט, 3 קאָפּיקעס, און מיט דעם פאַרדינסט האָט זי געשפּײַזט די גאַנצע פאַמיליע. נחום, איר טאַטע, פלעגט זיך באַרימען אין בית־המדרש מיט דער קונסט פון „טשיסטע פּיסאַניע" (ריינער שריפט אָדער קאַליגראַפיע), וואָס זײַן טאָכטער באַזיצט. ווען איך בין אין יאָר 1936 געווען אין איראָפּע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון נאָרד־אַמעריקע, האָב איך דאָרט געטראָפן עלטערע פרויען פון אַמדור, וואָס פלעגן זיך באַרימען, אַז זייער גאַנצע תורה האָבן זיי צו פאַרדאַנקען נחום דעם שמשס טאָכטער, חיה־טויבען. עס וועט נישט זײַן איבערגעטריבן ווען איך וועל זאָגן, אַז יענער קריפּל האָט מציל געווען דעם גאַנצן אַמדורער אָרעמען עולם פון אַנאַלפאַבעטיזם.

נישט אומזיסט האָבן אונדז געלערנט אונדזערע חכמים: „הזהרו

---

* ווי אַנדערע אַמדורער געדענקען, האָט זי שפּעטער חתונה געהאַט און געבוירן צוויי קינדער. איר מאַן איז געווען מענדעלע דער שמש.

רעד'.

בבני עניים, שמהם תצא תורה" — רעספעקט פאַר דעם אָרעמען קלאַס, ווײַל ער איז דער פארשפרייטער פון בילדונג.

לייבע שבחס. — ער איז געווען מײַן פאָטערס רבי. און אויך געווען זײַנער אַ שוועסטערקינד. אַ טיפער און שטילער למדן. מען האָט קיין מאָל קיין פּאָרע נישט געהערט פון אים. אין בית־מדרש, ווען אַלע יידן פלעגן דאַוונען מיט התלהבות, פלעגט ער זיצן איבערן אַלפּס אָדער איבערן רא"ש, מורמלענדיק שטילערהייט. מען האָט דערציילט, אַז איין מאָל ווען יידן האָבן געזאָגט מחזור, בײַ דער עבודה אין יום־כיפור, וויינענדיק בײַ דער סליחה פון „תנות צרות לא נוכל" איז לייבע שבחס געזעסן איבער דער גמרא יומא. וואָס גייען־אָן לייבע שבחס פּיוטים און סליחות פון ר' אליעזר הקליר? גמרא, — דאָס איז דער עיקר; דאַוונען, סליחות — דאָס איז פון קלענערער חשיבות.

איך וויל אויך אָפּגעבן עטלעכע שורות פאַר זײַן פרוי. זאָל זי אויך פיגורירן אין אַמדורער פערסאָנאַזשן־גאַלעריע. זי האָט געהייסן שרה־פּעשע און געווען אַ שם־דבר אין אַמדור. אַ גרויסע פאַרשוין און אַ מויל אויף שרויפן. נישט געווען קיין קללה פון דער תוכחה, וועלכע שרה־פּעשע פלעגט נישט באַניצן פאַר אירע קעגנערס. זי האָט געהאַט אַ שטיבעלע נעבן גרויסן בית־מדרש. אירע שכנים זײַנען נישט געווען פון בעסטן סאָרט, דער גרעסטער טייל פון זיי — קריגערס און שלעגערס, און דאָך פלעגן זיי אַלע אַנטלויפן ווען שרה־פּעשע פלעגט דערשײַנען אויף דער „אַרענע"... שרה־פּעשע איז געווען פײַער און פלאַם און דערצו זייער קלוג. איך געדענק, אַז אין אונדזער פאַמיליע, ווען מען האָט געדאַרפט עמעצן פון די פרויען באַצייכענען ווי אַ קלוגע און שלעכטע, איז געווען געניג דער נאָמען „שרה־פּעשע"... זי האָט געוווינט אין שכנות מיטן אַלטן רב, ר' אַברהם־עזרא ז"ל. ער פלעגט לײַדן פון שרה־פּעשעס הינער, וועלכע פלעגן אָפטער אַרײַנגיין אין בית־המדרש. ער האָט איין מאָל דערהערט ווי אירע אַ הון האָט „סאָקאָטשעט", נאָך דעם ווי זי האָט זיך געלייגט אין די שימות. „דאָס איז על כל דבר פּעשעס הון"... —

האָט ער זױציק באַמערקט. לײבע שבחס מיט שרה־פעשען האָבן גע־האַט זײער שײנע קינדער. די צװײ טעכטער, מלכה און רײזל, זײַנען געװען אַמתע פּאַרשױנען. אײן זון, משהקע שרה־פעשעס, האָט גוט געקענט רוסיש און העברעיִש.

װעלװל שלומס. — אַן אַלטער גמרא־מלמד, אײן גאַנצן בלינד אױף דער עלטער. נישט געקוקט אױף דעם פיזישן פעלער זײַנעם, פלעגט מען אים איבערגעבן צום לערנען גמרא די בעסערע תּלמידים — יונגע בחורימלעך, װײַל ער איז געװען אַ גרױסער בעל־פּועל. װען ער פלעגט דערהערן אַ נישט־קאָרעקטע װערסיע פון רש״י אָדער תּוספות פון די תּלמידים, פלעגט ער מיט דער האַנט אױפהײבן די ברעמען און אַרײַנקוקן אינעװײניק. אָפטער פלעגן פליִען נאָך דעם פּעטש װי שפּענער. ער פלעגט אױפװײַזן, אַז די תּלמידים האָבן צו־נױפגעטשעפּעט צװײ פּראַזעס, װעלכע דאַרפן געלײענט װערן באַזונ־דער. זײַן ספּעציעלע גמרא איז געװען „גיטין״, װעלכע ער האָט גע־קענט קלאָר אױסנװײניק, מיט רש״י און תּוספות.

געװױנט האָט ער אין אַ קלײנעם צימערל — דלד על דלד, — אין װעלכן דאָס װײַב זײַנס פלעגט נאָך פּאַרקױפן גרױפּן. דאָרט איז אױך געװען דער חדר. װען ער פלעגט װעלן מכבד זײַן די תּלמידים מיט קלעפּ, פלעגן זײ אים אונטעררוקן אַ זאַק מיט בולבע־שאָלעכץ, אין װעלכן ער פלעגט אַרײַנלײגן אַלע זײַנע קלעפּ...

אַן אמתער בלינדער, פּשוט חשוב כּמת, און דאָך זיך נישט אונ־טערגעגעבן. דעם גאַנצן לעבן זיך געפּלאָגט, כּדי צו פאַרשפּרײטן תּורה. ער איז נפטר געװאָרן פּרײַטיק, כּמעט װען מען האָט שױן געררופן אין שול אַרײַן. די קבורה האָט מען געמאַכט אײַלנדיק. מען האָט אים נישט מספּיד געװען. נאָר נחום דער שמש האָט אַרײַנגעזאָגט אין קבר: „רבי, האָט רחמנות, עס האָלט שױן בײַ אַ ׳זעקסער׳ אַ פונט שװאַרצע ברױט״...

אַט דעם בלינדן גמרא־מלמד האָט נחום דער שמש דעלעגירט צו זײַן דער אַמדורער מליץ־יושר אױף יענער װעלט לטובת אַמדור־

רער אָרעמע לײַט... אַ „זעקסער" אַ פונט שוואַרץ ברויט — דאָס איז געווען דער אַלאַרם פאַר פמליא של מעלה!...

נחום דער שמש האָט נישט געהאַט אַפילו קיין השגה צו „באַנ־טשע שווײַגס" בולקע מיט פוטער...

אלעזר דעם רבס. — מען פלעגט אים רופן לאָזער דעם רבס. דער ייִנגערער זון פון רב אַברהם־עזרא ז"ל. דער עלטערער האָט געהייסן ר' אַביגדור, אַ גאונישער מוח, וואָס האָט באַקומען סמיכה פון ר' יצחק־אלחנן ז"ל צו 17 יאָר. געווען רב אין גראַיעווע און אָסטרין. געשטאָרבן גאָר יונג. אין 30 טעג אַרום נאָך זײַן פטירה האָט זיך ערשט ר' אַברהם־עזרא דערוווּסט, און נאָך דעם ווי ער איז אָפּגעזעסן אַ שעה שבעה — אַ שמועה רחוקה — האָט ער זיך אָפּ־גערופן צו זײַן פרוי עטשע: „מען וועט אונדז אויף יענער וועלט אויך נישט אָפּלייקענען, אַז אַביגדור איז אונדזער זון"... צווישן פיל אַנדערע ספרים איז ער אויך געווען דער מחבר פון „קרבן תודה" און „ענבי הגפן"; דער ערשטער אויף „תשובות" און דער צווייטער אויף „חמש מגילות".

להיפוך פון זײַן גרויסן ברודער, איז לאָזער געווען מינדערוויכ־טיק, נישט קיין למדן. געהאַט אַן אומגליקלעך לעבן. עטלעכע מאָל חתונה געהאַט. די ערשטע פרוי געגט, ווײַל זי איז געווען אַן „אי־לונית" — אַ נאַטירלעכע קינדערלאָזע, — וועלכע ער, ווי אַ כהן, האָט געדאַרפט גטן לויטן דין. זי איז אָבער געווען זייער אַ שיינע און ער האָט זיך נישט געוואָלט שיידן פון איר. דער אַלטער רב האָט אים „מדיר הנאה געווען" — נישט געוואָלט קומען מיט אים אין קאָנ־טאַקט; צום סוף זיך פאָרט מיט איר געגט, האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער, וועלכע איז געווען צײַטנווײַז משוגע, און ער האָט זיך אויך מיט איר צעשיידט. ער איז געבליבן דאָס גאַנצע לעבן אַן אומגליקלעכער בטלן. טאָג ווי נאַכט געלעגן אין בית־מדרש, גע־פלוידערט און געשלאָפן. ער איז געווען אַ סך יאָרן מלמד. פאַר־מאָגט געוויסע פאַרצײַטיקע פעדאַגאָגישע פעיִקייטן.

ער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן אָפּגעוואַלגערט אין בית־המדרש.

נישט געקאָנט פירן קיין פאַמיליע־לעבן. די צווייטע פרוי האָט ער נישט געקענט גטן, ווײַל זי איז געווען ניט שטענדיק בײַם קלאָרן זינען. בײַ אַלעם דעם איז ער געווען שאַרפזיניק און אַ וויצלינג. אויף זײַן סיטואַציע האָט ער אײַנגעטײַטשט דעם פסוק: „אני לצלע נכון ומכאובי נגדי תמיד" — איך בין שטענדיק מוכן צו נעמען אַ ווײַב. „צלע" האָט ער געטײַטשט „אַ פרוי" (ויקח אחת מצלעותיו), — אָבער מײַן ווייטאָג איז שטענדיק קעגן מיר: איך האָב נאָך נעבן מיר נאָענט די פריִערדיקע ווײַב".

די אַלע תלמידים זײַנע זײַנען אַרויס פון אים קענענדיק אַ פרשה חומש מיט רש"י און אויך אַ קאַפּיטל „סוואָרבע".

געשטאָרבן איז ער עלנט און פאַרלאָזן. זו היא תורה וזה הוא שכרה.

## אַמדורער רוסישע לערערס

מײַן געבוירן־שטאָט האָט אויך געהאַט אַ פּאָר „אוטשיטעלעס" (לערערס) וואָס האָבן געלערנט דעם עולם לייענען און שרײַבן רוסיש. נישט געווען גאָר קיין גרויסע קענער פון דער רוסישער ליטעראַ־טור, אָבער האָבן אויסגעלערנט דעם יונגן דור פון יענער צײַט אָנ־צושרײַבן אַן אַדרעס און לייענען אין דער לאַנדשפּראַך.

ר' לייזער־פּײַוול. — אַ רוסישער לערער, וואָס האָט זוכה גע־ווען, אַז אויך הינטער די אויגן פלעגט מען אים רופן ר' לייזער־פּײַוול; און ער האָט דאָס כשר פאַרדינט. אַ ייִד אַ צדיק, אַ לערנער, און דאָס גאַנצע לעבן זיך אָפּגעגעבן מיט העלפן אָרעמע לײַט, און אַלץ שטיל, רויִק, אַן דעם אַז עמעצער זאָל וויסן, פשוט „מתן בסתר". ער פלעגט וויסן פון די עקאָנאָמישע סיטואַציעס פון יעדן יורד און פלעגט אונטערקומען מיט זײַן שטיצע. אַליין געלעבט אין דחקות און געזאָרגט נאָר פאַר יענעם. ער איז געווען געהילף־„קאַזיאָנער רב", געמאַכט אַלע מעטריקעס (געבורטס־סערטיפיקאַטן), צו קענען רעגולירן די לאַגע פון די „נעלמים" — נישט קיין פאַרצייכנטע

ייִדישע בירגערס — און פלעגט אַ סך מאָל מטיב זײַן מיט יונגעלײַט צו מציל זײַן זיי פון מיליטער־דינסט. זײַנע מעטריקעס פלעגן אָנער־קענט ווערן פון גאָדקינדן, דעם הויפּט „קאַזיאָני ראַווין" פון גראָדנע, אין וועמענס הענט עס איז געלעגן דער ציווילאַמט פון דער ייִדי־שער באַפעלקערונג פון גאַנץ גראָדנער גובערניע.

אַ האַנטשריפט האָט ר׳ לייזער־פּײַוול געהאַט אַ פּערלדיקע. ער פלעגט אויך לערנען שרײַבן העברעיִש; ער פלעגט דיקטירן און די קינדער פלעגן שרײַבן. ער פלעגט אַרויסגעבן אויף צו שרײַבן אין דער היים „אַ שורה", און צו די בעסערע תלמידים — אַ „האַנטפאַר", דאָס הייסט, אַ גאַנץ בלעטל אָנגעשריבן מיט זײַנע שיינע אותיות, וואָס האָט געדינט ווי אַ מוסטער־עקזעמפּלאַר.

יעדן אָוונט, נאָך מעריב, פלעגט ער זיצן אין ברעגמאַנס בית־מדרש און לערנען פאַר עטלעכע אַרבעטערס „מדרש תנחומא". ער איז נישט געווען קיין גרויסער בעל־מסביר און דערצו איז ער גע־ווען אַן אַסטמאַטיקער און פלעגט רעדן זייער שטיל. זײַנע תלמידים בײַם טיש פלעגן אָפטער גוט אײַנשלאָפן בײַם לערנען; אָבער ר׳ לייזער־פּײַוול פלעגט אָנגיין מיט זײַנע מדרש־שעורים. מען מוז פאַרשפּרייטן תורה.

אין די לעצטע יאָרן איז אים דערלויבט געוואָרן צו געבן צוויי מאָל אין וואָך רוסישע לעקציעס אין אַמדורער ישיבה. ר׳ דוד באַ־ראַן ז"ל, דער ראש־ישיבה, האָט געזאָגט: „מען מוז קענען שרײַבן אַן אַדרעס, און אויף ר׳ לייזער־פּײַוול מעג מען זיך פאַרלאָזן"... ער האָט געהאַט אַ זון מיטן נאָמען שמואל־יואל. אַן אָפענער מוח געווען, ליידער אָבער, געענדיקט זײַן לעבן אין אַ משוגעים־הויז.

סאָקאָל. — אַ רוסיש־ייִדישער לערער. אַ הויכער, קורצזיכטי־קער. האָט געטראָגן גאָלדענע ברילן און געווען קורץ געקליידט (ר׳ לייזער־פּײַוול ע"ה האָט געטראָגן אַ קאַפּאָטע). 50 קאָפּיקעס אַ חודש פלעגט ער נעמען פאַר אַן „אוראָק" (לעקציע) צוויי מאָל אין וואָך. זײַן שול האָט זיך געפונען אין זײַן וווינונג, אין אַ צימער בײַ יעקב־יוסף דעם טאָקער. צוויי כרעסטאָמאַטיעס פלעגט ער באַניצן צום

לערנען לייענען: „פּאַול סאַן", צווייטער טייל און „רוסקאַיאַ רעטש".
מײַנע ערשטע ידיעות אין דער רוסישער שפּראַך האָב איך באַקומען
בײַ סאָקאָלן. אין גאַנצן איין האַלב יאָר האָב איך געלערנט בײַ דעם
לערער. איך געדענק ווי איין מאָל האָט ער פאַרגעבן די תּלמידים
פון מײַן כּיתה אויסצולערנען אויף אויסנווייניק אַ קינדערשע „פּאָע־
זיע" מיט דעם טיטל: „פּיעטושאָק, פּיעטושאָק, זאָלאָטאָי גרעבע־
שאָק" — הענדל, הענדל מיטן גאָלדענעם קעמל, — און ווען איך
האָב דעקלאַמירט מײַן „שיר", ענדיקנדיק: ...„שטאָ טי ראַנאָ ווסטאַ־
יאָש אי ספּאַט ניע דאַיאָש" — וואָס פרי שטייסטו־אויף און פון
שלאָף וועקסטו־אויף — האָט סאָקאָל צו מיר געזאָגט: „מיט דיר
דאַרף מען שוין לערנען „גלאַגאָל"* און כ'האָב נישט פאַר דיר קיין
כּיתה"... מיט דעם האָט זיך געענדיקט מײַן „סטודיום" אין רו־
סיש בײַ סאָקאָלן.

אָט דער רוסישער לערער פלעגט ליב האָבן צו דאַווענען פאַרן
עמוד און פלעגט זיך נישקשהדיק גאָרגלען בײַם „מי שברך" אָדער
„אָב הרחמים" בײַ לייזער־שואלס מנין.

שמואל נופך. — מען פלעגט אים רופן אין אַמדור שמואל משה
אָזיאָרערס. זײַן עלטער־זיידע האָט געשטאַמט פון שטעטל אָזיאָר.
אין די יונגע יאָרן איז ער אַוועקגעפאָרן אין וואָלינער געגנט און
איז צוריקגעקומען מיט דעם טיטל „נאַראָדני אוטשיטיעל" — פאָלקס־
לערער. ער האָט אויך געשפּילט זייער שיין פידל. געהאַט אַ שיינע
ידיעה אין דער רוסישער שפּראַך און אין אַריטמעטיק. אויך גע־
קענט אַ ביסל דײַטש. געווען אַ גוטער מאָדערנער לערער. געהאַט
אַ סך תּלמידים. איך און מײַן עלטערער ברודער שבח־אַברהם ז"ל,
האָבן בײַ אים געלערנט אַ שטיקל צײַט. זיין לערנצימער איז געווען
אין דער חסידאַרניע. אין די לעצטע יאָרן פון דער צאַרישער הער־
שאַפט, איז שמואל נופך באַשטימט געוואָרן פאַר אַמדורער בירגער־

---

* גלאַגאָל — צײַטוואָרט; פּעלים אין העברעיִש.

מײַסטער. שמואל נופך איז געווען משה ליימעס אידעם, בכן, אַ קרוב פון די יעלינס פון אַרגענטינע.

באַמערקונג פון רעדאַקציע:

ידידיה אפרון האָט דאָ דורכגעלאָזט נאָך אַנדערע אַמדורער לערערס, ווײַל ער איז יונגערהייט אַוועקגעפאָרן פון אַמדור. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן כאָטש אַ טייל פון זיי: 1) יענקל דער לערער (יעקב זאַק, דער פאָטער פון אַברהם זאַק), אַ לערער פון רוסיש, ייִדיש און פויליש; אַ „פראַשעניע״־שרײַבער און אַ רייד יאָרן געווען אויך געהילף־„קאַזיאָני ראַווין״; 2) הירשל הימעלפאַרב; 3) אַלטער ערבאַרעס; 4) אַברהם זאַק (אין 1915—1916); 5) ציליע רויטבאַרט; 6) דאָראַ טורבאָוויטש; 7) אַהרן סאָראָטשקין און נאָך אַנדערע צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

**
*

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה בין איך דאָ, אין אַרגענטינע, געוואויר געוואָרן, אַז מײַן רבי ר׳ דוד געפינט זיך אין ווילנע, און כ׳האָב זיך פשוט פאַרבענקט נאָך אים. כ׳האָב געפילט, אַז ער האָט מיר עפּעס געגעבן און דערפאַר בין איך אים עפּעס שולדיק. אָבער ווו געפין איך אים, און ווי אַזוי? האָב איך זיך געווענדט צו ר׳ חיים־עוזר גראָדזענסקי ז״ל, איז מיר אין אַ פּאָר חדשים אַרום אָנגעקומען פון ווילנער רב־הכולל אַ בריוו, אין וועלכן ער איז מיר מודיע געווען, אַז ר׳ דוד זיצט און לערנט יומם ולילה אין „גאונס קלויז״ און נייטיקט זיך אין שטיצע. האָב איך תיכף אָנגעהויבן אים שיקן געוויסע סומעס געלט, צווי מאָל אין יאָר — אויף פסח און סוכות. און אַזוי האָב איך אין משך פון עטלעכע יאָר קאָרעספּאָנדירט מיט אים, ביז איין מאָל האָט מיך די האָלענדישע באַנק — וואָס דורך איר פלעג איך שיקן דאָס געלט צו ר׳ דודן — געלאָזט רופן און מיר געגעבן צו וויסן, אַז לויט אינפאָרמאַציעס באַקומענע פון ווילנער באַנק־אָפּטייל, איז ר׳ דוד, דער רבי מײַנער, שוין אַוועק פון דער וועלט.

דער באַנק־אָנגעשטעלטער, אַ נישט־ייִד, זייענדיק טשעקאַווע

צו וויסן, האָט מיך דערבײַ געפּרעגט, אין וואָס פּאַר אַ קרובהשאַפט האָט זיך דער נפטר אָנגעהערט מיט מיר. איך האָב אים דערקלערט, אַז קיין קרוב מײַנער איז ער נישט געווען, נאָר געווען איז ער מיר אַ רבי. און דערבײַ האָב איך מיטן גוי געהאַט צו לערנען הילכות תלמוד תורה, אַז לויטן ייִדישן דין שטייט דער לערער — דער רבי — אויף אַ העכערער מדרגה ווי עלטערן, בנוגע כבוד אָפּגעבן.

מײַן רבי ר׳ דוד! זאָלן מײַנע שורות דינען ווי אַ זכר פּאַר דײַן הייליקן ליכטיקן נאָמען.

זײַן בן־יחיד (געהייסן האָט ער אָשר־קלמן), וואָס איז געווען ראש־ישיבה אין פּאָנעוועזש, איז אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה דורך די נאַצישע רוצחים, ימ״ש.

## אַמדורער כוהנים

איך וויס נישט פּאַר וואָס, נאָר עס איז אַ פֿאַקט: אַמדור האָט געהאַט אַן איבערפֿלוס פֿון כוהנים. אין אַלע בתי־מדרשים און אין דער גרויסער שול פֿלעגן זיך אויסשטעלן שורות פֿון כוהנים בײַם דוכענען, וואָס פֿלעגן פֿאַרהילכן דעם עולם מיט דעם מישמאַש פֿון קולות בײַ דער ברכה פֿון „אַשר קדשנו בקדושתו של אַהרן״. אַלטע ייִדן, יונגעלײַט, בחורים און בר־מצווה־ייִנגלעך פֿלעגן וועלן איבערשרײַען איינער דעם צווייטן. איר פֿלעגט הערן קולות ווי פֿון אַ פֿאַס, שטימען פֿון באַסן, טענאָרן, סאָפּראַנעס, פֿאַלצעטן און גלאַט משונהדיקע קולות און אַלע אין אַ דיסאַנאַנץ וואָס פֿלעגט פֿאַרטויבן. יעדער פֿלעגט ענדיקן דעם „באַהבה״ מיט אַ פֿאַרשיידענעם פֿינאַל און צו לעצט אַ יונג צוציקל מיט אַ פֿאַרשפּיצטן קול פֿון אַ ציגעלע: באַ־ה־באַאַאַ. איך געדענק אַז אין די ימים־טובים, בײַם דוכענען, פֿלעגן זיך אין גרויסן בית־המדרש אויסשטעלן כוהנים, פֿון אָרון־קודש ביז דער טיר. לאָזער דעם רבס האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז אַמדור האָט אַ גאַנצן באַטאַליאָן מיט כוהנים...

אין דער אמתן, ווען די פֿלעגן אַראָפּגיין פֿון דוכענען, האָט זיך

אויסגעוויזן ווי אַ פּראָצעסיע וואָס מאַרשירט אין זאָקן. אַ גליק פון אַ שטאָט...

## העברעישע פאַמיליע-נעמען

אַמדור האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע העברעיִשע פאַמיליע־נעמען. כמעט פענאָמענאַל. די נעמען פון די בגדי כהונה זײַנען גע־ווען זייער גוט פאַרטראָטן אין אַמדורער פאַמיליעס, באַזונדערס בײַ דעם אַרבעטער־קלאַס. די רשימה וואָס איך גיב דאָ, לויטן אַלף־בית, זאָגט עדות, אַז די אַמדורער ייִדן און באַזונדערס די בעלי־מלאכות זײַנען שוין אין יענער צײַט געווען העברעיִש געשטימט.

אבנט, אפרון, בוקי, ופסי, חזן, חירם, ישפה, יהלם, ינשוף, מצנפת, מנקר, מרגלית, נפך, נחבי, ספיר, מין, צרפת, שיר, ששון, שהם, תרשיש.

בײַ דער געלעגנהייט וויל איך פעסטשטעלן, אַז מײַן פאַמיליע־נאָמען איז אפרון — מיט אַן אַלף בײַם אָנהייב, און נישט עפרון — מיט אַן עיִן. פיל ייִדן מיינען אַז איך קען מיך נישט אונטערשרײַבן... והא ראיה, אין דער תורה שטייט דאָך בפירוש: עפרון החתי! אַלזאָ, דער גרינדער פון דער פאַמיליע אפרון, אין דער צײַט פון אַלעקסאַנ־דער דעם ערשטן, איז געווען ר׳ אפרים. ווען מען האָט געפאָדערט בײַ אים אַ פאַמיליע־נאָמען, האָט ער געענטפערט: אנא מזרעא דיוסף קא אתינא דלא שלטא ביה עינא בישא, משבט אפרים — איך שטאַם פון יוספס קינדער, וואָס עס נעמט אים נישט קיין גוטע אויג, פון דעם שבט אפרים. פון אפרים קומט אפרון. פאַרגרײַזט געוואָרן — עפרון.

און אַזוי ווי איניקע לומדים האָבן מיר אויך באַמערקט, פאַר מײַן נישט קאָרעקטן אונטערחתמנען, וועל איך מיך אויך דערלויבן צו ציטירן אַ תוספות אין דער גמרא מגילה, דף י׳, עמוד ב׳, אויף דעם נאָמען פון „רבה בר אפרן״ (דאַכט זיך, געווען אַן אמורא): „רבה בר אפרן גרסינין ולא גרסינין עפרון, דשם רשמים ירקב ולא מסקי

בשמיהו״ — מען לייענט רבה בר אפרון און נישט עפרון, ווײַל נעמען פון שלעכטע מענטשן זאָלן פוילן און מען דערמאָנט זיי נישט (אגב, זען רשומות חלק ו׳, בלאַט 335 — עפרון).

זאָל דאָ באַמערקט ווערן: איך שרײַב נאָר פון זכרון, און עס איז גאַנץ זיכער אַז פיל העברעיִשע פאַמיליע־נעמען האָב איך דורכ־געלאָזט אין מײַן צעטל, ווײַל אין דעם אַמאָליקן ייִדישן שטעטל פלעגט מען זעלטן אָנרופן לויטן פאַמיליע־נאָמען, נייערט לויטן טאַ־טן, מאַמען, פרוי, מאַן, באַשעפטיקונג, פּראָפעסיע אָדער צונאָמען: לייזער שואלס, לייבע חנה עטעס, מאָטע טויבעס, פעשע מאַטעס, אַל־טער פאַיע־עטעס, לייבע מענדלס, אייזשע מענדלס, אפרים אַבעס, הירש מאַשעס, אפרים תלמוד־תורה־מלמד, אאַז״וו, אאַז״וו.

איך בין זיכער, אַז איך האָב דורכגעלאָזן פיל העברעיִשע מש־פּחה־נעמען פון אַמדור. אַלנפאַלס קאָנען די אַמדורער ייִדן פון פריִער־דיקע דורות זאָגן: מיר האָבן נישט ליטוויזירט, פּאָלאָניזירט אָדער רוסיפיצירט אונדזערע פאַמיליע־נעמען, נײַערט מיר האָבן זיי „ביב־ליזירט״ אָדער העברעיִזירט.

## אַמדורער דאָקטוירים

עס פלעגט אָפט פּאַסירן, אַז אַמדור פלעגט בלײַבן אָן אַ דאָק־טער. קיין שפּיטאָל איז אין אַמדור נישט געווען. די שטאָט פלעגט אין די פאַלן בלײַבן אויף די פּלייצעס פון גדליקע דעם רופא, ישר־אלקע דעם רופא און הערשל דעם סופר. עס איז נאָך געווען אין אַמדור אַ רוסישער אויסגעדינטער דאָקטער, וואָס האָט שוין ניט פּראַקטיצירט. גערופן האָט מען אים „דער גראָבער דאָקטער״. איך געדענק צוויי פון די אָפיציעלע דאָקטוירים: דעמבע און וויזגירד; דער ערשטער אַ ייִד, דער צווייטער אַ פּאָליאַק. דעמבע איז געווען אַ ברודער פון דעם געשמדטן דאָקטער וואָס האָט אין זײַן צײַט וויסנ־שאַפטלעך פאַרטיידיקט די ייִדישע שחיטה קעגן דעם פאָרשלאָג פון די רוסישע אַנטיסעמיטן — צער בעלי חיימניקעס פון יענער עפּאָכע,

צו פֿאַרבאָטן. זײַן פֿאַרטיידיקונג־בוך איז איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיִש און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם צווישן ייִדן. דאָס בוך איז באַניצט געוואָרן פֿיל מאָל אין אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער קעגן די אַנטיסעמיטישע אָנפֿאַלן אויף דער ייִדישער שחיטה. דאָך האָט עס נישט געהאָלפֿן אַז די פֿרײַע שווייצאַריע זאָל אין איר נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע אַרײַנשטעלן אַ פֿאַראַגראַף וואָס פֿאַרבאָט די ייִדישע שחיטה אויף איר טעריטאָריע. נישט געווען קיין צער בעלי חיים אין בוכענוואַלד, מײַדאַנעק, טערעזינשטאַט... נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער ייִדישער שחיטה — וועלכע איז ווינציקער גרויזאַם ווי קיילען אָדער שטעכן — דאַן אַרגומענטירט דער „צער בעלי חיים". איך ווייס, אַז אין דער „קדימה"־ביבליאָטעק פֿון מאַזעסוויל האָט זיך געפֿונען אַ „אוניקום" פֿון דעם דערמאָנטן בוך.

חסידישע ייִדן פֿון יענער צײַט פֿלעגן דערמאָנען צום גונסטן דעם נאָמען פֿון דעמבען, טראָץ זײַן שמדן זיך. דער אַמדורער דעמבע איז געווען זייער אַ גוטער מענטש און אויסגעצייכנטער דאָקטער. ער פֿלעגט ריידן אויך ייִדיש מיט זײַנע פּאַציענטן, אַ זאַך וואָס מען פֿלעגט שווער אויספֿירן בײַ פֿיל אַנדערע ייִדישע דאָקטוירים אין יענער צײַט. איך געדענק אַז אויך דער גרויסער דאָקטער זאַמקאָוו, זייער באַרימט אין גאַנץ גראָדנער גובערניע, פֿלעגט דווקא ריידן נאָר ייִדיש מיט זײַנע חולאים. אַן אַמדורער ייִד האָט אים אַ מאָל געזאָגט אין גראָדנער שפּיטאָל, אויף רוסיש, אַז עס איז שלעכט, ווײַל די פֿאַרגאַנגענע נאַכט האָט ער געהאַט 42 גראַד היץ, און זאַמקאָוו האָט אים געענטפֿערט אויף ייִדיש: מלאכים, שרפֿים און חיות הקודש האָבן 42 גראַד היץ...

אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם „גראָבן דאָקטער". ער האָט געהייסן גרעגאָראָוו. געווען אַ רוס. מען פֿלעגט אים רופֿן „דער גראָבער דאָקטער" נישט צוליב זײַן מאָגערקייט, פֿאַרשטייט זיך... זײַן וווינונג איז געלעגן בײַם סוף שטאָט, אָבער נישט ווײַט פֿון ייִדישע הײַזער. געווען נישט קיין אַנטיסעמיט. ער האָט געהאַט אַ גרויסן חזיר, וועלכער פֿלעגט אָפֿט באַזוכן די ייִדישע פֿירהײַזער. עס פֿלעגט

נישט פעלן דער מין אויך פון אַנדערע גרינישע בעלי־גופים, מיט וועלכע מען פלעגט זיך ווינציק זשענירן... אַ שטעקן, אַ ביסל הייס וואַסער איז געווען דער כיבוד וואָס זיי פלעגן באַקומען, אָבער מיט דעם „גראָבן דאָקטערס״ דבר־אַחר פלעגט מען זיך באַגיין מיט „אור־וואַזשעניע״...

ווען עס איז אָנגעקומען אין אַמדור — אין אַ געוויסן יאָר — די גזירה פון „טשיסטאָטאַ״ און עס איז באַשטימט געוואָרן פון דער רע־גירונג אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, איז אין שטאָט געוואָרן אַ בהלה: מען האָט פאַרבאָטן צו האַלטן שמעטניקעס נעבן יעדער שטוב. משנים קדמוניות פלעגן ייִדן קלײַבן די מיסט פון אַ גאַנץ יאָר, יע־דער נעבן זײַן שטוב. די ערשטע מעלה פון דעם איז געווען באַ־קוועמלעכקייט: אויסגעקערט די שטוב, אַרויסגעשאָטן גלײַך אויפן שמעטניק; פול געוואָרן די פּאָמוניצע, אויסגעגאָסן אויפן שמעטניק; שבת־צו־נאַכטס, ווען דער צעבער איז געוואָרן מיטן ווערך, פול מיט שיריים פון טשאָלנט און אַנדערע מאכלים, פלעגט מען אַרײַנ־רוקן אַ שטעקן אין דיביידע אויערן און זאַלבענאַנד גלײַך אויסגע־גאָסן אויפן שמעטניק... פשוט אַ מחיה. די צווייטע מעלה, און גאָר אַ גרויסע: נאָך פּסח, ווען עס האָט געלאָזן דער שניי מיטן אײַז, פלעגט קומען יורקע, קאַזימיר אָדער יאַשקע און פלעגט צונעמען דעם גאַנצן שמעטניק אויף צו באַמיסטיקן זײַן קליין שטיקעלע מאָגער ערד, וועלכע ער פלעגט צעאַקערן און דער באַלעבאָס פון שמעטניק פלעגט דאָרט פאַרזייען קאַרטאָפל. דער „בעל־הגוף״ פלעגט נאָך סוף זומער אַ מאָל צעאַקערן דאָס שטיקל ערד, כדי דער ייִד זאָל קענען אויפקלײַבן דעם גאַנצן פּראָדוקט. און אַלץ איז געווען צו פאַרדאַנקען דעם שמעטניק... נו, קומט די קאָמיסיע און קאַסירט־אויס די שמעטניקעס, אויס שמעטניק, נישט אויף אַ רפואה... גוואַלד געַ־שריִען! מען וועט דאָך אויסגיין ווינטער פון הונגער אָן בולבעס. און ווער איז אַלץ שולדיק אין דעם? — דער „גראָבער דאָקטער״, ווײַל ער איז איינער פון די קאָמיסיאָן־מיטגלידער; ער, דער קרולי־קער מאַיאָר און פּרעאָבראַזשענסקי דער „וואָלאָסטנויער שרײַבער״.

עס האָבן זיך דערהערט קולות און גוואַלדן: ווי וועט מען דאָס לעבן אָן אַ שמעטניק? שמעיה יונהס, אַ שוסטער, אַ גרויסער וויצלינג, האָט געטרייסט די ייִדן: עס וועט נישט אויסהאַלטן, מען וועט אַראָפּ־נעמען די גזירה, ווײַל דעם „גראָבן דאָקטערס" חזיר וועט פּגרן פון הונגער אָן ייִדישע שמעטניקעס... און שמעיה האָט געהאַט רעכט. ייִדן האָבן ווײַטער געשאָטן זייער מיסט נעבן די הײַזער. גרעגאָראָוו האָט געשריִען: „טשיסטאָטאָ, טשיסטאָטאָ!" און דער דבר־אַחר פלעגט אַלע טאָג ווערן פעטער און גראָבער...

אַ וואָרט וועגן דעם קרוליקער מאַיאָר. קרוליקע איז געווען דער נאָמען פון אַ הויף נישט ווײַט פון אַמדור. זײַן באַלעבאָס, אַן אַלטער רוסישער אויסגעדינטער מאַיאָר, איז געווען אַ געשמדטער ייִד, אַ זון פון אַ קאַנטאָניסט. הויך געבויט, מיט אַ גרײַז־גרויע ייִדישע באָרד. ייִדן פלעגן זיך צו אים באַציִען נישט מיט גרינגשעצונג. ייִנגלעך פלעגן נאָכלויפן נאָך זײַן קאַרעטע און נאָכשרײַען „משומד", אָבער קיין צרה איז, חלילה, נישט אַרויסגעקומען דערפון. אין זײַן הויף האָט ער געהאַלטן אַ ייִדישן אַרענדאַר — יודל קרוליקער, פלעגט מען אים רופן. אַמדורער ייִדן, וועלכע זײַנען געקומען אין אַרגענטינע נאָך מײַן פאַרלאָזן רוסלאַנד, האָבן מיר דערציילט, אַז אין די לעצטע יאָרן איז צו אים געקומען זײַנער אַ ברודער, אַ מלמד ערגעץ אין דער ליטע, וועמען ער האָט געהאָלפן מיט אַ גרויסע סומע געלט. און די אַמדורער אָרעמע־לײַט זײַנען אים שטאַרק מקנא געווען...

## אַמדורער אַפּטייק

איין אַפּטייק איז געווען אין דער גאַנצער שטאָט און אומגעגנט. אַזוי פיל דערפער וואָס האָבן עקסיסטירט אין דעם גאַנצן ראַיאָן — פון אַמדור ביז גראָדנע אין צפון, דרײַ מײַל; ביז קריניק, אין דרום, פיר מײַל און ביז קוזניצע, אין מערב, צווי מײַל — און אין דעם גאַנצן געגנט איין איינציקער אַפּטייק און איין איינציקער דאָקטער. גויִים פלעגן זיך כמעט נישט באַנוצן מיטן דאָקטער אָדער מיטן אַפּ־

טייק. קיין מאָל כמעט נישט געווען קראַנק, און אויב יאָ, איז אָן צע־רעמאָניעס: געלעגן עטלעכע טעג און אויפן צווינטער... די רײַ־כערע שליאַכטע פלעגן זיך באַנוצן מיט „פייגל יהודה מרדכיס״, אַ ייִדישע זנאַכערקע, און אין בעסטן פאַל — מיט גדליקע דעם רופא, וועלכער פלעגט פאַרשרײַבן ניט קיין קאָמפּליצירטע רעצעפּטן וואָס פלעגן אָנגענומען ווערן אין אַפּטייק. אין דער צײַט פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה פון 1898, איז ער געווען דער אָפיציעלער מילי־טערישער פעלדשער און פון דאַן האָט ער געהאַט די קאָנצעסיע צו זײַן דער שטאָט־רופא. די אַרומיקע פריצים פלעגן אין נויטפאַלן פליִען קיין אַמדור אָדער גראָדנע. אַזוי, אַז סײַ דער דאָקטער און סײַ דער אַפּטייקער האָבן געהאַט ווינציק אַרבעט אין מײַן געבוירן־שטעטל.

פאַר די זעכצן יאָר וואָס איך האָב געלעבט אין אַמדור, געדענק איך צוויי אַפּטייקערס: איינער אַ ייִד, און דער צווייטער אַ פּאָליאַק *. דער אַפּטייק האָט זיך געפונען אין מוניע חזהס הויז אויפן ערשטן שטאָק. בײַם אַרײַנגאַנג — אַ גלעקל. אין פירהויז, אויבן־אָן — דאָס בילד פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. (ניקאָלײַ דער צווייטער איז אַרויף אויפן רוסישן טראָן אַ יאָר פאַר מײַן פאַרלאָזן אַמדור). עס פלעגט מאַכן דעם אײַנדרוק, אַז עס האַנדלט זיך פון אַ רעגירונגס־אַנשטאַלט. דער ייִדישער אַפּטייקער, געדענק איך האָט געהייסן יאָנעס; נישט קיין גאָר הויכער, אַן אידעלע געזיכט מיט אַ גרויסן

---

* דער לעצטער ייִדישער אַפּטייקער אין אַמדור איז געווען אַ געקומענער פון ווײַסרוסלאַנד, געהייסן האָט ער יתום. געווען איז ער אַ נאַציאָנאַלער ייִד, אַ פאַרקאָכטער רעוויזיאָניסט — אין זײַן פאַמיליע האָט מען גערעדט העברעיִש — סײַ ער, סײַ זײַן פרוי, סײַ זײַנע קינדער, וועלכע זײַנען דערצויגן געוואָרן אין ייִדישן גײַסט. אין זײַן שטוביקער ביבליאָטעק האָבן זיך געפונען די באַ־דײַטנדיקסטע העברעיִשע שרײַבערס און דענקערס. זײַן הויז איז געווען אַ טרעפ־פּונקט פאַר דעם קליינעם שטעטלשן קרײַז אינטעליגענץ. אומגעקומען איז ער מיט זײַן פאַמיליע אין דער היטלער־צײַט. איין זון זײַנער, עמנואל, וועמען ער האָט פאַר דער מלחמה אַוועקגעשיקט קיין ישראל, געפינט זיך אין אַ קיבוץ. — רעד׳.

פליך אויפן קאָפּ, קאָרעקט געקליידט און זייער אַ שטילער מענטש. איך קען נישט געבן קיין אָפּשאַצונג װעגן זײַן אינטעליגענץ, װײַל איך בין נאָך געװעזן דאַן גאָר אַ קליינער ייִנגל. מען האָט מיר, אָבער, געזאָגט אַז ער איז געװען זייער אַ געלערנטער. זײַן פרוי איז געװען זייער אַ שיינע, אָבער זייער אַסימילאַטאָריש געשטימט: געפירט אין שטוב אַ טרייפענע קיך, אָבער גערופן ייִנגלעך פון חדר אויף צו לייענען קריאַת־שמע, װען זי איז געלעגן געװאָרן, און אויפגעהאַנגען איבערן בעט שיר־המעלותן, אַ סגולה קעגן נישט־גוטע אָדער שדים. זי איז געװען אַן אמתער עקזעמפּלאַר פון די ייִדיש־פּוילישע אַסימי־לאַנטקעס — אַ פּאַליאַטשקע פון משהס גלויבן — װעלכע האָבן גע־האָט אַ נטיה צום קאַטוליציזם און אין דער זעלביקער צײַט געהאַט בײַ דער טיר אַ מזוזה און געפאַסט יום־כיפּור.

ס'האָט פּאַסירט אַז עס איז געקומען דער קעלמער מגיד, װעל־כער האָט אין זײַן צײַט אויפגעשטורעמט מיט זײַנע פײַערדיקע דרשות גאַנץ ליטע און אַנדערע געגנטן פון רוסלאַנד און אַפילו דײַטשלאַנד. די שולן און בתי־מדרשים פלעגן זײַן געפּאַקט, נישט אַ שפּילקע אַרײַנצוװאַרפן, פּשוט אויף די קעפּ פלעגט מען שטיין. אַליין אַ תל־מיד פון ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל, פּראָפּאַגאַנדיסט פון תורת־המוסר — לערע פון מאָראַל און עטיק — און אַן אמתער אָנהענגער פון זײַן גרויסן רבין, פלעגט ער צוציִען אַ ריזיקן עולם, פון אַלע שיכטן, צו זײַנע דרשות. באַגאַבט מיט אויסערגעװיינלעכע אָראַטאָרישע פעִי־קייטן און מיט אַ מתיקותדיקער שטימע. ער פלעגט בילדעריש מאָלן דעם גיהנום מיטן גן־עדן. מען פלעגט זיך געפינען בוכשטאַבלעך אין דער אַטמאָספערע, װעלכע ער פלעגט שאַפן, און די אוידיטאָריע פלעגט פּשוט עלעקטריזירט װערן פון זײַנע פאָרטראָגן. עס איז אין גאַנץ ליטע געװען אָנגענומען, אַז דער קעלמער מגיד האָט מחזיר למוטב געװען טויזנטער פרײַ־געשטימטע ייִדן. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז גאַנץ אַמדור — מענער, פרויען, פרומע און פרײַע, האָבן אָנ־געפולט די שולן און בתי־מדרשים װען ר' משה־יצחק — אַזוי האָט געהייסן דער קעלמער מגיד — האָט זיך געפונען אין אַמדור. אויך

יאָנעס דער אַפּטייקער איז געקומען אים הערן. דער קעלמער האָט דאָן אַנטוויקלט אין זײַן דרשה דעם מאמר „רבה בר בר חנה“, וועגן די פעטע גענדז וואָס ער האָט געטראָפן אין דער מדבר, וועלכע זײַנען אַזוי פעט אַז זייערע פעדערן פלעגן זיך אַרויסגליטשן פון זייערע קערפּערס. רבה בר בר חנה האָט זיי געפרעגט צי אויף יענער וועלט וועלן מיר עפּעס קענען געניסן פון אײַך? און איין גאַנדז האָט אים געוויזן מיטן פליגל אויפגעהויבן, און איינע האָט איבּ געוויזן מיטן פליגל אַראָפּגעלאָזן. און דאָ האָט זיך דער קעלמער צעלאָזט מיט זײַן רײַכער רעטאָריק און בילדעריש באַשריבן יענע סימבאָלישע געגדז, מיט וועלכע רבב״ח האָט דיסקוטירט: וואָס? — האָט ער אַרגומענטירט — דער הייליקער רבה בר בר חנה האָט געהאַנדלט מיט געגדז, טאַפּנדיק זיי, צי זיי זײַנען פעט אָדער מאָגער? אין דער מדבר האָט ער געמוזט זוכן פעטע געגדז? און ער האָט זיך צעזונ־גען: די פעטע געגדז, דאָס זײַנען געווען די נשמהס פון די טרייפ־ניאַקעס, וועלכע פלעגן בײַם לעבן פרעסן טרייפע פולקעס, געפירט טרייפע קיכן, זיך אויסגעפּאַשעט אַזוי, אַז שמאַלץ פלעגט רינען פון זייער פעטקייט, און איצט, נאָכן טויט, בלאָנדזשען זיי, נעבעך, אַרום אין דער מדבר און זוכן אַ תיקון פאַר זייערע נשמות. און דער קעל־מער איז אַרײַן אין התפעלות און האָט געכאַפּט אַ שמועס מיט יענע געגדז, שוין נישט זינגענדיק, נאָר פּשוט, אַ דיסקוסיע; ער פרעגט זיי: פעטינקע טרייפניאַקעלעך, וואָס הערט זיך עפּעס אויף יענער וועלט? ווי גייט עפּעס דאָרטן? איאָ, אַ טײַערע קיך ווו מען פרעגלט פעטע גענדזלעך איז דאָרטן פאַראַן, דערציילט, דערציילט פעטע גענדז לעך... און דער קעלמער ענטפערט דאַן, מיט אַ שטימע פון געגדז וואָס גראַגערן און קוואַקען, „חדא דליא לי אטמא וחדא דליא לי גדפא“, איין גאַנדז האָט מיר געוויזן מיטן פליגל אַראָפּ, זאָגנדיק: אוי, צדיקל, נישט גוט אין גיהנום, מען ברענט, מען סמאַליעט, מען בראָט, און נאָך אַלעמען ווער אַ גאַנדז, שלײַע זיך אום אין די מדבריות און אַלץ צוליב דעם וואָס בײַם לעבן געוואָלט זיך אָנפּאַשען, אָנפרעסן זיך מיט טרייפענע געגדז און לעבן אַ גוטן טאָג... די אַנדערע

גאַנדז האָט געמאַכט מיטן פליגל אין דער הויך, װײנענדיק און גראַ־גערנדיק: האָט רחמנות אויף אונדז, ראַטעוועט אונדז, זוכט אָן „עליה״ פאַר אונדזערע נשמות — און דאָ זינגט זיך אונטער דער קעלמער: „נשמין ערטילאַין״ — הוילע און נאַקעטע נשמות. און ענדלעך שרײַט־אויס דער גרויסער מגיד: „הערט און שטוינט, רבו־תי! ווייסט איר וואָס ר׳ אלעזר האָט געזאָגט וועגן יענע נשמות, „עתידין ישראל לתן עליהן את הדין״, ייִדן וועלן דאַרפן אָפּגעבן רע־כענונג פאַר יענע אומגליקלעכע נשמות וואָס לײַדן, נעבעך, אַזוי פיל. און דער קעלמער רופט־אויס ווײנענדיק: און אַמדורער ייִדן וועלן דאַרפן אָפּגעבן שפּעטער דין וחשבון פאַר די נשמין ערטילאַין, וואָס לײַדן צוליב די זינד פון די טרייפע קיכן... נאָך דער דרשה האָט דער אַפּטייקער אויסגערופן: ער האָט מיך פאַרברענט, און האָט גלײַך פאַרלאָזן דעם בית־מדרש.

צו מאָרגנס האָט דער אַפּטייקער געפאָדערט בײַ זײַן פרוי אײַנ־צופירן אַ כשרע קיך אין הויז, אָבער זי — איין מאָל ניין.- צוויי כו־חות האָבן זיך אָנגעהויבן צו ראַנגלען בײַ דעם ייִדישן אַפּטייקער אין אַמדור: דער קעלמער מגיד פון איין זײַט און די אַסימילאַציע פון דער צווייטער. יאָנעסן האָבן געשראָקן רבה בר בר חנהס גענדז; דער יאָנעסיכע, די פוילישע פּאַנעס. גובר געווען האָט דער גרויסער מוסר־זאָגער און יאָנעס האָט זיך געגט מיט זײַן פרוי און האָט פאַרלאָזן אַמדור. אויף זײַן פּלאַץ איז אָנגעקומען אַ פּאַליאַק מלידה ומבטן. שפּעטער מיט יאָרן, ווען איך האָב געהערט אַנדערע מגידים — דעם אײשישקער, דעם סקידלער, דעם מאַזורער און אַנדערע — האָב איך פאַרשטאַנען די גרויסע קראַפט פון דעם גרויסן תלמיד פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער ז״ל און די גוואַלדיקע השפעה וואָס ער האָט געהאַט אויפן ליטווישן ייִדנטום. איך האָב אים ווײַטער געהערט אין יאָר 1894, אין דער צײַט פון סליחות. ער איז שוין דאַן געווען אַלט און צע־בראָכן, אָבער זײַן אָראַטאָרישע קראַפט איז ניט שוואַכער געוואָרן; דער זעלביקער ניגון, די זעלביקע פײַערדיקע שטים, דער זעלביקער טאָפּטשע מיטן פוס און די זעלביקע איבערצײַגנדיקע קראַפט. דאַכט

זיך, אַז דאָס אַלץ וואָס ער פלעגט זאָגן איז געווען אַרויסגענומען פון אַלשיך; מיר פלעגן דאָס רעווידירן און אונטערזוכן באַלד נאָך דער דרשה, אָבער פון זײַן מויל פלעגט עס אַרויסגיין נײַ, עפּעס אַנדערש, עפּעס פון דאָס נײַ געבוירן. איך האָב געהערט דעם קעלמער 28 דרשות, ווען איך בין אַלט געווען 9 יאָר און שפּעטער 14, און איך בין עד־היום באַאײַנפלוסט פון יענער גרויסער פּערזענלעכקייט. זײַנע דרשות זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן — איך האָב זיי נישט געזען — אָבער מען פלעגט זאָגן, אַז דער קעלמער שבעל־פּה איז געווען שטאַר־קער ווי דער פון בכתב. ווען מען האָט אים דאָס באַמערקט, האָט ער געענטפערט, אַז די דרוקערס זײַנען שולדיק, ווײַל זיי האָבן נישט אַרײַנגעשטעלט „זײַן טאָפּטשע מיטן פוס"... און גאַנץ נאַטירלעך, עס האָט געפעלט זײַן מימיק, זײַן זשעסטיקולאַציע, וועלכע האָבן צו־געגעבן עפעקט און קראַפט.

דער קעלמער איז געשטאָרבן אין לידע אין יאָר 1900, אין על־טער פון 71 יאָר, ווען איך בין שוין געווען אין אַרגענטינע. איך האָב געלייענט דאָן, אַז ווײַבער האָבן געכאַפּט אין פלעשער דאָס וואַסער פון דער טהרה, ווי אַ סגולה צו פאַרשיידענע קרענק און אַנדערע צרות, און דער לידער רב — איך געדענק נישט, צי דאָס איז געווען דער גאון ר' יעקב־יצחק ריינעס ז"ל — האָט געמוזט אויסרופן אַ שטרענגן איסור פון טומאת המת.- אַזוי איז געווען פאַרהייליקט דער גרויסער קעלמער מגיד.

## אַמדורער ווײַנשענקערס

אַמדורער יידן פלעגן זיך נישט איבערטרינקען מיט ווײַן. אַ קוואַרטירל ראָזשינקע־ווײַן אויף קידוש און הבדלה, פּרײַטיק־צו־נאַכטס און שבת־צו־נאַכטס, איז געווען גענוג געווען מקיים צו זײַן „זכרהו על היין". פּיאַניצעס זײַנען מיר, וואָס? געמאַכט קידוש און הבדלה, יוצא. מען האָט נישט געטרונקען דעם ווײַן לשם טרינקען, חלילה! מען טרינקט די משקה, ווײַל די תורה האָט אָנגעזאָגט מען זאָל מאַכן

קידוש. ווײַן פון טרויבן — דאָס האָט מען אין אַמדור נישט געוווּסט. טרינקען ווײַן בײַם עסן, פלעגט מען זאָגן, דאָס טוען פריצים. אַמדור־רער ייִדן, וואָס פלעגן דורכפאָרן בעסאַראַביע, פלעגן דערציילן ניסים ונפלאות וועגן בעסאַראַבער ייִדן, וואָס טרינקען ווײַן מיטן קענדל. אין די לעצטע יאָרן פאַר מײַן פאַרלאָזן אַמדור, פלעגט מען שוין ברענגען ווײַן פון בעסאַראַביע, נישט פון דעם בעסטן סאָרט, נאַטיר־לעך, אָבער אַמדורער ייִדן פלעגן זאָגן, אַז צום ראָזשינקע־ווײַן קומט עס נישט... עפּעס „פּריקרע" — פלעגן זיי באַמערקן בײַם טרינקען און „טשמאָקען" מיט דער צונג. אַ נײַע משקה! דער אָרעמער קלאָס פלעגט באַניצן צו הבדלה אַזאַ מין משקה, וואָס האָט געהייסן „שליאַכ־ציץ" — פּסולת פון אַמדורער ביר. מען האָט געפּסקנט, אַז עס איז חמר מדינה... — אַ גאַנגבאַרער ווײַן — און מען איז יוצא. דאָס האָט געקאָסט אַ גראָשן אַ קוואַרטירל. אַז מען זאָגט חמר מדינה, איז דאָך ניט שייך...

פּסח, צו די אַרבע כוסות, פלעגט מען על־פּי רוב באַנוצן מעד — האָניק־ווײַן. זײַן קאָליר איז געווען געל און ווען ער פלעגט זיך גוט אײַנגעבן, פלעגט ער זײַן גאַנץ זיס און אָנגענעם. אײַ, וואָס מען דאַרף דאָך האָבן „יין כי יתאדם" — געגרויטלט ווײַן — נו, בשעת הדחק איז מען יוצא. (ווען איז בײַ אַ ליטווישן ייִדן נישט געווען קיין שעת הדחק?).

און פאַר אַזעלכע „ווײַן־שיכורים" האָט אַמדור געהאַט דרײַ ווײַנ־שענקערס. אַ פּאָר ווערטער וועגן זיי.

צלאל דער ווײַנשענקער איז געווען אַ ייִד נישט קיין בן־תורה און דאָך פאַרדינט דעם טיטל רב אונטער די אויגן. אַן אמתער צדיק. אַן אָפענע האַנט פאַר אַלעמען. אַלע אָרעמע לײַט, אַלמנות, יתומים, קאַליקעס, בלינדע און שנאָרערס אין אַלגעמיין — אַלע צו ר' צלאלן און צו זײַן פרוי חנה־שיינע. זײַן שטוב איז געווען זייער אַ גרויסע. דאָרטן איז געווען אויך אַ גרויסע שענק. בײַ צלאלן איז אויך גע־ווען אַ „ליאַדאָווניע". ווען מען פלעגט דאַרפן האָבן אײַז זומערצײַט פאַר אַ חולה פון טיפוס אָדער „װאָספּאַליעניע מאָזגו" — מאַרך־

אָנצינדונג — פלעגט מען לויפן צו צלאלן. ווינטערצײַט, אַ זויערע אוגערקע פאַר יונגע ווײַבלעך — בײַ צלאלן. אַזאַ מין מאכל האָט געקאָסט אַ קאָפּיקע, און עלטערע ווײַבער פלעגן מורמלען, אַז עס איז אַ „לאַסונסטוואָ", פע! טריפה העלדזער... בײַ אים פלעגט זיך פּאַב־ריצירן דער ווײַן אויף קידוש, הבדלה און אַרבע כוסות. צלאלס ראָזשינקע־ווײַן האָט געהאַט אַ שם אין גאַנץ אַמדור.

די שטוב אין וועלכער צלאל האָט געוווינט, איז געווען לייזער ברעגמאַנס, אַן אַמדורער גביר, וואָס האָט געוווינט אין גראָדנע. ער האָט אויסגעבויט די אַמדורער באָד, וואָס האָט זיך גערעכנט אין יענער צײַט פאַר אַ מאָדערנע, ווײַל זי האָט פונקציאָנירט און געווען געטריבן דורך אַ „פּאַראָוועקע". ער האָט אויך אויסגעבויט, להבדיל, דעם בית־המדרש, וואָס האָט געטראָגן זײַן נאָמען — ברעגמאַנס בית־מדרש. נאָך דער שריפה איז צלאלס שטוב געוואָרן דער צענ־טראַלער פונקט, כמעט די איינציקע פון מיטן שטאָט, וואָס איז גע-בליבן נישט פאַרברענט. דאָרט האָט זיך אַרײַנגעצויגן דער אַלטער רב ר' אַברהם־עזרא ז"ל און אין איר איז ער נפטר געוואָרן.

איך געדענק, אַז ווען עס האָט זיך געבויט דער גרויסער בית־המדרש — נאָך דער שריפה — און מען האָט זיך געסטאַרעט, אַז דער ווינקלשטיין פון אַלטן זאָל אַרײַנגעבויט ווערן אין דעם נײַעם, איז צלאל געשטאַנען מיט אַ לאָם אין האַנט און האָט געאַרבעט מיט נאָך יידן אַרויסצורײַסן דעם אַלטן ווינקלשטיין, און האָט דערבײַ שטאַרק געשוויצט — ער איז שוין דאַן געווען אַ זקן. ספרים זאָגן, אַז שוויצן ביי אַ דבר שבקדושה איז אַ גרויסע סגולה אויף כפרת עון. ר' צלאל איז געשטאָרבן פּרײַטיק פאַר נאַכט אין אַ ווינטערדיקן טאָג. מען האָט אים מקבר געווען ערשט שבת־צו־נאַכטס. די גאַנצע שטאָט האָט זיך געפונען אין אַבלות. ווען משה ליימעס, דער גבאי פון דער ישיבה, איז געקומען צו קבלת־שבת, האָט ער אויסגערופן מיט אַ קרעכץ: אָ! אַ פאַרשטערטער שבת אין שטאָט.

זײַן זון, שלמה-איטשע איזראַעלסקי, איז געבליבן דער יורש. געגאַנגען אין טאַטנס דרכים: אַ גרויסער בעל־צדקה, באַשיידן, פרום,

געדונגען אַ רבין צו לערנען גמרא און אַ מיטגליד פון אַלע חברהס; אָבער אָן אומגליק — נישטאָ קיין קינדער. זײַן פרוי רײזל, וויל נישט געלעגן ווערן... הכלל, געפונען אַ סגולה: גיין שמחת־תורה עם כל הנערים... אין אַלע בתי־מדרשים, „בדוק ומנוסה"... אָבער דער פוקד עקרות האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און גיט נישט דעם שליסל פון קינדער... לסוף, נאָך צען יאָר אָפּלעבן מיט דער ערשטער פרוי, זיך געגט, צעטיילט דעם פאַרמעגן צווישן בײדן און חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער.

דער נײַער זיווג איז געווען סאָניע, יאָשע אַנשילס אַ טאָכטער. יאָשע אַנשיל, אַ חשובער באַלעבאָס; געהאַט אַ האַלב טוץ מיידלעך — אַחוץ ייִנגלעך — איינע שענער פון דער צווייטער; געהאַלטן אַ ציגעלניע אינעם הויף כאַדאַלינע און דערפאַר פלעגט מען אים אויך רופן „יאָשע סוכאַדאַלינער". סאָניע, אַ שיין מיידל, האָט באַוויזן די קונץ צו האָבן מיט שלמה־איטשען אַ האַלב טוץ ייִנגלעך מיט מיידלעך אָן דער סגולה פון „כל הנערים". די פאַמיליע געפינט זיך הײַנט אין מאָנטעווידעאָ און ישׂראל.

צלאל האָט געהאַט אַ ברודער, משה־דוד האָט ער געהייסן, און מען פלעגט אים רופן משה־דוד צלאלס. אַ פרומער אַלטער בחור; געדונגען מײַן עלטערן ברודער שבח ז"ל — אַ ייִד אַ למדן — צו לערנען מיט אים גמרא. נישט געוואָלט חתונה האָבן. לאָזער דעם רבס האָט געזאָגט: משיח וועט קומען און משה־דוד וועט נאָך זײַן אַ בחור...

אויך נפתלי דער ווײַנשענקער איז געווען אַ טײַערער, פרומער ייִד. אין די יונגע יאָרן געווען אַ רײַכער באַלעבאָס, אויף דער על־טער, אַ יורד. זײַן שטוב נעבן אַברהם שלמה צינעסעס. זײַן פרוי האָט געהייסן ברײַנע. געהאַלטן אַ שענק. אַלע טאָג פלעגט דער ייִדישער אַקציזניק „מאַכן אָן אַקט" פאַר פאַרקויפן בראָנפן אָן אַ פּאַ־טענט און בײַ יעדן אַקט פלעגט ברײַנע חלשן.

נפתלי דער ווײַנשענקער איז אויף זײַנע עלטערע יאָרן געוואָרן זייער פאַנאַטיש געשטימט. ער פלעגט שטאַרק אָפּהיטן, אַז בחורים

זאָלן ניט שפּילן אין קאָרטן אָדער אין „31" אין ברעגמאַנס ווײַבערשן בית־מדרש. און מען פלעגט דערציילן אַן אַנעקדאָט וועגן דעם ענין. ערב ראש־השנה האָבן זיך בחורים פאַרקליבן אין דער ווײַבערשער שול, אויף צו מאַכן אַ קערטל. נפתלי האָט דערשמעקט און האָט גע־כאַפּט די חברה בײַ דער אַרבעט. עטלעכע בחורים זײַנען אַנטלאָפן. איינער, וואָס האָט גראָד געהאַט 3 „מלכים", האָט נישט באַוויזן צו מאַכן פּליטה און האָט אַרײַנגערוקט זײַנע „מלכים" אין שופר, וועלכן דער שמש האָט באַהאַלטן, כדי חברה זאָלן נישט בלאָזן. נישט כאַ־פּנדיק דעם בחור בײַ דער האַנט, האָט נפתלי צוגענומען דעם שופר און אים איבערגעגעבן דעם שמש. אויף מאָרגן, צו תקיעות — דער שופר גייט שלעכט. ווי עס איז איבערגעקומען די ערשטע תקיעות „תשרת תשת תרת". דער עולם זאָגט מיט התלהבות דעם „יהי רצון". אַהרן קדיש דער מלמד — דער אייביקער בעל־תוקע אין ברעגמאַנס בית־מדרש — קערט־איבער דעם שופר, און עס פאַלן־אַרויס די 3 „מלכים". מאָטע ראַשעס שרײַט־אויס מיט טרערן: „בזכות אלו המלאכים היוצאים מן השופר"... געטראָפן: בדוק ומנוסה.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן ר' מאיר־צבי יעלין, פון וועמען איך שרײַב אין אַ צווייטן קאַפּיטל, איז געווען נפתליס אײדעם, ער האָט חתונה געהאַט מיט נפתליס טאָכטער ראַשקע־רייזל, באמת אַ שיינער אײדעם געווען.

איטשע צירלס. — אַ ייִד אַ בן־תורה; געהאַט אַ גרויסע שטוב מיט אַ שענק. די דאָרפישע גויִים פלעגן דאָרט פראַווען זייערע „כאַס־ליכעס" (חתונות). די טענץ פלעגן זיך הערן אויף דער גאַנצער גאַס. יעדער טופּ מיט די פיס פלעגט מאַכן אַ לאָך אין דער פּאָדלאָגע. און ווען מען האָט זיך גענומען צום גלעזל, פלעגט מען זיך אָנהייבן שלאָגן צווישן זיך ביז בלוט. אין אַמדור פלעגט מען זאָגן בײַ אַזעלכע פאַלן: „נסכים" גייען צוזאַמען מיט קרבנות...

איטשע צירלס פלעגט אויך מאַכן ווײַן, און געווען אַ גרויסער מומחה אויף צו מאַכן מעד. זײַן מעד אויף פסח איז געווען אַ שם־

דבר: „מעד זאָל מען קויפן בײַ איטשע צירלס". אויך גוייִם פלעגן זיך פֿאַסמאַקעווען מיט זײַן משקה.

און עס האָט פּאַסירט אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל מיט זײַן פסחדיקן ווײַן, וואָס איז כדאַי צו דערמאָנען. איך געדענק ווי אַמדור־רער זקנים פלעגן דערמאָנען דעם פאַל, און ווי אַזוי ר' אַברהם־ עזרא ז"ל האָט אים דערליידיקט, און זיי פלעגן מיסטעריעז אַ זאָג טאָן: נו, דער אַלטער צדיק... ער האָט אַלץ געקענט.

אַ טאָג אָדער צוויי פאַר ערב פסח האָט עמעצער צוגעטראָגן אַ מסירה דעם אַקציזניק, אַז בײַ איטשע צירלס אין קעלער געפינט זיך בראָנפן — אַ זאַך, וואָס איז נישט געווען דערלויבט. די מסירה איז געמאַכט געוואָרן מיטן צוועק, אַז דער גוייִשער פונקציאָנאַר זאָל דערווײַל מיט זײַן אינספּעקציע אָנרירן די פעסער ווײַן און זיי מנסך זײַן — טריף מאַכן צוליב יין נסך. קיין בראָנפן האָט מען נישט גע־פונען, אָבער דער ווײַן איז געוואָרן נסך, וואָס דאָס האָט געהייסן רויִנירן דעם אָרעמען ווײַנשענקער. פון דעם אײַנקופנט פון פסחדיקן ווײַן איז געווען אָפּהענגיק די פרנסה פון אַ פּאָר חדשים בײַ איטשע צירלס. די שטאָט איז געגאַנגען כאַדאָראָם.

מען איז געלאָפן צום רב. דער „אַלטער" איז גלײַך אַוועק צו איטשע צירלס, אונטערגעזוכט דעם קעלער, געפונען די פעסלעך פאַרמאַכט מיט די שפונטן. דער צדיק האָט גלײַך אַ פרעג געטאָן: „ר' איטשע, איר האָט געזען מיט אײַערע אויגן די דער „ערל" האָט געטאַפּט די פעסלעך?" — „יע, רבינקע, איך קאָן נישט לייקענען. דער אַקציזניק האָט מיט זײַנע לאַפּעס מטמא געווען דעם ווײַן"...

און ר' אַברהם־עזרא האָט אויסגערופן סאַרקאַסטיש: „אַ גוייִשער קאָפּ! פאַרשפונטעווטע פעסלעך און ר' איטשע דערבײַ... כשר, כשר, כשר, ר' איטשע. דעם יאָר קויף איך ווײַן אויף אַרבע כוסות, טאַקע נאָר בײַ אײַך, כדי דורך דעם אַראָפּצונעמען בײַם עולם יעדן חשד אויף דעם ווײַן".

ייִדן בעלי־גוזמא פלעגן צוגעבן, אַז יענעם יאָר האָט איטשע צירלס „אָפּגעלעקט אַ ביינדל" פון די אַרבע כוסות... אָבער איטשע

צירלס איז קיין גביר נישט געוואָרן. איין זאַך ווייס איך יאָ: יעדן דינסטיק ביי נאַכט, נאָך אַ שווערער אָנגעשטרענגטער אַרבעט אויפ־צופּאַסן און דערלאַנגען דעם ביטערן טראָפּן צו הונדערטער שיכּורים, היטנדיק דערביי אַז דער אַקציזניק זאָל זיך דערוויסן נישט „אַראָפּ־כאַפּן", אַ מידער און אַן אויסגעמאַטערטער פלעגט ער קומען אין בית־מדרש לערנען גמרא צוזאַמען מיט מיין פעטער „חייקל דער גרויסער" און מאָטיע ראַשעס.

און איך דערמאָן מיך מיט שטאָלץ: זיי האָבן דאַן געלערנט דעם פּרק „יש נוחלין" אין „בבא בתרא" און די גמרא אויף דער משנה „בנות צלפחד נטלו ג' חלקים בנחלה". באמת, אַ שווערע שטיקל גמרא, באַזונדערס פאַר אויסגעמוטשעטע ייִדן. איך האָב דאַן גע־לערנט די דערמאָנטע מסכתא און מען האָט געבעטן מיין „אינטער־ווענץ". איך האָב אויסגעטייטשט דעם גרויסן רשב"ם, וועלכן איך האָב גוט געקענט. מאָטיע ראַשעס האָט זיך דאַן אָפּגערופן: „אַ פּי־פּיקער קעפּל!"

וויפל גבורה איז געווען ביי יענע ייִדן: אויסגעמוטשעטע, פאַר־זאָרגטע מחמת פּרנסה, קומען ביי נאַכט נאָכן מאַרק באַזאָרגן די בנות צלפחד זייער טייל ירושה ביי חלוקת הארץ. אַלץ האָט איטשע צירלס שוין פאַרזאָרגט, נאָר עס האָט אים געפעלט צו באַרויקן די בנות צלפחד...

איטשע צירלס ע"ה איז געקומען קיין אַרגענטינע צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. זיין טאָכטערביילקע, די איבערגעגעבענע און צנועת־דיקע אַרבעטערין פון קרן־קימת, האָט חתונה געהאַט מיט דעם טייַ־ערן און חשובן ייִדישן קאָאָפּעראַטיוויסט און לאַנג יאָריקער ציוניס־טישן עסקן יצחק קאַפּלאַן. זאָל זיי גאָט געבן לאַנגע און גוטע יאָרן. איטשע צירלס איז דאָ אומגעקומען אין אַן אומגליקלעכן אַקצידענט. ער איז אַראָפּגעשלידערט געוואָרן פון אַ וואָגן און איז געשטאָרבן אויפן אָרט. זאָלן מיינע ווערטער דינען ווי אַ זכרון פאַר דעם טייַ־ערן אַמדורער ייִדן, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן אויפן מזבח פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן

זײַן פרוי עטקע, אָדער ווי מען האָט איר גערופן אין אַמדור — עטקע צירלס. אַ טײַערע און כשרע ייִדישע פרוי און מאַמע. באַגלייט דעם מאַן אין דעם שווערן ייִדישן לעבן, אין פריידן און אין לײַדן. אין יאָר 1895, ווען זי איז מיט איר פאַמיליע, צוזאַמען מיט מײַנער, אַוועק קיין אַרגענטינע, האָט זי געקושט די שטיינער פון בית־המדרש און זיך געגאַנגען געזעגענען אויפן בית־עולם מיט אירע נאָענטע קרובים. זי האָט מיט ביטערע טרערן געשריִען: „אויף וועמען לאָז איך אײַך איבער, טאַטע־מאַמע!”... עפּעס דערמאָנט דאָס די ווערטער פון ר׳ יהודה הלוי אין זײַן קינה „ציון עטרת צבי”: „לבי יאוה לחבק בזרועות עפר ארצך ואחשוק בפי נשק אבניך” — מײַן האַרץ גלוסט אומצואַרעמען דעם שטויב פון דײַן ערד, און מיטן מויל וואָלט איך וועלן דײַנע שטיינער קושן.

עטקע איז געשטאָרבן אַ סך שפּעטער פון איר מאַן. זי איז געווען דאָ, אין בוענאָס־אײַרעס די, וואָס האָט געשלאָגן דעם רעקאָרד מיט דער בלויער פּושקע פון נאַציאָנאַל־פאָנד. פאַר ליכט־בענטשן פלעגט זי אַרײַנוואַרפן אירע מטבעות אין איר פּושקע און נאָך דעם פלעגט זי הייליקן דעם שבת מיט איר ברכה: „אַשר קדשנו במצוותיו וציוונו להדליק נר של שבת”.

איר טאָכטער און אײדעם זײַנען אירע געטרײַע פאַרזעצערס.

## אַמדורער בעלי־מלאכות

אַמדור האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל אַרבעטערס פון פאַרשיידענע פאַכן: שוסטערס, שנײַדערס, סטאָליאַרעס, טשעסליאַרעס, שמידן, בלעכערס, מוליער, קאָטליער, בעקערס, קירזשנערס, זייגער־מאַכערס, ווײַנמאַכערס און נאָך אַנדערע, אפשר צו פיל אין פּראָפּאָרץ מיט דער צאָל אײַנוווינערס אין שטאָט. אַלע פאַכן זײַנען געלעגן אין די ייִדישע הענט. עס איז כמעט נישט געווען קיין איין קריסטלעכער פאַכמאַן (אַחוץ אַ פּאָר אויסנעמען). די גרעסטע טייל פון די שוסטערס און שנײַדערס פלעגן אַרבעטן פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון

שטאָט און אַרומיקע דערפער. אַ סך שנײַדערס פלעגן זונטיק גאַנץ פרי אַוועקגיין צו פוס אין די דערפער, טראָגנדיק אויף דער פלייצע די ניימאַשין, דאָס פרעסל און אַנדערע כלי־מכשירים, געצײַג אַאַז״וו. קומען צוריק פלעגן זיי ערשט פרײַטיק בײַ טאָג אויף שבת אַהיים. אַ גאַנצע וואָך פלעגן זיי אָפּקומען מיט געבאַקטע בולבעס — דער איינציקער מאכל וואָס אַ ייִד האָט געטאָרט עסן בײַ אַ קריסט. טײַערע, האַרציקע ייִדישע האָרעפּאַשניקעס! וויפל פראַצע האָבן זיי אַרײַנגעלייגט אויף צו פאַרדינען די אָרעמע פּרנסה, און דערצו נישט אָפּגעטראָטן פון זייער ייִדישקייט, נישט געגאַנגען אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן מיט זייער רעליגיעזן באַוווסטזײַן.

**
*

אַמדורער שוסטערס. — געווען אין אַמדור איניקע גוטע שוסטערס, גוטע בעלי־מלאכות; ס׳האָבן אָבער אויך נישט געפעלט קיין לאַטוטניקעס, וואָס צוויי פון זיי וויל איך דאָ דערמאָנען:

איינער האָט געהייסן לייבע מאַטשע דעם ווערכטערס. ווי כ׳געדענק, האָט ער געהאַט אַ בעלעם אויף אַן אויג. געוווינט האָט ער אין אַ קליינער שטיבל, אַ חורבהלע, מיט אַן ערדענעם פּאָל. דאָס מעבל וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איז באַשטאַנען ניט מער ווי פון אַ האַלב־צעבראָכענער בעט, אַ קליין צעבראָכן שאַפקעלע, און דאָס נײדעריקע אַרבעטטישל, דאָס קליינע שוסטער־בענקעלע — און שוין. געווען איז ער אַן אַלמן, אַן עני־מדוכא, אַן אמתער כשרער פּראָלעטאַריער און אַ פרומער און שטילער ייִד; האָט נישט פאַרפעלט צו לויפן אין בית־מדרש אַרײַן, צו דאַוונען בציבור צוויי מאָל אין טאָג, אין דער פרי צו שחרית און פאַר נאַכט צו מנחה־מעריב; נישט פאַרפעלט האָט ער אויך קיין מאָל צו זאָגן זײַן יום־תהילים. בעתן זיצן בײַם אַרבעטטישל און ציִען די דראַטווע, האָט ער שטענדיק געהאַלטן אין אונטערזינגען שטיקער פון די ימים־נוראימדיקע פּיוטים, ווי „הנה כחומר ביד היוצר״, אָדער „והכהנים והעם״ און אַנדערע, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון די חזנים.

דער צווייטער שוסטער־לאַטוטניק, וואָס כ׳גיי דאָ וועגן אים ריידן, האָט געהייסן מאָניע, מיטן צונאָמען „קאַניפּאָלע״, וואָס דער מקור זײַנער איז מיר נישט באַוווּסט. געווען איז ער, מאָניע, אַ ייִדל ממש אַ קאַרליק, אָבער רירעווודיק, זשוואַוו. געהאַט האָט ער אַ דין קולכל, אַ ביסל אַן אונטערזיגענדיקס. געווען איז בײַ אים אַ געוווינהייט, וואָס בעתן ריידן פֿלעגט ער כמעט נאָך יעדער פֿראַזע באַניצן די ווערטער: „אײַ, וואָס״ אָדער „נו, דאָס״. און ווי עס דאַכט זיך מיר, איז ער געווען נישט אין גאַנצן אין אָרדענונג מיט זײַן חוש־השמיעה. איך געדענק זײַנעם אַ דיאַלאָג מיט איינער אַן אַמדורער ייִדענע, וואָס מיר איז אויסגעקומען אויסצוהערן. די ייִדענע איז צו אים אַרײַנגעקומען מיט אַ פּאָר שיך אין דער האַנט, האָט איר מאָניע גלײַך אויפגענומען מיט זײַן ווערטל: „אײַ, וואָס? וואָס וועט איר זאָגן?״ זאָגט די ייִדענע: „כ׳וויל, ר׳ מאָניע, אַז איר זאָלט מיר אָט די שיך פֿאַרלאַטען״. זאָגט מאָניע: „נו, דאָס? פּאָדנאָסקעס לייגן?״ — „ניין, ר׳ מאָניע קרוין — ענטפֿערט די ייִדענע — נישט קיין פּאָד־נאָסקעס, נאָר אַ לאַטע לייגן״. רעדט מאָניע ווײַטער: „אײַ, וואָס? נישט פּאָדנאָסקעס, נאָר וואָס דען, אָפּצאַסן?״ — „ר׳ מאָניע, סערד־צע, מאַכט נישט חוזק פֿון מיר, צאַפּט מיר נישט דאָס בלוט״... — האָט די ייִדענע גערעדט תחנונימדיק, נאָר אויך מיט כעס ,און גע־וואָלט האָט זי ווײַטער ריידן, האָט מאָניע איר אָבער איבערגעשלאָגן מיט זײַן צוזינגענדיקן קולכל: „נו, דאָס? דאָס וועלן זײַן אָפּצאַסן מיט פּאָדקאָוועס״. די ייִדענע, הערנדיק די לעצטע ווערטער זײַנע, איז איצט שוין אין גאַנצן אַרויס פֿון די כלים און זיך צעשריגן: „אָך! אײַנגעזונקען זאָלסטו ווערן, רבונו־של־עולם! געזען אַזאַ מי־אוסן קאַניפּאָלע, אַ באַנדיט! כ׳בעט אים לייגן אויף די שיך אַ לאַ־טע און ער קומט־אַרויס מיט פּאָדנאָסקעס, מיט אָפּצאַסן און נאָך מיט פּאָדקאָוועס דערצו... קורחס אוצר קען נישט קלעקן פֿאַר אָט דעם „גראַביאַזשניק״, אָט דעם באַנדיט... און אַזוי שילטנדיק און שימ־פּנדיק איז זי אַוועק ווי אַ רוח...

און אָט דער אַמדורער ייִדישער „באַנדיט״, פֿלעגט צוויי מאָל אין

טאָג לויפן אין בית־מדרש, געזאָגט תהילים און פאַרשטאַנען פירוש־המלות. אויף אים האָט לאָזער דעם רבס געזאָגט: „ווען ער וואָלט נישט געווען אַזוי קליין, וואָלט ער געווען אַ גרויסער שוסטער"...

די שוסטערס האָבן געהאַט אַ באַזונדערע חברה. אַלע בעלי־מלאכות פון אַלע פאַכן זײַנען געווען אַנגעשלאָסן אין איין גרויסע חברה אונטערן טיטל „חברה תורה", אָדער ווי מען פלעגט איר באַ־טיטלען מיטן נאָמען „חברה פּ. תמיד". כמעט אַלע חברה־לײַט פלעגן נישט פֿײַנט האָבן דעם ביטערן טראָפּן. אַזוי ווי די שוסטערס פלעגן מוזן אײַנקויפן פאַר זייער געברויך מאַטעריאַלן: הילצערנע טשוועק־לעך, אײַזערנע שטיפטן, דראַטווע, וואַקס, קליי אאַז"וו (אויף זייער שפּראַך האָט עס געהייסן „הוצאות") — פלעגן זיי אָפּמאַכן דורך אַ כתב מיט אַ געוויסן סוחר, אַז נאָר בײַ אים דאַרפן זיי קויפן זייערע שוסטערשע הצטרכותן, און דערפאַר פלעגט די חברה באַקומען 50 רובל אַ יאָר, וואָס פלעגט גיין מערסטנס אויף צו מאַכן אַ „לחיים"...

עטלעכע יאָר האָט מײַן פאָטער ע"ה געהאַלטן דעם „פּאָדראַד", צוגעבנדיק זיי די הנחה צו לערנען פאַר זיי, בין מנחה למעריב, חומש מיט רש"י, אָדער קיצור שולחן ערוך. געוועזן איניקע צווישן זיי וואָס פלעגן זייער ליב האָבן די מסיכתא „סוטה", אָדער ווי די אָמדו־רער באַלעבאַטים פלעגן זאָגן „מים המאררים" און אָפּט מאָל זײַן בגילופינדיק, אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי זײַנען געווען ער־לעכע ייִדן און „מוקירי תורה". זיי זײַנען עס געווען די תלמידים פון רש"י, קיצור שולחן ערוך און משניות.

שבת נאָכן טשאָלנט פלעגט זייער אכסדרה — אַ גרויסער פּאָליש אין גרויסן בית־המדרש — זײַן פול מיט צוהערערס. משה בוראַק, זייער שמש, פלעגט גיין ברענגען דעם „רבין" לייזער שואלס, און ווען ער, לייזער, פלעגט אַרײַנגיין אין חדר, פלעגט משה בוראַק אויסשרײַ־ען: „דער רבי גייט!" און אַלע פלעגן זיך אויפשטעלן. לייזער שואלס פלעגט ביי יעדער אויסטײַטש באַניצן דאָס וואָרט „אייגנטלעך". בײַם לערנען די פּרשה „ויצא", פלעגט ער זיך אַרײַנלאָזן אין אַ חקירה: „אייגנטלעך איז דאָך אַ קשיה, ווי אַזוי האָט עס יעקב דער תם, דער

צדיק גאָר זיך געלאָזט גיין צו לבנקען דעם גנב? ׳אין ברוך מתדבק בארור׳, וואָס פאַר אַ ׳פּאַני בראַט׳ האָט דאָס יעקב געמאַכט מיט יענעם ׳קישעניק׳? ווי שטייט דאָס אָן, אייגנטלעך, פאַר יעקבן דעם למדן פון ׳שמועברס בית המדרש׳ צו מאַכן יד־אַחת מיטן פערד־גנב לבנקע בן בתואל? און אייגנטלעך קוועטשן זיך שוין אויף דעם אַלע מדרשים״... און נאָך דעם ווי ער האָט באַניצט נאָך אַ האַלבע טוץ „אייגנטלעכס״ און ער איז געקומען צום אויספיר, אַז יעקב האָט געוואָלט ראַטעווען רחלען פון עשוקעס לאַפּעס, וועלכער האָט שוין לאַנג געוואָרפן אויף איר אַן אויג. און ווען דאָס וואָלט, חס ושלום, פּאַסירט, וואָלטן דאָך נישט געווען אַלע 12 שבטים און ווײַל „שבטי ד׳ לישראל עדות״ — גאָטס שבטים זײַנען אַ עדות פאַר ישראלן — יעקב — אַז ער האָט קיין זאַך נישט געמיינט, נאָר צו ראַטעווען רחלען.

הכלל, לבן מיט עשוו האָבן באַקומען זייער פּאַרציע, דער „רבי״ האָט פון זיי געמאַכט אַש און פּאַרעך, מיט בלאָטע צו גלײַך. לבנקע דער ימח־שמוניק, עשוקע דער לאַבוס... און חברה איז אַרויס צו־פרידן. ביידן באַגראָבן נײַן איילן אין דער ערד.

נאָך מנחה, ווען אין בית־מדרש פלעגט שוין זײַן פינצטער, פלעגט זיך חברה אַוועקזעצן זאָגן „אַשרי תמימי דרך״... סתם־באַלעבאַטים זײַנען געזעסן אויבן־אָן און געשמועסט וועגן וועלטלעכע געשעענישן, וועגן דעם נײַעם „נאַבאָר״, וועגן „ליגאַטעס״, רויטע, בלויע און ווײַסע בילעטן, וועגן בחורים וואָס מאַרען זיך, כדי זייער קערפּער זאָל פאַר־לירן פון דער געהעריקער וואָג, וועלן זיי בראַקירט ווערן פון גיין אין „וואָיסק״ (מיליטער־דינסט), אויך וועגן יונגע „נאַוואָבראַנצעס״ וואָס פּאָדערן פון דער „קאַראָבקע״ געלט אויף זייערע הוצאות הדרך, און שוין צווייי שבתים ווי זיי זײַנען מעכב־הקריאה. ווידער אין באַזונ־דערע ווינקלען פון בית־מדרש, זײַנען איניקע פון די באַלעבאַטישע יונגעלײַט געשטאַנען און געטריבן ליצנות... און אָט — פון דעם לאַנגן טיש, בײַ וועלכן ס׳פלעגן זיצן די מיטגלידער פון „חברה־תורה״, פלעגט זיך מיט אַ מאָל דערהערן יעקב־משה דעם שנײַדערס אויסרוף, באַגלייט מיט אַן אמת האַרציקן יידישן קרעכץ: „זאת נחמתי

בעניי כי אמרתך חיתני״, און אֲשר דער שוסטער, וואָס איז געזעסן אויף אַן אַנדער פּלאַץ, פלעגט אים אויך מיט אַ קרעכץ אָפּענטפערן: „אוי, רבונו־של־עולם! מתורתך לא נטיתי״... נאָר — אָט פלעגט זיך דערהערן דער קלאַפּ אין טיש פון רפאל דעם שמש, און אפרים־אליהו דער מלמד פלעגט מיט אַן אומעטיקן ניגון אָנהייבן: „והוא רחום יכפר עוון״ — — —

די זעלביקע פּראָצעדור פלעגט פאָרקומען אין אַלע בתי־מדר־שים, ווו היין די יִדישע אָמדורער בעלי־מלאכות פלעגן קומען פאַר מנחה־צײַט צו אָפּרוען זיך נאָך זייער טעגלעכער אַרבעט, צו צע־שטרײַען זיך אויף אַ פּאָר שעה פון דער עגבערנדיקער דאָגת־הפּרנסה — — —

ס׳איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אין יענע אַמאָליקע צײַטן האָבן כמעט אַלע יִדישע אַרבעטערס און בעלי־מלאכות, וואָס זײַנען מער־סטנטייל נישט געווען קיין גרויסע בריהס אויף עברי — דאָך געקאָנט אויף אויסנווייניק גאַנץ „אַשרי תמימי דרך״.

נו, וואָס פאַר אַן אַנדער פאָלק קען זיך באַרימען מיט אָט אַזאַ פענאָמען, אַז פשוטע, פּראָסטע האָרעפּאַשניקעס זאָלן וויסן צו רע־ציטירן אויף אויסנווייניק אַ גאַנצע פילאָסאָפישע פּאָעזיע, און נישט נאָר פון תהילים האָבן יִדישע בעלי־מלאכות רעציטירט, נאָר אויך גאַנצע פּרקים משניות און זוהר האָט אונדזער „עמך״ פון אַמאָל גע־קענט בעל־פּה. אין די ליטווישע שטעט און שטעטלעך האָבן יִדישע בעלי־מלאכות — פון די באַלעבאַטים איז אָפּגערעדט — געוווּסט אויסנווייניק דעם פּרק „במה מדליקין״. ווידער, אין אוקראַינע און בעסאַראַביע — דעם זוהר פון „כהאי גוונא״, יעדער מיט זײַן צוגע־פּאַסטן ניגון און אינטאָנאַציע. נו, טײַערע יִדישע אַרבעטערס פון אַמאָל! ווי ווייניק האָט מען אײַך באַזונגען; און וויפל יִדישע פאָלקס־טימלעכקייט איר האָט עס פאַרמאָגט! וויפל דיכטערס, שרײַבערס און דענקערס זײַנען פון דייערע רייען אַרויס. יאָ, נישט ווילנדיק קומט אויף די ליפּן אַרויס דער אויסרוף: „מי כעמך ישראל״. — —

אַמדורער שנײַדערס. עס וואָלט פאַרנומען פיל פּלאַץ אויסצו־

רעכענען די גאַנצע גאַלעריע פון אַלע אַמדורער בעלי־מלאכות, ווײַל יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט זײַנע כאַראַקטעריסטישע אייגנ־שאַפטן. איך וועל אָבער, דאָך געבן אייניקע פון זיי: ליזער־איטשע אײַזיקס איז געווען דער למדן צווישן די בעלי־מלאכות. די שנײַ־דערס פלעגן זיך מיט אים באַרימען. ער האָט טאַקע גוט געקענט לערנען משניות און עין־יעקב און פלעגט אַפילו נעמען אַ מאָל אַן אָנטייל בײַ די שעורים פון חברה ש״ס. פיזיש געווען דיק, מגושמדיק, אָנגעגאָסן ווי אַ פּאַס. ער איז געפאָרן קיין אָדעס זיך צו באָדן אין די טערמישע וואַסערן. ייִדן פלעגן זאָגן, אַז ער איז דאָרט געפאָרן „צאָפן שמאַלץ״. ער איז געקומען צוריק אַ ביסל אָפּגעצערט, אָבער שטענדיק געבליבן פעטלײַביק. געווען איז ער דער אמתער פאַכמאַן, אַ גוטער און עלעגאַנטער שנײַדער. בײַ אים פלעגן זיך נייען נאָר די רײַכע באַלעבאַטים אָדער פּריצים, בײַ וועמען ער איז געווען אַ שם־דבר.

יואל טיטניק, דאָקעגן, איז געווען אַ שנײַדער פון צווייטן ראַנג. געווען קינדערלאָז. זיך געפירט מעשה באַלעבאָס. בײַ אים פלעגן אײַנשטיין מגידים אָדער אַנדערע חשובע אורחים־כלי־קודש. דער קעלמער מגיד פלעגט דאָרט האָבן זײַן סטאַנציע, ווען ער פלעגט קו־מען אין אַמדור. מען האָט גערעכנט אַז די מצווה פון הכנסת־אורחים וועט העלפן צו זײַן קינדערלאָזיקייט, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן...

איך וועל דערמאָנען אייניקע ייִדישע שנײַדערס, וועלכע פלעגן נייען פאַר גויִים:

איטשע דער פּריץ־שנײַדער — אַזוי פלעגט ער זיך רופן, אָבער קיין פּריץ האָט צו אים קיין מאָל ניט פאַרשמעקט. אַ הויכער ייִד, מיט אַ צעפּאָקטן פּנים און זייער אַ רירעוודיקער. ווען ער פלעגט וועלן איבערצײַגן זײַן גויִשן קליענט, אַז די סוויטע אָדער דער פּעלץ וועט אַרויס שיין און פּריציש, פלעגט ער אויסשפּרייטן די „סחורה״ אויפן טיש; ער אַליין פלעגט אַוועקגיין צו דער טיר, צומאַכן אַן אייגל און זאָגן צום גוי: „באַטשיש, יאַק ליעזשיט טוט נאַ סטאָלע — טאַק סאַמאָ בודיע לעזשאַט נאַ טיעביע״ (זעסט, אַזוי ווי עס ליגט

אויפן טיש, אַזוי וועט עס ליגן אויף דיר). און איטשע דער פריץ־שניידער האָט נישט אָפּגענאַרט: אַזוי ווי עס איז געלעגן אויפן טיש, אַזוי איז עס געלעגן אויפן גוי... ער האָט געהאַט אַ בן־יחיד און ער האָט געוואָלט אַז ער זאָל לערנען גמרא. פּסח האָט מען אים גערופן. נאָך גרויסער מי איז ער אַרײַן אין אַמדורער ישיבה. דער טאַטע פלעגט שטענדיק מתרה זײַן דעם זון: פּסח, געדענק, וועסטו נישט קענען לערנען, וועסטו בײַ מיר זײַן אַ פּריץ־שניידער! פּסח האָט געלערנט אין דער ישיבה אין גאַנצן איין יאָר. נישט געווען קיין שלעכטער תלמיד, אָבער דעם טאַטנס נביאות איז מקוים געוואָרן...

נח דער טויבער. — אַ גרויסער בריה אויף נייען תכריכים אָדער סערמיגעס פאַר גויים. געווען אַ ביסל משוגעוואַטע. ער איז געווען פון דער נאַטור אַ לוי... פלעגט ער שטענדיק זיך קלאָגן, אַז מען קריוודעט אים מיט עליות. נישט איין מאָל האָט ער געמאַכט קולות אין בית־מדרש, שבת צו מנחה, פאַר דער עוולה וואָס מען טוט מיט אים. האָבן דאָס אויפגעכאַפּט אַמדורער לצים און פלעגן אים אויפרופן אין מיטן גאַס: „יעמוד ר׳ נח בר׳ יהושע הלוי...״ מיטן גאַנצן ניגון, ווי עס דאַרף צו זײַן. נו, פלעגט ווערן אַ גאַנצער גע־שלעג און עס פלעגן פליִען שטיינער פון אַלע זײַטן.

אין מײַן צײַט פלעגן אַלטע ייִדן זיך באַזאָרגן בײַם לעבן מיט תכריכים. „הלוואי זאָל מען נישט דאַרפן״... — פלעגן זאָגן אַלטע ייִדן גאַנץ ערנסט. די מורא פאַר שטאַרבן אין פרעמדע תכריכים איז געווען זייער גרויס. פלעגט מען דערציילן אין אַמדור, אַז משה־דניאל, אַן אַלטער באַלעבאָס, איז געקומען צו נחן באַשטעלן אַ „גאַנצן גאַנג״ תכריכים. דער טויבער שניידער האָט בײַ אים געבעטן פאַר דער אַרבעט דרײַ גילדן. משה דניאל האָט אָנגעבאָטן נאָר צוויי גיל־דן, טענהנדיק, אַז שמעון דער שניידער האָט מער נישט געפאָדערט. „טאָ גייט אײַך צו אים געזונטערהייט, אָבער איך זאָג אײַך פאָרויס, אַז אין צוויי וואָכן אַרום וועט איר גייך מיט צעריסענע הויזן... טוט ווי איר פאַרשטייט, ר׳ משה־דניאל״...

אַמדורער שמידן. אַזעלכע זײַנען בײַ אונדז אין אַמדור געווען

נישט אין אַ קלײנער צאָל. נאָר דערמאָנענען װעל איך דאָ בלויז צוויי, און געמלעך: קאַרפּל דער שמיד, װעלכער האָט געהאַט זײַן קוזניע בײַם סוף גראָדנער־גאַס. געווען איז ער אַ שטאַרק פרומער און אַ שטיקל יודע־ספר. האָט דעם שבתדיקן טאָג אויף קיין פאַל נישט געוואָלט לײַדן קיין דברי־חול, נאָר לשון־קודש, וואָס אין אַמדור אין יענער צײַט האָט עס באַטײַט צו זײַן שטום אַ גאַנצן מעת־לעת. װעגן קאַרפּלס ריידן העברעיִש איז אין שטעטל אַרומגעגאַנגען אָט אַזאַ אַנעקדאָט: איין מאָל אין אַ שבת צום טשאָלנט, איז די קאַץ בײַ קאַר־פּלען אין שטוב צוגעשפּרונגען צום טאָפּ און גענומען אַרויסשלעפּן פון אים דאָס פלייש, האָט קאַרפּל פון דער װײַטנס אויסגעשריִען צו זײַן ייִדענע: „אשתי, אשתי, קץ כל בשר!"... — ס'הייסט, מײַן װײַב, מײַן װײַב, די קאַץ וויל אויפעסן דאָס פלייש; האָט קאַרפּלס ייִדענע, װעלכע איז אויך שוין געווען, משמעות, געוווינט צו ריידן לשון־קודש, אים אָפּגעענטפערט: „נו, נו, קצתי בחיי" — ס'הייסט, די קאַץ דאַרף אויך לעבן...

דער צווייטער, וועמען כ'געפין פאַר ראוי צו דערמאָנען, איז נחום דער שמיד. געווען איז ער אַ ייִד אַ מחוסר־לחם, אַ קבצן — ווי מ'זאָגט — „אין זיבן פּאָלעס"... אָבער װײַט געווען פון עם־הארצות, פאַרקערט, האָט נישקשהדיק געקענט לערנען. היות קיין אַרבעט האָט ער כמעט קיין מאָל נישט געהאַט צו גענוג, פלעגט ער זײַן פרײַע צײַט אָפּזיצן אין בית־מדרש און דערציילן ניסים־ונפלאות פון רבנים, צדיקים און למד־וואָוניקעס. כ'האָב אים איין מאָל גע־הערט דערציילט װעגן דעם סיכסוך צווישן רש"י און זײַן אייניקל, דעם רבינו תם, צוליב דער פּאָזיציע פון די פּרשיות אין די תפילין, אַ פּלוגתא צוליב װעלכער מ'האָט אַזש מטריח געווען משה רבנו גופא צו פּסקענען און געפּסקנט האָט ער, נאַטירלעך, לויט רש"י. נו, האָט מען געדאַרפט זען, ווי אַזוי נחום דער שמיד האָט בשעת זײַן דער־ציילן געהאַט נאָכגעמאַכט ווי אַזוי דער רבנו תם האָט געגעבן אַ טופּע מיטן פוס און אויסגעשריִען: „משה טעית!" (ר' משה, איר האָט אַ טעות). נחומס מימיק האָט באַוויזן, ווי גלײַך ער װאָלט געווען

דערבײַ, בעת דער זיידע מיטן אייניקל האָבן זיך געאַמפּערט אין דער אַנוועזנהייט פון משה רבנו; ווי גלײַך ער וואָלט אַליין געזען ווי דער רבנו תם האָט טאַקע געטופּעט מיטן פוס און געפּסקנט קעגן דעם אדון כל הנביאים. איינער פון די צוהערערס, מאָטיע פּעשע וויגדערס, אַ ייִד אַ זקן און אַ תמעוואַטער, האָט אויסגערופן: „אײַ, אײַ, אײַ! שטעלן זיך אַנטקעגן משה רבנו; אָט וואָס אַמאָליקע ייִדן האָבן גע־קענט בײַ זיך פועלן, אײַ, אײַ, אײַ, אײַ!“...

נחום דער שמיד איז אויך געווען אַ בעל־קריאה בײַ דער „חברה תורה“. און היות ער האָט געהאַט אַ פעלער, צו שפּײַען אַלע ווײַלע, פלעגט ער בײַ יעדער „אתנחתא“ און בײַ יעדן סוף־פסוק אויסשפּײַען, אַזוי אַז ס'פלעגט בײַ אים אַרויסקומען, ווי למשל: „ויצא יעקב מבאר שבע“ — טפוי... „וילך חרנה“ — טפוי... (בײַ אַ סוף־פסוק פלעגט ער דעם טפוי געבן אַ שטאַרקערע אינטאָנאַציע). אין אַמדור פלעגט מען אויף אים זאָגן: נחום דער שמיד שפּײַט מיט טראָפּ...

ער האָט געהאַט אַ זייער ווילן ייִנגל, האָט מען אים אַרײַנגענו־מען אין דער ישיבה.

אָרעמער נחום! אָרעמער שמיד! אַליין געהונגערט— יאָ, ממש געהונגערט, און האָט זיך מקריב געווען צו לאָזן זײַן קינד לערנען תורה.

אַמדורער בעקערס. אַמדור איז געשפּײַזט געוואָרן אַוודאי פון אַ טוץ ייִדישע בעקערס. אייניקע האָבן געבאַקן בלויז ראַזעווען ברויט, און די אויוונס זייערע האָבן געדינט פאַר די אָרעמע שכנים ווי קאָנצענטראַציעס צו פאַררוקן די „טשאָלנטן“ אויף שבת. די אַנ־דערע האָבן געבאַקן געבײַטלטן ברויט, קוכנס, בולקעס און חלות אויף שבתים און ימים־טובים.

ס'איז אַ פאַקט, אַז די מלאכה־פאַכן בײַ ייִדן אין דער אַלטער היים, האָבן געהאַט יעדער איינער זײַן באַזונדערע מדרגה און קאַ־טעגאָריע, לויט וועלכער מ'האָט געקענט אָפּשאַצן דעם ניוואָ פון זײַן קולטור. אַזוי, למשל: שנײַדערס זײַנען געשטאַנען קולטורעל — אין

דעם אַמאָליקן זינען — העכער פּאָר שוסטערס, און העכער פּאָר שנײַדערס זײַנען געווען קאָטליאַרעס, און פּאָרגעשריטענער פון אַט די זײַנען געווען זייגער־מאַכערס און יובילירערס, און נאָך מער פּאָרגעשריטענער זײַנען געווען צירולניקעס, און איבער הויפּט פּאָ־טאָגראַפיסטן; אויך צווישן גאַרבאַרניקעס זײַנען אַ סך געווען שטאַרק פּאָרגעשריטענע, און אויף אַ גאַר הויכן קולטורעלן ניוואָ זײַנען גע־שטאַנען די טיפּאָגראַפיסטן בכלל און דער אַזוי גערופענער „בחור־הזעצער" בפרט. וואָס שייך ווידער, די בעקערס, האָבן זיי אויך גע־האַט, מערסטנטייל, אַ גאַנץ הויכע קולטורעלע מדרגה אויפן באַלע־באַטישן געביט.

נו, פון אונדזערע אַמדורער אַמאָליקע בעקערס, וועל איך עט־לעכע דאָ דערמאָנען, ווי: ברוך דער בעקער, וואָס האָט געהאַט זײַן אייגן הויז אין צענטער פון גראָדנער־גאַס; דאָס הויז איז געווען גע־בויט פון ציגל. אַלע זײַנע זין — כ'געדענק בלויז די נעמען פון צוויי: חיים און כתריאל — זײַנען אויך געווען בעקערס; האָבן זיך געפירט אַלע באַלעבאַטיש. דער חיים, ברוכס זון, איז געווען אַ באַלעבאָס אַ תיקף; האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר טויזנט רובל, וואָס אין אַמדור צו יענער צײַט, האָט אַזאַ סומע באַטײַט אַן אומגעהײַערע עשירות. אין די לעצטע יאָרן איז חיים ברוכס — אַזוי פלעגט מען אים רופן — געווען דער ימים־נוראימדיקער בעל־שחרית אין דער גרויסער שול, וואָס אין יענער עפּאָכע איז לאו כל אָדם זוכה געווען דערצו. בײַ מײַן פאַרלאָזן אַמדור, האָט חיים ברוכס, אַחוץ זײַן עשירות, אויך פאַרמאָגט דעם ערשטן טוץ קינדער, אויף וואָס די אַמדורער לצים פלעגן זאָגן, אַז זײַנע בולקעס האָבן געהאַט די שולד וואָס זײַן ווײַב כאַשקע, איז געלעגן יאָר־אײַן, יאָר־אויס אין קימפּעט און נישט זעלטן מיט אַ צווילינג... זײַנער אַ זון, וואָס האָט געהייסן שמואל, מיטן צונאָמען „בולקע", האָט געלערנט אין דער ישיבה. ער געפינט זיך אין ליסאַבאָן, פּאָרטוגאַל.

מרדכי דער בעקער, איז געווען אַ ביסל אַן אָריגינעלער טיפּ, בעסער געזאָגט, אַ כמעט „צעדרייטער", ס'הייסט, אַ מענטש מיט

שגעונות. געווען איז ער, ווי מען זאָגט, אַ „קרומער למדן", האָט אַ סך געלערנט און געווען אַ שטיקל בקי. האָט געהאַט די משוגעת ניט צו לאָזן מאַכן פאַר זיך קיין נײַעם בגד אויף יום־טוב. זײַן ווײַב כײַקע, פלעגט קומען צו מײַן פאָטער ע"ה, וועגן נעמען אַ מאָס פאַר איר מאַן, אויף אַ קאַפּאָטע אָדער אַ פּאַר הויזן. איז וויפל מ'האָט מיט מרדכין נישט אנגעטענהט, ער זאָל זיך לאָזן נעמען אַ מאָס — האָט נישט געהאָלפן.

— „מ'דאַרף נישט קיין נײַעם גאַרניטור — פלעגט ער טענהן — מ'קען באַקן בייגל און לערנען גמרא מיט תוספות אין אַלטע בגדים אויך". און אַזוי איז ער שטענדיק, כל־ימיו, אַרומגעגאַנגען אין אַ פּאָר אַלטע לײַוונטענע הויזן און באָרוועס. אינעם זעלביקן הילוך פלעגט ער אַלע אין דער פרי, כאור הבוקר, טרײַבן צוויי קי מיט די קעלבלעך אין פעלד אַרײַן, ריידנדיק צו זיי בלשון־חיבה, ווי ס'רעדט אַ געטרײַער פאָטער צו זײַנע קינדער, און אָנקוועלן פלעגט ער, זעענ־דיק אַז זײַנע קי פלעגן זיך פּאַשען אויף דער „בלאָטע" (אַזוי האָט מען אין אַמדור אָנגערופן אַ נידעריקן פּאַשע־פעלד. דעם פסוק אין חומש „ותרעינה באחו", האָט מײַן רבי געטײַטשט: „און זיי האָבן זיך געפיטערט אויף דער בלאָטע"). מרדכי דער בעקער פלעגט זאָגן: „ווען מען האָט מוניעס בלאָטע, דאַרף מען נישט האָבן ארץ־ישר־אל"... מוניע איז געווען דער אייגנטימער פון אַמדורער הויף מיט זײַנע לאָנקעס.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן מרדכיס זון, ישראל, אַ ייִד אַ בן־תורה, טאַקע אַ מופלג בתורה, מיט אַ שיינעם סטאַט; געווען דער פײַנסטער בעל־תפילה אין אַמדור. זײַנע מוספים און נעילות זײַנען באַוואונדערט געוואָרן פון אַלע יודעי־ניגון.

אַמדורער קאַראַבעלניקעס. כדאַי צו דערמאָנען אייניקע פון די דאָזיקע קליינהענדלערס, וועלכע פלעגן ציִען זייער חיונה אַרומפאָרנ־דיק איבער די דערפער און אײַנקויפנדיק בײַ די גויִים דאָרפישע פּראָדוקטן: חזיר־האָר, וואָל, פעלכלעך פון טכוירן, שעפסן און אַנ־דערע זאַכן. זונטיק פאַר טאָג פלעגן זיי אַוועקגיין אָדער אַרײַנפאָרן

אין דאָרף אַרײַן און צוריקקומען פּרײַטיק. געווען אַ פּאָר פאַמיליעס וואָס מען פלעגט זיי רופן „די וואָליאָקעס", אַ נאָמען וואָס שטאַמט מסתמא פון דעם נאָמען וואָל, ווײַל זיי פלעגן אויפקויפן וואָל. איך געדענק צוויי פון זיי: גרשון און שמואל; דער לעצטער אַ בר אורין און צײַטנווײַז אויך אַ שטיקל מגיד; ער פלעגט האַנדלען מיט קאַ־דער (שמאַטעס).

איינער פון די קאַראַבעלניקעס, איטשע פּוכאָוויניק האָט מען אים גערופן, דאַרף ספּעציעל דערמאָנט ווערן. איך האָב אים געקענט ווען ער איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן. ער איז געווען דער אָפּיציעלער תהילים־זאָגער ראש־השנה בײַ טאָג אין דער גרויסער שול. הושענא רבה בײַ נאַכט פלעגט דער אַלטער רב ר' אַברהם־עזרא ז"ל, זאָגן תהילים מיט אים פון איין תהילים. אַלט און „יאַדעשליוועֹ" (אָסט־מאַטיש), פלעגט ער אַלע נאַכט זאָגן חצות. איך געדענק ווי איין מאָל, בײַ טאָג, אין די „דרײַ וואָכן", האָב איך און מײַן עלטערער ברודער שבח ז"ל, דערהערט אַ שטאַרקע שטים אויפן שולהויף, וואָס איז געקומען פון שול. מיר זײַנען אַרײַן און מיר האָבן דערזען, ווי עס זיצט אויף דער ערד דער אַלטער איטשע פּוכאָוויניק און זאָגט תיקון לאה. מיט אַ באַסאָווער שטימע האָט ער געשריִען: „נוע תנוע ארץ כשכור והתנודדה כמלונה" — די ערד באַוועגט זיך ווי אַ שיכור און שאָקלט זיך ווי אַ וואַכט־בײַדל. און גלײַך נאָך דעם געזאָגט, שוין אין אַ רירנדיקן טאָן, דעם פּרק „בשלושה מקומות הכהנים טומרים" פון דער מסכת תמיד, אין וועלכן עס רעדט זיך פון דער גוואַרדיע אַמאָל אין בית־המקדש. דער אַלטער רב האָט אים גערופן „דער עובד" — גאָטס דינער.

וויפל ייִדישע געפילן און אידעלע נאַציאָנאַלע סענסיביליטעט עס איז געלעגן אין איטשע פּוכאָוויניקס תיקון חצות בײַ טאָג און בײַ נאַכט! שטענדיק פלעגט ער זיך אונטערזינגען: על חורבן בית־המקדש אבכה יומם ולילה...

אַמדורער בעלי־עגלות. אַמדור האָט נישט געהאַט קיין אײַזנבאַן און ביז מײַן פאַרלאָזן ליטע, קיין שאָסיי אויך נישט. איר גאַנצער

פּאַרקער איז געווען מיט דער הויפּטשטאָט גראָדנע, דרײַ מײַל ווײַט אײנע פון דער אַנדערער. דאָס שטעטל קוזניצע, ווײַט צוויי מײַל, האָט אויך געהאַט אַ באַנסטאַנציע, אָבער זעלטן פלעגן אַהין פאָרן בעלי־עגלות. אין די לעצטע יאָרן פלעגט זײַן אַ גרויסע באַוועגונג צווישן אַמדור מיט ביאַליסטאָק, אַ דיסטאַנץ פון זיבן מײַל, אָבער גראָדנע איז געבליבן גראָדנע. אַמדור האָט אַדמיניסטראַטיוו און פּאָ־ליצייִש געהערט צו גראָדנער אויעזד. ייִדן פלעגן וויסן, אַז אַן אַד־רעס קיין אַמדור פלעגט מען דאַרפן שרײַבן: „מעסטיעטשקאָ אינדו־ראַ, גראָדניענסקאַי גובערני אי אויעזדאַ". די וועגן פלעגן זײַן זייער שלעכטע ווינטערצײַט אין די גרויסע שנייען און זאַווערוכעס און באַזונדערס פּסח־צײַט, ווען די שנייען פלעגן אָנהייבן צעגיין. אַמדור האָט, אַלזאָ, געהאַט אַ שיין ביסל בעלי־עגלות, אָדער פורמאַנעס, ווי מען פלעגט זיי געוויינטלעך רופן. אויף דעם פּאַך וויל איך אָפּגעבן אַ פּלאַץ אין מײַנע אַמדורער זכרונות און פּאַרצייכענען אייניקע טיפּן.

הערשל שוליאַק, איז געווען אַ בעל־עגלה מיט פּאַראַנטוואָרט־לעכקייט. געהאַט די בעסטע פערד. אַמדורער קרעמערס, וואָס פלעגן שיקן געלט קיין גראָדנע אויף צו ברענגען צוריק סחורה, פלעגן זאָגן: „הערשל — אַן אײַזערנע קאַסע". געהאַט אַן אײַזערנע פּוס. מען פלעגט דערציילן, אַז די אײַזערנע מתנה האָט ער באַקומען דורך אַ קללה פון ר' אַברהם־עזרא ז"ל, ווײַל ער האָט נישט אויסגעפּאָלגט דעם פּאַרבאָט פונעם רב און געפירט חול־המועד קלעצער צום קלויסטער. דער רב האָט אים געשיקט מתרה זײַן, ער זאָל דאָס נישט טאָן. „המבזה את המועדות" — האָט ער אים אָנגעמערקט. אָבער הערשל האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק. ר' אַברהם־עזרא האָט דאָן אויסגעשריִען (אַזוי פלעגט מען דערציילן אין אַמדור): „ער וועט שוין פירן". און צו מאָרגנס האָט פּאַסירט, אַז ער האָט צעבראָכן אַ פּוס דורך אַ קלאָץ. פון דאַן אָן טראָגט ער די אײַזערנע פּוס. מיטן אַלטן שפּילט מען זיך נישט אין קיין מחזוקת, — פלעגן איבערחזרן אַלטע אַמדורער ייִדן. ווען ער פלעגט גיין אין מאַרק, פלעגט ער שטענדיק אָנטרעפן מיט דעם שפּיץ פון דער אײַזערנער קוליע אויף

די פּיס פון די באַרוועסע גויעס און פלעגט שרײַען: „אומעטום זײַ־נען זיי פול, נישט צו פּטור ווערן פון זיי״...

נישט מיט אַלע פּורמאַנעס פלעגט מען זײַן זיכער, ווען מען פלעגט מיט זיי שיקן געלט: אָדער מען פלעגט בײַ זיי אַראָפּגנבענען די סחורה, אָדער זיי פלעגן אָנווערן... דאָס געלט. אָפטער פלעגן פאַרקומען דיני־תורהס מיט זיי און די דינים פון שומר שכר און שומר חינם פלעגן דורכגעלופּטערט ווערן, און כמעט שטענדיק פלעגן אָנווערן די קרעמערס... מיט הערשל שוליאַק פלעגט מען זײַן זי־כער. לאָזער דעם רבס פלעגט זאָגן: „הערשל שטייט פעסט, פאַרט אַן אײַזערנע פוס״.

די לעצטע יאָרן פלעגט ער פאָרן צוויי מאָל אין וואָך קיין ביאַ־ליסטאָק. געהאַט דרײַ „אָדלערס״ געשפּאַנט אין אַ בויד. מען פלעגט דאָס רופן אין ביאַליסטאָק „דער אײַזערנער דיליזשאַנס״. איך האָב נאָך איבערגעלאָזן הערשלען מיט זײַנע „שרפים״, ווען איך האָב פאַרלאָזן אַמדור, אין גאַנצן ברעזן, טראָץ זײַן הויכער עלטער. הערשל שוליאַק איז געווען אַ שם־דבר פון אַ בעל־עגלה אין אַמדור, גראָדנע און ביאַליסטאָק.

מאיר גוזשיק, אַ בעל־עגלה, אַן אָרעמאַן, אַ עני מדוכא. געהאַט איין פערד — הויט און ביינער, און פון אים האָט מאיר גוזשיק גע־דאַרפט ציִען זײַן פּרנסה. אין די שלעכטע וועגן פלעגט זיך מאיר אײַנשפּאַנען אין וואָגן און צוזאַמען מיט זײַן „סיוואַק״ שלעפּן דעם וואָגן. געהאָרעוועט ווי אַן אייזל. לייזער דעם רבס פלעגט זאָגן, אַז ווען מאיר שלעפּט דעם וואָגן צוזאַמען מיטן פערד, איז ער עובר אויף כלאים — אַ פערד מיט אַן אייזל...

שבת אין דער פרי פלעגט ער קומען צום דאַווענען אין בית־המדרש — דער איינציקער טאָג אין וועלכן ער איז געווען פרײַ. אַן אויסגעהאָרעוועטער און אויסגעמוטשעטער פון דער גאַנצער וואָ־כעדיקער שווערער פּראַצע, פלעגט ער דעם גאַנצן דאַווענען שלאָפן, כראָפּענדיק. איין מאָל, בײַ פּתיחת הארון, ווען דער עולם האָט גע־זאָגט „ויהי בנסוע האָרון״, האָט מאיר גוזשיק פּלוצלינג אויסגע־

שרײַען „פּטור! פּטור!", חלומדיק געוויס פון זײַן פערד. דער עולם האָט זיך, נאַטירלעך, צעלאַכט. אָבער ווער קען אָפּשאַצן די אָרעמ־קייט פון דעם מין ייִדישן פאַרפראַצעוועטן האַרעפּאַשניק! איך וואָלט אויף אים פאַראַפראַזירט דעם באַרדיטשעווערס וואָרט: אַפילו בײַם פערד און וואָגן דאַוונט ער אויך.

אין אַמדור זײַנען געווען אַ סך בעלי־עגלות, אָבער עס האָט זיי געפעלט מאיר גוזשיקס ערלעכקייט, אייניקע פון זיי — שלעגערס און אַפילו גנבים.

אַמדורער קצבים. מיט קיין פלייש האָבן זיך די אַמדורער אײַנ־וווינערס נישט איבערגעגעסן: זומערצײַט, בין שבת לשבת — אַ שטיקל פלייש; ווינטערצײַט פלעגן די רײַכערע אײַנזאַלצן גאַנצע זײַטלעך שעפּסן פלייש. די אָרעמע פלעגן טאָן דאָס זעלביקע, אָבער דערלויבן פלעגן זיי זיך צו עסן אַ שטיקל פלייש נאָר פון שבת צו שבת. אין פאָליש, ווו ייִדן פלעגן פירן שמועסן וועגן אַקטועלע ענינים, פלעגט מען זיך אויך באַקלאָגן אויפן יקרות אויף פלייש. איך געדענק אַזאַ שמועס, ווען מענדל דער שוסטער, אַ שטילער כשרער ייִד (זײַן זון לייבקע, איז געווען אַ גוטער גמרא־מלמד), האָט זיך אָפּגערופן: „וואָס דאַרף מען אַזוי פיל פלייש?! וועלף זײַנען מיר? מען מוז דאָס זיצן די גאַנצע וואָך על סיר הבשר? אַ פונט פלייש אויף שבת איז איבער גענוג..." אפשר צוליב דעם האָט מען טאַקע אין יענע צײַטן אין אַמדור נישט געקרענקט אויף אולצער, הויכן בלוטדרוק, אַפּענדיציט און נאָך אַנדערע מאָדערנע חולאתן, וואָס זײַנען אַזוי פאַרשפּרייט אין אונדזער ציוויליזירטער וועלט, און וואָס זײַנען, מעגלעך, אַ רעזולטאַט פון דער שפע שפּײַזן, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס הײַנט אונדזערע טישן.

דאָך האָט מײַן שטאָט געציילט מיט אַ גאַנץ באַדײַטנדיקער צאָל קצבים, גרויסע און קליינע, רײַכע און אָרעמע. אַלע זייערע יאַטקעס זײַנען געווען קאָנצענטרירט אין איין גאַס — צווישן מאַרק און דער גרויסער שול. איך געדענק צווישן זיי:

מאָטעס דער קצב. זײַן גרויסע שטוב אין סאַמע מאַרק. אַ בכבו־

דיקער באַלעבאָס. שבת און יום־טוב איז בײַ אים געווען אַ גרויסער מנין. ייִדן פֿלעגן זיך וועלן גאַרגלען, אַ זאַך וואָס נישט אַלע עמוד־זוכערס האָבן געקאָנט אויספֿירן אין שול אָדער בית־המדרש. דער־פֿאַר טאַקע אַזוי פֿיל מנינים. מאַטעס דער קצב האָט זוכה געווען צו דאַוונען שחריתים פֿון די ימים־נוראים אין דער גרויסער שול, אַ פֿונקציע וואָס אין יענע צײַטן האָט עס געגעבן חשיבות און פּרעס־טיזש. בײַ דער תּפֿילה פֿון „יראתי בפצותי שיח להשחיל", פֿלעגט מאַטעס וויינען... מאַטעס איז געשטאָרבן אַ גרײַז־גרויער זקן און זײַן טויט איז באַדויערט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט.

בערל קאָזאַק. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ קצב, שפּע־טער אַ הענדלער פֿון אָקסן מיט פֿערד. אַ שיינער באַלעבאָס, גע־פֿירט אַ פֿײַנעם סטאַט, פֿאַרווינט אַ שיינע אייגענע הויז, און געווען שיין געקליידט. איניקע טעכטער — ער האָט געהאַט אַ סך קינדער — האָט ער געגעבן לערנען. זאָל דאָ געגעבן ווערן אַ קליינע ביאָ־גראַפֿיע פֿון בערלס משפּחה. זײַן טאַטע האָט געהייסן מאַטשע קאָ־זאַק. ווען ער פֿלעגט זײַן בגילופֿינדיק און פֿלעגט שרײַען אין גאַס, פֿלעגט אים מאַטעס דער קצב רופֿן „מאַטשע קאָזאַק". געווען אַ חסיד. אַברהם שלמה צינעס האָט אַ מאָל געזאָגט: „דער גליק איז, וואָס מאַטשע איז אַ חסיד און דערפֿאַר זאָגט מען אַז ער איז אַ שיכּור, ווען נישט וואָלט מען געזאָגט אַז ער איז אַ פּיאַניצע". ער האָט גע־האַט זעקס זין, אַלע הויכע, שיינע און געזונטע: בערל, עליע־יאַנקל, מלך, גדליה, פֿישל און שמואל. עליע־יאַנקל איז געווען אַ בעל־עגלה, געהאַט אַ גוטן ייִנגל אין דער ישיבה. געשטאָרבן יונג. מלך — אַ „סטאַרשי מוזיקאַנט" אין גראָדנער „מוזיקאַנטסטקאַיאַ קאָמאַנדאַ"; פֿון די ערשטע ייִדישע אַלעקסאַנדערסקע סאָלדאַטן; געוואָרן פֿולקום אָפּ־געפֿרעמדט פֿון זײַן שטאַם. דאָס רעשט זין — אַלע קצבים.

יאַנקל פּאַרפּלס. געווען אין אַמדור אַ גרויסע און פֿאַרצווײַגטע משפּחה מיטן פֿאַמיליע־נאָמען, אָדער צונאָמען „פּאַרפּל". אַלע געווען קצבים. געהאַנדלט מיט בהמות אָדער מיט פֿעל. געפֿירט אַ באַלע־באַטיש לעבן. יאַנקל פּאַרפּלס איז געווען דער רײַכסטער פֿון זיי.

געבויט דעם ערשטן און גרעסטן מויער אין אַמדור נאָך דער גרויסער שריפה, אין סאַמע מיטן פון גראָדנער־גאַס. ער פלעגט ליב האָבן צו נעמען אַ כוסה און מיט אַ „מידה נכונה״ — אַ ריכטיק מאָס. איך האָב אַמאָל בייגעווױנט, ווען ער איז געקומען צום רב מיט אַ שאלה פון אַ „טשעפּטשוכע״. דער רב איז נישט געווען אין הויז, און יאַנקל, וואָס איז געווען גאַנץ בגילופין, האָט זיך אַנידערגעזעצט. עס איז געקומען דער רב און יאַנקל האָט זיך נישט אויפגעהייבן פון פּלאַץ. ר׳ ברוך בנציון מישקאָווסקי, דער רב, האָט זיך דאַן אָפּגערופן: אויב „לא קם ולא זע״, איז אַ סימן אַז „וימלא״...

יאַנקל פּאַרפּלס איז דאָך געווען אַ שיינער באַלעבאָס אין אַמדור. פאַר מײַן אָוועקפאָרן האָט ער חתונה געמאַכט זײַנס אַ טאָכטער מיט אַ יונגן מאַן „אַ מצוין און אַ מושלם בכל המעלות״. מיר דאַכט זיך, אַז זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען פּאָליאַטשעק. די באַלעבאַטים האָבן דאַן מקנא געווען יאַנקל פּאַרפּלס זײַן גוטן איידעם.

## אַמדורער פּשוטע פאָלקסמענטשן

כ׳וויל אויך דערמאָנען איניקע אַמדורער פאָלקסמענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט זייערע קענטעניש, געווען בלינד אין די „שוואַרצע פּינטעלעך״, געווען אַפילו אַ טייל לחלוטין עמי־הארצים — דאָך, מיט זייער אייגנאַרט דערגאַנצן זיי די טיפּן־גאַלעריע פון שטעטל. איינער פון זיי איז געווען —

יאָשע דעסיאַטניק, אַן אַלטער אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. אַ קליין ייִדל מיט אַ געשטופּלטן פּנים. פלעגט מאַכן אַ כוסה, אָבער קיין מאָל נישט געווען שיכור. ווען ער פלעגט גיין אין קאַנטאָר „אַרײַנגיסן״, פלעגט ער זאָגן: איך גיי אַרײַנוואַרפן עטלעכע מאָל אויף ר׳ מאיר בעל־הנס... וואָס דען, שיכורן ווי גויִים? פּע! ער גייט אַרײַנוואַרפן אין פּושקע פון ר׳ מאיר בעל־הנס... יאָשע דעסיאַטניק, דער עם־הארץ, האָט געמאַכט אַסאָציאַציעס צווישן דעם גלעזל מיט דער צדקה־פּושקע פון דעם לעגענדאַרישן ייִדישן צדיק. מיט זײַן גאַנצער פּראַקטיק איז יאָשע דעסיאַטניק געווען

זייער אַ פרומער און פלעגט דאַוונען וואָרט בײַ וואָרט, און כדי צו זײַן זיכער מיט די ווערטער, פלעגט ער זיי איבערחזרן עטלעכע מאָל. ווען ער פלעגט זאָגן אויסנווייניק דעם קאַפּיטל „ר׳ ישמעאל אומר בשלש עשרה מדות", פלעגט בײַ אים אַרויסקומען: „מען קלאָגט און מען פאָרט" — מכלל ופרט — און „מע פאָרט און מען קלאָגט" — מפרט וכלל". מיר, יינגלעך, פלעגן זיך שטעלן נעבן אים, כדי צו טרײַבן קאַטאָוועס פון זײַן קלאָפּן: „מע פאָרט און מע קלאָגט און מע קלאָגט און מע פאָרט". ער אַליין פלעגט שמייכלען, ווען ער פלעגט אונדז זען אַרום זיך. און ווונדער איבער ווונדער: אָט דער פּראָסטער ייִד פלעגט זאָגן פרײַטיק־צו־נאַכטס גאַנץ „במה מדליקין" אויסנווייניק און מיטן ניגון, ווי מען לערנט גמרא. אַ גאַנצן פּרק משניות פון מסכת שבת אויף אויסנווייניק; אַ גאַנצע ברייתא פון ר׳ ישמעאלן וועגן לאָגישע כללים פון תלמוד אויף אויסנווייניק, אַ ברייתא פון אַגדה „תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם" אויף אויס־נווייניק... אָט אַזעלכע עמי־הארצים האָבן מיר פאַרמאָגט. איך צווייפל, צי מיר האָבן דאָס רעכט אַנצורופן דעם טיפּ ייִד מיטן וואָרט „עם־הארץ". מעג יאָשע דעסיאַטניק נישט האָבן פאַרשטאַנען דעם פּירוש־המלות פון דעם וואָס ער האָט געזאָגט, מעג ער האָבן געזאָגט „רב טרייפן" אַנשטאָט „רב טרפון" אין במה מדליקין, אָבער ער האָט פאָרט געהאַט דערוואָרבן אַ גאַנצן שלל מיט העברעיִשע און אַראַ־מעיִשע ווערטער, און דער העברעיִשער קלאַנג איז אים נישט גע־ווען פרעמד.

אין אַ מאַרקטאָג, אָדער אין עפּעס אַ חגא, ווען אַלע גויִים פון די דערפער פלעגן זיך צונויפפאָרן אין שטאָט, פלעגט דאַן יאָשע אָנטאָן זײַן שבתדיקע קאַפּאָטע אָדער די בורקע מיטן באַשליק, וויג־טערצײַט, אויף דער קלאָפּע דאָס בלעכל מיטן רוסישן הערב און אַרויסגיין אין גאַס שטאָלץ, ווי אַ רעגירונג־פאָרשטייער, און פירן די ממשלה צווישן די גויִים, מעשה „נאַטשאַלניק". ווען אַ גוי פלעגט זיך אָנשיכורן און זיך צעשרײַען אין גאַס, זײַנען גלײַך געלאָפן פעטש. אויב דער גוי האָט געהאַלטן אין מויל אַ גוטע ליולקע און ציבעק,

פלעגט יאָשע זיי גלײַך אַרויסרײַסן פון מויל. גויִים פלעגן זאָגן: „כוואָראָבאָ נאַ עטו פליאָשקו, נאָם סטראַך בידע״ — אַ קרענק אויף דעם בלעכל, עס כאַפּט אונדז אָן אַ ציטער... אַזאַ איז געווען יאָשע דעסיאַטניק, וואָס פלעגט זאָגן „במה מדליקין״ און „רב ישמעאל״, און אַרויפוואַרפן פּחד אויף די גויִים מיט זײַן בלעכל. ווי מאָדנע עס קלינגט: אַ „דעסיאַטניק״, אַ רעגירונג־בלעכל מיט „במה מדליקין״ און „בשלש עשרה מדות התורה נדרשת״...

משה כוואַליש געווען פריִער אַ שמיד. זײַן שטוב — די לעצטע פון שטאָט, בײַם אַרויספאָר אויף גראָדנער גאָסטינעץ (הויפטוועג). שפּעטער געמאַכט אַ קלייט און געוואָרן גאַנץ רײַך. זײַן גויִשער צו־נאָמען — כוואַליש — האָט ער באַקומען פאַר זײַן פּראַקטיקייט און מגושמדיקייט. ער האָט זיך אַ מאָל געוועט אויפצועסן אַ טוץ הע־רינג מיט אַ שוואַרצן ברויט; דעם געוועט האָט ער געוווּנען און איז געבליבן הונגעריק... אין אַ יאָרצײַט־טאָג — עס איז אויסגעפאַלן שבת — האָט מען אים צוגעלאָזן צום עמוד אויף צו דאַווענען מנחה, האָט זײַן זעצן די עברי אַרויסגערופן גרויס געלעכטער בײַם עולם. בײַ חזרת הש״ץ, „אתה אחד ושמך אחד ומי כעמך ישראל גוי אחד״, האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט ביי די דרײַ „אחדס״ און ער האָט זיי צו־נויפגעבונדן צו דרײַ ווערטער; עס איז בײַ אים אַרויס: „אתה אחד ושמך; אחד ומי כעמך; ישראל גוי אחד...״ שמעיה חנהס, אַ שוס־טער, אַ גרויסער לץ, האָט אים אונטערגעזונגען: „ומי ככוואַליש גוי אחד בארץ״...

זײַנעם אַ זון, הירשל, אַ בחורעץ פון 16 יאָר, מיט רויטע אויגן, האָט ער געשיקט צו ר׳ אַהרן קדיש דעם מלמד אין חדר, אויסלער־נען דאַווענען און די הגדה. איך בין דאַן געווען אַ יינגל נאָך קיין זיבן יאָר נישט אַלט און מײַן קינדערשער מוח האָט נישט געקענט באַ־גרײַפן, ווי קען עס נישט אַזאַ חתן־בחור גוט דאַווענען און לערנען חומש מיט רש״י? איך געדענק, ווען דער רבי האָט געלערנט מיט אונדז פאַר פסח די גאַנצע הגדה. דאָס וואָרט „עסן״ איז פיל מאָל דערמאָנט געוואָרן: כרפס — מען נעמט אַ שטיקל ציבעלע, מען

טונקט־אײַן אין זאַלצוואַסער, מען מאַכט אַ ברכה „בורא פרי אדמה" און מען עסט; מוציא — מען זאָל מאַכן אַ „מוציא" און נישט עסן; מצה — מען זאָל מאַכן די ברכה על אַכילת מצה און יאָ עסן; מרור — מען מאַכט אַ ברכה על אַכילת מרור און מען עסט; כורך — און מען עסט; שולחן ערוך — דער טיש איז געגרייט, מיר וועלן עסן; צפון — מען זאָל עסן דעם אַפיקומן. און בײַ דעם „תלמיד ותיק" איז אַרויסגעקומען: „קדש — אַז דער טאַטע קומט פון שול, זאָל ער מאַכן קידוש און זאָל עסן; ורחץ — מען וואַשט די הענט און מען עסט; כרפס — און מען עסט... און דער רבי ר׳ אַהרן קדיש ווערט אין כעס און שרײַט־אויס: געהאַנגען זאָל ער ווערן, אַט די טרייפענע „האַרלע", נאָר פרעסן און פרעסן; דאָס איז דאָך אַ מין זולל וסובא!" נאָך פסח האָט ער איבערגעלאָזן דעם חדר, און גאָר אין גיכן האָט מען אים חתונה געמאַכט. צו קיין חומש מיט רש״י איז ער נישט דערגאַנגען, די הגדה — ביז עבדים היינו און ווײַטער נישט, אָבער בײַם עסן איז ער געבליבן... מעשה אָבות סימן לבנים.

יאַנקל ווײַסע קעפּל, געווען אַ דאָרפס־שנײַדער. פון געבוירן אָן געהאַט אַ ווײַסע קאָפּ, און דערפון נעמט זיך זײַן צונאָמען. דייער אַ שטילער מענטש, נאָר פשוט, ווי טביה דער מילכיקער וואָלט געזאָגט: „המכה בעברתו" — געשלאָגן אויף דער עברי. בײַ שאַבלאָנע תפי־לות אָדער קאַפּיטלען, פלעגט ער נאָך ווי עס איז אַדורכקריכן, נאָר ווי עס פלעגט קומען צו דער הגדה, סליחות, קינות אָדער הושענאָס, דאַן פלעגט ער האַקן ווי אין קרויט. בײַ דער קינה „אבל אמורר אנינות אגרר" פלעגט בײַ אים אַרויסקומען „אַנינעס אַ גאַנער". זײַ־נע גרײַזן פלעגן זײַן פאַרבונדן מיט עפּעס אַ קעגנשטאַנד אין ייִדיש. איך געדענק, ווען מײַן פאָטער ע״ה האָט מיר געשיקט אײן מאָל פאָרן ברענגען חרוסת פון פּײַוול דעם ווײַנשענקער. בײַ די וואָס פלעגן מאַכן ווינציק צערעמאָניעס בײַם אָפּריכטן די סדרים, האָט מען באַלד נאָך מעריב שוין געהערט דורך די פענצטער, ווי מען זאָגט געשמאַק די הגדה, און איך האָב געהערט ווי מײַן העלד האָט אויסגעזונגען: בשעה שמצה ומרור „מחותנים" לפניך — אַנשטאָט מונחים... בײַ

יאַנקל ווײַסע קעפּל זײַנען די מצות געווען פאַררעכנט ווי מחותנים, טײַערע און ליבע מחותנים, און אַנשטאָט אגרר, איז אים געווען פאַ־מיליאַר „אַ גאַנער״, מיט אַזוי פיל געגדז און גאַנערס זיך אַנגעזען אין דאָרף... ער איז נישט געווען דער איינציקער „גרײַזן־פאַרפאַ־סער״ אין אַמדור. מײַן שטאָט האָט פאַרמאָגט אַ גאַנץ שיין ביסל פון דעם סאָרט פאָלקסמענטשן. מיר דאַכט אַז עס וואָלט כדאַי געווען צו מאַכן אַ גאַנצע אַנטאָלאָגיע פון יענע אַלע קונציקע און כמעט „לומדישע״ גרײַזן וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן זינט דורות אין מויל פון יענע כשרע ייִדן.

ניאָמע דער בעדער, אַ קליין־געוויקסיק ייִד מיט איין אויג און מיט אַ גרויסע בולבע אונטערן אויער. שטענדיק געטראָגן לײַוונטענע הויזן און געגאַנגען באָרוועס זומערצײַט. ער האָט געהאַט פאַרשידע־נע פּראָפעסיעס: אַ לאַנגע צײַט געהאַלטן די באָד אין אַרענדע און אַליין געווען דער בעדער און שמײַסער; געווען דער קוימען־קערער, זיך אָפּגעגעבן מיט קאַלכן הײַזער, און ווינטערצײַט — טראָגן וואַסער מיט דער קאָראָמעסלע. די לעצטע אַרבעט איז געווען פשוט „עבודת פרך״, אַרום די ברונעמער איז געווען פאַרפרוירן, כמעט אוממעגלעך צוצוטרעטן צו זיי; דער „קליוטש״ באַדעקט מיט אײַז און בײַם אָנ־רירן אים פלעגט די האַנט ווערן צוגעפרוירן. בײַ אַזעלכע באַדינגונ־גען פלעגט ער, ניאָמע, ציִען און טראָגן וואַסער, פון פאַר טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט, באַקומענדיק דערפאַר אַ קאָפּיקע פאַר צוויי עמערס וואַסער. ייִדן פלעגן נאָך נישט זײַן צופרידן, באַזונדערס די פון גרעסערע פאַמיליעס, וואָס פלעגן דאַרפן האָבן אַ סך וואַסער פאַרן טעגלעכן געברויך: „מימנו בכסף שתינו״ — פלעגן זיי אונטערמור־מלען... אָט מיט אַזעלכע פרנסות פלעגן זיך אונדזערע ייִדישע האָ־רעפּאַשניקעס אָפּגעבן. ליגן זאָגן יענע, וואָס מיינען אַז ייִדן פלעגן אין דער אַלטער היים לעבן פון שאַכער־מאַכער. ניאָמע דער בעדער איז געווען שטענדיק אַ פאַרביטערטער, אַ מר־נפש, און פלעגט אָפּט אַרויסטרעטן מיט אַ ביסל חוצפה קעגן דער „גבירראָקראַטיע״. איין מאָל, בײַ אַ זיצונג פון קהל, האָט מען זיך דערוווּסט אַז „ניאָמקע

דער בעדער״ פאַרמאָגט 400 רובל. שלום־לייזער ראַבינאָוויטש האָט פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל בײַם בעדער צונעמען דאָס געלט... ער וועט הרגענען מענטשן אין די גאַסן מיט אַזוי פיל געלט...

ווי געזאָגט, האָט מײַן העלד געהאַט נאָר איין אויג; דאָס אַנדערע איז געווען אַ ביסל אויסגעבערענט פון דער סאַזשע פון די קוימענס און פון דעם קאַלך — געווען איז ער דאָך סײַ אַ קוימען־קערער, סײַ אַ קאַלכער. נו, צום דאַוונען אין סידור דאַרף מען נישט האָבן קיין פּאָר שפּאַקולן, גענוג איין גלעזל; צוויי אויגן — צוויי גלעזלעך, איינע — גענוג איין גלעזל... „וואָס? פּוסטע פּראַנטן איז מען?״ — פלעגט ניאָמע טענהן...

פלעגט אָבער קומען יום־כּיפּור, ווען מען זאָגט על־חטא בײַ יע־דער תּפילה און בײַ יעדן פּסוק מוז מען דאָך קלאַפּן אויפן האַרצן; ניאָמקע פלעגט נישט אויסלאָזן קיין איין על־חטא אָן זיך צו געבן אַ קלאַפּ אין בויך מיטן קולאַק — אַנשטאָט צו קלאַפּן אויפן ברוסט, פלעגט ער זיך זעצן אין בויך... און דאַן פלעגט זיך שאַפן אַ פּראָב־לעם בײַ אונדזער „על חטאניק״: אין דער רעכטער האַנט — די איינציקע גלעזל; מיט דער זעלביקער האַנט דאַרף מען און מען מוז זיך קלאַפּן אין בויך... אויסנווייניק — קיין איין וואָרט נישט. נו, פלעגט ער דאַן מאַכן אַ באַוועגונג מיטן האַנט צום אויג און צום בויך: „על חטא שחטאנו לפניך״ מיטן האַנט צום בויך, „באונס וברצון״ מיטן האַנט אין גלעזל צום אויג; „ועל חטא שחטאנו לפניך״ צום בויך, „באמוץ הלב״ צום אויג... און אַזוי דעם גאַנצן אַלף־בית און פינף מאָל דורכן טאָג. ער פלעגט שטיין נעבן פענצטער וואָס בײַם האַנטפאַס, כּדי עס זאָל אים זײַן ליכטיקער, און יינגלעך האָבן דער־שמעקט די מעכאַנישע באַוועגונגען פון ניאָמקען און פלעגן זיך אויס־שטעלן אין דרויסן אַנטקעגן פענצטער, צו טרײַבן ליצנות פון ניאָמ־קעס מאַניעווערעס. פלעגט אָבער דאָס קינדערשע חוזק־מאַכן אַרויס־נעמען פון די כּלים, עס פלעגט ווערן אַ געיעג נאָך די יינגלעך, און — אויס מחזור, אויס בריל, אויס על־חטא און אויס קלאַפּן זיך אין בויך... און דער עולם פלעגט דערווײַל אויסשרײַען: „על חטא

שחטאנו לפניך בלצון... על חטא שחטאנו לפניך בריצת רגלים להרע״...

פאַראַן אין מײַנע זכרונות אַ גאַנצע גאַלעריע פון אַזעלכע טיפּן ייִדן, מיט וועלכע אַמדור איז געווען רײַך, אָבער פאַר מעמוארן וועט זײַן גענוג מיט די אויבן דערמאָנטע.

## ניקאָלייעווסקע יידישע סאָלדאַטן

איך וועל נישט יוצא זײַן פאַר מײַן געוויסן, ווען איך וועל אַדורכ־לאָזן אַט דעם סאָרט פּראָסטע און פּשוטע ייִדן, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען „ניקאָלײַעווסקע סאָלדאַטן״, אָדער אין אַלגעמיין — „יוונים״. אַמדור האָט געציילט אַ שיין ביסל פון זיי.

פאַרפרעמדטע און אָפּגעריסענע פונעם לומדישן און קולטורעלן ייִדנטום, האָבן זיי זיך דאָך אײַנגעלעבט מיטן פאָלק און געבליבן געטרײַע ייִדן, טראָץ זייער פּראַקטקייט און מגושמדיקייט. אייביקע אָרעמע־לײַט, האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט שווערער אַרבעט. איך וועל לאָזן אַ זכר פון יענע ניקאָלאַיִשע קרבנות:

יהודה דער יוון, אַ מגושמדיקער ייִד. גערעדט מיטן ריש. שטענדיק פלעגט ער זאָגן „גאָוואָרי גראַמקאָ״ — רייד שאַרף. געהאַט אַ באַוואָקסענע באָרד; זיך אָפּגעגעבן מיט שערן און גאָלן. צו פיל אַרבעט האָט ער בײַ ייִדן נישט געהאַט, ווײַל קיין בערד האָבן ייִדן אין יענער צײַט נישט געגאָלט און נישט געשוירן. אַ גלוח — נישט בנמצא. אָפּשערן זיך לכבוד יום־טוב בײַם צירולניק — אויך נישט קיין מוה; די אַרבעט קען טאָן דאָס ווײַב אָדער די מאַמע, אַײַ, וואָס עס גייט אַרויס מיט „טרעפ״ אַזוי ווי בייטן, נו, איז וואָס? מען וועט פון בית־המדרש ניט אַרויסטרײַבן...

יהודה דער יוון פלעגט האָבן אַרבעט נאָר בײַ געהאַקטע באַנ־קעס אין באָד, אָדער בײַ אַ חולה־מסוכן פון הויכן בלוטדרוק, בײַ וועלכע מען מוז אָנקומען צום בעל־המעסער. פאַר אָפּשערן די האָר פון קאָפּ פלעגט ער נעמען אַ צענער (פינף קאָפּיקעס).

פלעגט מען זיך דינגען, פלעגט ער לאָזן פאַר אַכט גראָשן, און אין לעצטן פאַל איז רעכט אַ זעקסער. ער האָט אויך געהאַט אַ קאָנצעסיע פון דער „פּראַוויטעלסטוואָ" (רעגירונג) צו שטיין דינסטיק אין מאַרק מיט אַ קאַטערינקע און דערבײַ שפּילן אין ביינדלעך, אַזאַ מין אַזאַרט־שפּיל וואָס ווערט פּראַקטיצירט הײַנט אין די קאַפעען און באַן־רעס־טאָראַנען דורך פיל יידיקגייערס. ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז זײַנע קליענטן פלעגן זײַן נאָר די דאָרפס־גויים. קיין ייִד פלעגט ניט שפּילן אין קובישע ביינדלעך בײַ יהודה דעם יוון, פע! רחוק משכר וקרוב להפסד.

יהודה דער יוון איז געווען — ווי אַלע יוונים פון יענעם רע־זשים — אַ גרויסער עם־הארץ. דאָך האָט ער געקענט דאַווענען און איז געווען פרום. מען האָט מיר דערציילט, אַז איין מאָל אום יום־כיפור צו נעילה, ווען ייִדן האָבן געשריִען זיבן מאָל „ד' הוא אלקים", האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער אין מחזור אויף די ווערטער „לשנה הבאה בירושלים" און האָט אויסגעשריִען „אַנאַקאַ! אַנאַקאַ!", דאָס הייסט, אָט איז זי, אָט איז זי... יהודה דער יוון האָט געוווסט אַז אין די ווערטער ליגט עפּעס באַהאַלטן אַ גאַנצע אַפּותיקא; אָט איז זי, די טײַערינקע, די ליבינקע... כשרער אַמדורער עם־הארץ מײַ־נער, ווי טײַער איז מיר דײַן נאָמען!

ער האָט זוכה געווען צו האָבן אַ ייִנגל אין אַמדורער ישיבה; ניט שלעכט געלערנט; געהאַט אַ שיינע און אָנגענעמע שטים צום זינגען און געווען אַ גוטער „אימיטאַטאָר". נאָך מער, מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער איז געווען פון די ערשטע טעאַטער־אַמאַטאָרן אין אַמדור.

אַרטשיק דער יוון — אַן אַלטער ניקאָלײַעווסקער סאָלדאַט. אין לומדות גלײַך מיט אַלע יוונים פון יענער עפּאָכע. געווען כל־ימיו דער וועכטער פון די קראָמען, און דערפאַר פלעגט מען אים אויך רופן „אַרטשיק דער וועכטער". עס איז בײַ מיר געבליבן אין זכרון אַ קליינער עפּיזאָד: אַ ווינטערדיקע נאַכט; אַ ברענענדיקער פראָסט; איך בין נאָך דאַן געווען אַ ייִנגל פון צוועלף יאָר. איטשע־בער דער

שמש האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין די נפקא־מינה (דיפערענץ) פון די „אַרבעה שומרים" און „שליחות יד בשומרים", אַ גאַנצע קאָמבי־נאַציע פון דעם פרק „המפקיד" און „השואל". אַרטשיק דער וועכ־טער איז אַרײַן אַנוואַרעמען זיך בײַ דעם וואַרעמען אויוון פון בית־המדרש. איך זאָג דאָן צו איטשע־בערן: אָט וועלן מיר פרעגן אַר־טשיקן דעם דין פון „אונס", ער איז דאָך אַ שומר שכר; און איטשע בער ענטפערט מיר צופרידן: „ניין, ידידקע, ער איז נעבעך אַ שומר חינם, ווײַל מיר דאַכט זיך אַז קיינער גיט אים נישט קיין גראָשן פאַר זײַן שמירה". אַרטשיק, דער אויסגעדינטער סאָלדאַט, דער אײַנ־געקאָרטשעטער פון קעלט, אויסגעדאַרט ווי אַ גרוגרת דרבי צדוק (אַ תנא אין צײַט פונעם חורבן בית־שני, וואָס איז געבליבן אויסגע־צערט פון תעניתים, און לויט פאַרשריפטן פון דאָקטוירים, פלעגט ער יעדן טאָג אויססמאָטשקען אַ פײַג.), רופט זיך אָפּ צו אונדז: „אײַ, אײַ, אײַך איז גוט. איר האָט בײדע וועלטן. איר זיצט אין דער וואַ־רעם און לערנט תורה, און איך? נישט די וועלט און נישט יענע. פּראָפּאַל בראַט — פאַרלוירן, ברודערקע!"

כשרער ייִדישער האַרעפּאַשניק! אַ סאָלדאַט בײַ ניקאָלײַען דורך די קינדער־כאַפּערס, אַן אויסגעמוטשעטער פון כל עבודת פרך, אויף דער עלטער אַ וועכטער, וואָס זײַן גאַנצע טעגלעכע שפּײַז איז באַשטאַנען פון שוואַרצן ראָזעווען ברויט מיט הערינג.

איך וועל אויך דערמאָנען נאָך אַ וועכטער פון אַמדור — מײַרעם דער וועכטער, אַ צעבראָכענער שאַרבן, געבריכט, בלינד און אײַנגע־הויקערט, איז ער געקומען צו קיצבה אויף דער עלטער, נאָך דעם ווי ער האָט שוין ניט געקענט אָנגיין מיט זײַן וועכטערײַ. פלעגט זיך קומען צו שלעפּן אויף אַלע מזל־טובן, בריתן און חתונות, צו באַ־קומען אַ טרונק בראָנפן און אַ שטיקל לעקעך. ער פלעגט נישט דורכלאָזן קיין געלעגנהייט צו מאַכן אַ שנאַפּס. ער האָט געטענהט: „ווען נישט די ייִדישע שמחות, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אויף יענער וועלט"... עס האָט אַ מאָל פּאַסירט: בײַ אַברהמל דעם טויבן איז געפאַלן זײַן פערד, זײַן חיונה־געבער. מען האָט געזאָגט,

אַז ער מיט זײַן אָרעמער פֿאַמיליע זײַנען נאָכן פֿערד געזעסן שבעה. זאָל דאָס נישט קלינגען ווי אַ װיץ. מען האָט געדאַרפֿט זען די ליט־ווישע אָרעמקייט אין יענע צײַטן. מען האָט זיך צונויפֿגעלייגט און אים געקויפֿט אַן אַנדער פֿערד, און אַברהמל דער טויבער האָט פֿאַר שמחה געגעבן לעקעך מיט בראָנפֿן. מײַרעם דער וועכטער איז, נאָ־טירלעך, אויך געקומען און, לויט זײַן געוווינהייט, געווונטשן דעם בעל־שמחה: „אַברהמל, זאָלסט זוכה זײַן מגדל זײַן אים לתורה, לחופּה ולמעשים־טובים״...

## אַמדורער משוגעים

אַמדור איז געווען אַ שטאָט מיט שטעט גלײַך, און ווי אַזאַ האָט זי געהאַט דאָס רעכט צו האָבן אירע שטאָט־משוגעים... מעגלעך, אַז אין פֿראָפּאָרץ פֿון איר גרייס האָט זי פֿאַרמאָגט פֿיל מער משוגעים ווי עס האָט איר געקומט. אייניקע טיפּן פֿון זיי וויל איך דערמאָנען. אַ סך איז געשריבן געוואָרן וועגן משוגעים בײַ ייִדן. אין „רשומות״, 1טער טייל, ז׳ 199, אד״ט „משוגעים ושוטים ברחוב היהודים״ — משוגעים און אידיאָטן אויף דער ייִדישער גאַס, איז פֿאַראַן אַ קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן דער טעמע. מען קען כמעט באַשטעטיקן, אַז אַפֿילו אויף דעם געביט איז אויך פֿאַראַן אַ ייִדישע אייגנאַרטיקייט. דער ייִדישער משוגענער איז פֿאַרשיידן פֿון דעם נישט־ייִדישן. מעגן די פּסיכיאַטערן זאָגן און באַשטימען, אַז דער מקור פֿון בײדנס שגעון איז איין און דער זעלביקער, און אַז איין מיטל — אויב עס איז אַזאַ פֿאַראַן — איז גוט פֿאַר ביידן, אָבער פֿאַקטיש ווײַזט זיך אַרויס, אַז עס עקסיסטירט אַ טיפֿע דיפֿערענץ פֿון פּסיכאָלאָגישן, נאַציאָנאַלן און מאָראַלן כאַראַקטער צווישן ייִדישע און קריסטלעכע גײַסטיק־קראַנ־קע. זעלטן ווען עס פּאַסירט, אַז ייִדישע משוגעים זאָלן דורכפֿירן מאָרדן אין דער צײַט פֿון די אָנפֿאַלן, ווי עס פּאַסירט בײַ משוגעים פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

איינער פֿון די אַמדורער אידיאָטן איז געווען הירשל־הושיע, אַ

זון פון אַ פֿאַרמעגלעכן באַלעבאָס. געווען איז ער אַ רוּיקער און שטילער מענטש. זײַן נאַרישקייט און טיפּשות האָט אָבער נישט גע־האַט קיין גרענעץ. פלעגט מען עמעצן אין אַמדור ווען באַליידיקן פֿאַר זײַן נאַרישקייט, פלעגט מען אים רופן „הירשל־הושיע״. פלעגט מען, למשל, דערציילן אַן אַנעקדאָט וועגן הירשל־הושיעס חכמה. זײַן פֿאָטער איז געווען אַ שיינער באַלעבאָס אין אַמדור; פֿאַרמאָגט אַ גרויסע און פֿײַנע דירה, מיט מעבל לויטן געשמאַק פון יענער צײַט. אין פירהויז איז איין מאָל אַרײַן אַ ציג, און אַזוי ווי די טיר פון צי־מער, אין וועלכן עס איז געשטאַנען אַ גרויסער שפּיגל, איז געווען אָפן, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די געשטאַלט פון דער ציג. דער פֿאָ־טער שרײַט־אויס: הירשל־הושיע, דו זעסט נישט? טרײַב־אַרויס די ציג פון שטוב. דער בן־חכם מאַכט נישט קיין מחזוקות און מיט אַ שטיק האָלץ טרײַבט ער אַרויס די ציג פון שפּיגל... זינט פיל יאָרן פלעגט מען ריידן אין אַמדור פון הירשל־הושיעס „חכמות״.

משה־מאיר, אַ ייִד אַ גרויסער תלמיד־חכם. געהאַט דרײַ זין: איינער, זלמן משה־מאירס, אַ ייִד מיט אַ גרויסן טלית־קטן און מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע. געווען זייער אַ פרומער, פלעגט דאַווענען וואָרט בײַ וואָרט און וויינען דערבײַ מיט ביטערע טרערן. אַ גרויסער אָרע־מאַן און דערצו געהאַט אַ ווײַב אַ מרשעת, געהייסן האָט זי מרים־גיטל, פלעגט מען איר רופן אין אַמדור „ווערעם גיטל״. דעם צווייטן זון האָט מען גערופן אפרים משה־מאירס, אָדער אפרים „טשאַטשויקע״ (לינדז), ווײַל זײַן שמענדיקער עסן איז געווען לינדזן — נישט, חלי־לה, צוליב רײַכקייט... געהאַלטן אַ ווינטמיל הינטערן שטאָט, אויף אַ באַרג, און פלעגט האָרעווען מיט דער גאַנצער משפּחה אַרויסצו־ציִען דאָס שטיקל ברויט מיט וואַסער. ווען מען פלעגט דאַרפן איבער־דרייען די מיל מיט די פליגלען צום ווינט, פלעגט דאָס זײַן פּשוט אַן „עבודת פּרך״ און מיט מײַן קינדערשן מוח פלעג איך נישט קע־נען פֿאַרשטיין, ווי אַזוי מענטשן קענען טאָן אַזאַ קאַטאָרזשנע אַרבעט. אפרים משה־מאירס פלעגט שטענדיק ריידן וויינענדיק. דער דריטער זון חיים משה־מאירס איז געווען אַ פֿאַרמעגלעכער באַלעבאָס, מיט

אַ פײַנער שטוב נעבן די קראָמען. ער האָט אָבער געהאַט אַ פרוי, וואָס האָט גיכער געדאַרפט חתונה האָבן מיט לוטן... זי פלעגט זיך זייער אָפט אָנשיכורן און פלעגט מאַכן סקאַנדאַלן. גויִים אין אַ מאַרקטאָג פלעגן איר מקנא זײַן: ווו האָט זי גענומען אַזעלכן שטאַרקן בראָנפן?״...

דער אַלטער משה־מאיר איז גערירט געוואָרן פון זינען. מען פלעגט אים האַלטן פאַרשפּאַרט אין אַ פינצטערן צימער. איך געדענק, אַז אין אַ זומערטאָג האָט ער זיך איין מאָל אַרויסגעכאַפּט פון צימער און זיך אַוועקגעשאַרט (ער האָט נישט געקענט גיין) צום שול־הויף. ער האָט געקושט די שטיינער פון דעם שול־פונדאַמענט און געשריִען מיט ביטערע טרערן: ״חלצני ד׳, אל תשליכנו לעת זקנה״... קלאָרע און צוגעפּאַסטע ווערטער, און דאָך משוגע. ווער האָט געוווסט וואָס דער אַלטער משה־מאיר האָט געטראַכט אין יענע מאָמענטן?

מען האָט אים אַרײַנגעלייגט אין אַ גויִשן וועגל און אַראָפּגענומען די לייצעס פון צײַמל, ווײַל ער האָט נישט געלאָזט פירן דעם פערד, און אַוועקגעפירט אים צוריק אין זײַן פינצטערער תפיסה. זײַן זון אפרים האָט געוויינט, שרײַענדיק: ״טאַטע, טאַטע, אונדז איז ערגער פאַר דיר. פינצטער איז אונדז, ווי אַזוי קענען מיר מקיים זײַן כיבוד אָב?״ און אַלע וואָס האָבן בײַגעוווינט אָט די סצענע, האָבן מיטגעוויינט.

משה אסתר דער שוואַרצערס — געראָטן אין זײַן מאַמען איז ער געווען, מיט אַ שוואַרץ בערדל, שטענדיק געהאַלטן אין איין רייכערן. אַ יונגערמאַן אַ למדן, אַ סך געלייענט און בײַם רײדן פלעגט ער מאַכן דעם אײַנדרוק פון אַ נאַרמאַלן מענטש. געהאַט אַ קלאָרע דיקציע און זײַנע באַמערקונגען פלעגן אָפט מאָל זײַן זייער טרעפלעכע און אַפילו טיפזיניקע. ער פלעגט אַרומגיין איבער די גאַסן און קיינער האָט נישט געוווסט פון וואָס ער האָט געלעבט. ווען מען פלעגט אָבער מיט אים רײדן אַ לענגערע צײַט, פלעגט מען באַמערקן אין אים סימפּטאָמען פון אומנאָרמאַלקייט; אַ גרינער פײַערל פלעגט זיך באַ־

ווײַזן אין זײַנע אויגן און זײַן מיטשמועסער פלעגט גלײַך דערפילן אין אים אַ גײַסטיק־קראַנקן מענטשן. הגם שטענדיק שטיל, רויִק, מיט אַ לײַכטן שמייכל אויפֿן פּנים, פלעגט ער ווערן בייז, שאַרף און סאַרקאַסטיש, ווען ער פלעגט דערפילן, אַז עמעצער וויל פון אים מאַכן חוזק.

איין מאָל, ווען דער עולם איז אַרויסגעקומען פון ברעגמאַנס בית־מדרש, נאָך מנחה, איז אָנגעקומען משה אסתרס מיט אַ פּאַפּי־ראָס אין מויל. אַ געוויסער באַלעבאָס האָט גענומען בײַ אים פײַער און האָט אים דרך־אַגב געזאָגט: משה, ווען דו וואָלטסט געווען אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך, וואָלטסטו געקענט נעמען די שענסטע מיידל פון שטאָט. משה ענטפערט אים גלײַך: אײַער טאָכטער וואָלט איך נישט גענומען. פאַר וואָס, משה? — ווײַל די גמרא אין מסכת שבת זאָגט, אַז מען טאָר נישט. און משה זאָגט אים אָפּ אויסנווייניק די אַלע אַכצן גזירות וואָס מען האָט דעקרעטירט אויפן בוידעם פון חנינה בן חזקיה בן גוריון... און ענדיקט: די גמרא זאָגט „ובנותיהן משום דבר אַחר" — מען טאָר זיך נישט האַלטן צוזאַמען מיט די רוימער; נישט עסן זייער ברויט, נישט טרינקען זייער בוימל און זייער ווײַן, און אַלץ צוליב זייערע טעכטער, דאָס הייסט, טאָמער וועט מען נעמען זייערע טעכטער פאַר פרויען. און פאַר וואָס טאָר מען נישט חתונה האָבן מיט זייערע טעכטער? צוליב אַן אַנדער זאַך... דער תלמוד האָט מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק געמיינט, טאָמער וועט מען דינען עבודה־זרה. אײַער טאָכטער — ענדיקט משה — קען איך נישט נעמען, ווײַל איר זײַט אַ דבר־אַחר...

פון דאַן אָן פלעגט מען מיט משה אַסתר דער שוואַרצערס נישט טרײַבן קיין קאַטאַוועס.

אַ חוץ משוגעים, האָבן אין שטעטל אויך נישט געפעלט קיין עפּי־לעפּטיקערס. עפּילעפּסיע, אָדער „די פאַליקע" איז אין יענער צײַט געווען אַ קרענק אַ פאַרשפּרייטע אין די שטעט און שטעטלעך, און נישט אויסגעמיטן אָרעם און רײַך.

# אַמדורער שיכּורים

ווי אין יעדן שטעטל, זײַנען אויך געווען אין אַמדור אַ צאָל מענטשן פון דער אונטערוועלט: שלעגערס, פערד־גנבים, אונטער־צינדערס. איך געדענק איינעם אַזאַ טיפּ: ער פלעגט דינסטיק, אין מאַרקטאָג, זיך אָנשיכּורן, זיך אויסטאָן נאַקעט און זיך קײַקלען אין שניי. און דער אַ שיכּור פלעגט אַזוי האַרציק זאָגן תהילים שבת נאָך מנחה און דערבײַ שרײַען: חלצני ד׳ מאדם רע מאיש חמסים תנצרני״. נישט ווילנדיק קומט־אַרויף אויפן געדאַנק דער מאמר חז״ל: „אפילו ריקנין שבך מלאין מצות כרמון״.

און ווען איך דערמאָן שוין אַמדורער „שהכּל־מאַכערס״, וועל איך שוין זאָגן אַ פּאָר ווערטער אין אַלגעמיין, וועגן דעם מין, וואָס האָט נישט געפעלט אין מײַן שטעטל.

איידשע־מענדלס קאַנטאָר פלעגט זײַן פול, טאָג ווי נאַכט, מיט ייִדישע שיכּורים. אַלערליי סיכסוכים וועגן פּרײַזן פון פּאַרקויפטע פערד (אין דעם דערמאָנטן פּלאַץ פלעגט זײַן דער מקח וממכּר פון פערד.), פלעגט דאָרטן דערלײדיקט ווערן. מען פלעגט פּאַטשן אין האַנט עטלעכע מאָל און ענדלעך ענדיקן מיטן גלעזל. אָבער זעלטן ווען האָט אַן אַמדורער ייִדישער שיכּור געטרונקען, נישט מאַכנדיק פריִער די ברכה „שהכּל״. אָפּטער פלעגט מען זיך פריִער פּאַטשן און שלאָגן, זיך קריגן און זידלען אויף וואָס די וועלט שטייט, און ענדלעך מאַכן שלום בײַ דעם פּעסל. מען פלעגט אויף דעם זאָגן אין אַמדור: „פּתח בכּד״ — מען הייבט־אָן מיטן קרוג (קריגן זיך) — „וסיים בחבית״ — און מען ענדיקט מיטן פּעסל... גויִים פלעגן טרינקען אין די שענקען; ייִדן, נאָר אין קאַנטאָר.

איך קען נישט דורכלאָזן אַ געוויסן טיפּישן שיכּור, וואָס האָט זיך קונה שם געווען אין אַמדור מיט זײַנע טאָג־טעגלעכע סקאַנדאַלן וואָס ער פלעגט אָנמאַכן אין גאַס. שטענדיק אָרומגיין אַ פּאַרבלוטיקטער און אָפּטער מיט אַ צעשפּאָלטענע קאָפּ פון די געשלעגן צווישן אים מיט זײַנעם אַ ברודער, אַ פערד־גנב. ווען איינער פלעגט ליגן אויפן

צוויטן, קלאַפּנדיק אים מיט אַ שטיין אין קאָפּ, פּלעגט דער געשלאָ־גענער שרײַען: „אַ דאגה, אַבי מען זעט, אַבי עס זײַנען פאַראַן עדות״: וואָס גייט אים אָן די צעשפּאָלטענע קאָפּ? אַבי מען זעט, אַבי עס זײַנען פאַראַן עדות...

שטענדיק פּלעגט ער ליגן אַ שיכורער נעבן דער דומע. ווען עס פּלעגט קומען דער פּריסטאַוו, פּלעגט ער אויפהייבן אַ געשריי, פאַר וואָס מען פאַרקויפט טײַער פלייש. ער איז געווען אַ ניקאָלײַעווסקער סאָלדאַט, און לויט זײַן קאָדעקס האָט דער „קייסער״ געמאַכט אַ הנחה פאַר דעם סאָרט סאָלדאַטן, פאַרקויפנדיק זיי פלייש אָן דער קאָראָב־קע.

ער פלעגט איין מאָל אין וואָך, שבת, קויפן אַ שטיקל לונגען־פלייש און דערבײַ פּראָטעסטירן קעגן דער קאָראָבקע... און דער אָרעמער אַמדורער שיכור פלעגט ימים־נוראים וויינען מיט ביטערע טרערן אויף דער שריפה פון „פרים הנשרפים״.

## אַמדורער פּאָסט

אַ סך יאָרן זײַנען פאַרבײַ ביז אַמדור האָט זיך דערשלאָגן צו אַ „פּאָטשטאָוואַיאַ סטאַנציאַ״, גלײַך מיט אַלע שטעטלעך צו גלײַך. פריִער פלעגט מען צושיקן די בריוו פאַר גאַנץ אַמדור אין דעם דאָרף פּראָקאָפּאָוויטש, צום „וואָלאָסט״, און דאָס — איין מאָל אין דער וואָך, און פון דאָרט פלעגט אַריבערגעשיקט ווערן קיין אַמדור די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ. אין יענע צײַטן פלעגט מען אין אַמדור זייער ווינציק זיך באַניצן מיט דער אָפיציעלער פּאָסט. ערשטנס, צו וועמען שרײַבט מען? די אַלע קאָמערציעלע פאַרבינדונגען וואָס אַמדור האָט געהאַט, זײַנען געווען מיט גראָדנע אָדער, לעצטנס, מיט ביאַליסטאָק. שיקן אַ צעטל אין שטאָט, אָדער „פערשטאָט״ צו מאַכן אַ „פּאָקופּקע״ אין דעם אָדער יענעם געשעפט, — דאָס אַלץ פלעגט ווערן דורכגע־פירט דורך די בעלי־עגלות. אײַ, וואָס מען דאַרף אַ פאַמיליאַרן בריוו? נו, שרײַבט מען אָן אויפן קאָנווערט „יעלה ויבוא ויגיע לידי״, דעם

און דעם; אין דער הייך שרײַבט מען אָן בחדר״ג (בחרם דרבינו גרשם) און מען גיט עס איבער מאיר גוזשיקן אָדער הערשל שוליאַקן, און — פֿאַרטיק... אָפּטער פֿלעגן אומגיין פֿון האַנט צו האַנט די בריװ, װאָס אַ בחור שיקט צו זײַן כּלה, — אַ „ליבעס בריװל״, נאָך אַלע בחדרג״ן װאָס מען האָט אָנגעשריבן אויפֿן קאָנװערט. אַן אומדורער חתן שרײַבט צו זײַן מיידל אין קרינִיק: „לבי בקריניק ואנכי באמדור; בקריניק ראיתיך, באמדור אוויתיך וביער נשקתיך״ — מײַן האַרץ אין אין קריניק און איך בין אין אַמדור; אין קריניק האָב איך דיך געזען, אין אַמדור האָב איך דיך געגלוסט און אין װאַלד האָב איך דיר געקושט. אָט אַזעלכע זײַנען געװען אין יענער צײַט די אַמדורער פֿאָסטן. װען די ייִדישע אימיגראַציע קיין אַמעריקע איז געװאָרן גרויס און אַמדורער יונגעלײַט האָבן פֿאַרלאָזן מאַסנװײַז זייער גע־בוירן־שטאָט, איז די קאָרעספּאָנדענץ געװאָרן פֿילפֿאַכיק גרעסער און עס איז געװאָרן אַ נויטװענדיקייט צו האָבן אַ לאָקאַלע פֿאָסט־סטאַנ־ציע. נאָך פֿיל „כאָדאַטייסטװאָ״ איז אין אַמדור אָנגעקומען די גליק־לעכע פֿאָסט. די קאָרעספּאָנדענץ פֿלעגט אַריבערגעשיקט װערן פֿון גראָדנע צוויי מאָל אין װאָך. דעם אָװנט װען עס פֿלעגט קומען די בריטשקע מיטן גלאָק, ברענגענדיק די פֿאָסט, פֿלעגט דער עולם זיך לאָזן צו דוד קאַנטאָרטשיקס שטוב, װוּ עס איז געװען דער פֿאָסט־אַמט... מיידלעך מיט בחורים פֿלעגן אויסניצן די געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך אין דער פֿינצטער און זאָגן „אַהבה רבה״. פֿרומע ייִדן האָבן אָנגעהויבן צו מורמלען: סטײַטש! בחורים מיט מיידן שלײַען זיך אַרום ביז האַלבער נאַכט! און שמואל מערקעס, אַ ייִד אַן אײַנקרעמער, און גאַנץ נישקשהדיק משוגע, האָט זיך צעשריִען אין בית־המדרש: „מען מוז קאַסירן די פֿאָסט!״... אויף װאָס אַברהם שלמה ציִנעס האָט איראָניש באַמערקט: „עס װעט נאָך זײַן ערגער, די חבֿרה װעלן נאָך גיין צו פֿוס אום שבת קיין פּראָקאָפּאָ־װיטש און מיידלעך װעלן נאָך „טראָגן״ חוץ לערוב״...

װער פֿלעגט צעטראָגן די בריװ, סײַ איידער עס איז געװאָרן די פֿאָסט אין אַמדור, און סײַ נאָך דעם? כּדאַי צו לאָזן אַ זכר פֿון דעם

אַמדורער ייִדישן „ראַזנאָסטשיק" (בריוווטרעגער). ער האָט געהייסן מאָטקע־חײַקל וויקס (פֿאַרגרײַזט פֿון וואָלק, אַ וואָלף) — אַ פּענאָ־מענאַלער קריפּל: די רעכטע האַנט צונויפֿגעוואַקסן מיט דער מאָרדע און דער עלנבויגן מיט דער קני, און ווי אַ צוגאָב — אַ גרויסן האָרב אויף דער פּלייצע. אָט די דאָזיקע בריה משונה פֿלעגט פֿרײַער גיין צו פֿוס פֿון אַמדור, הין און צוריק, קיין פֿראָקאָפּאָוויטש, אָוועק־צופֿירן און ברענגען די בריוו, און נאָך דעם צעטראָגן זיי צו די אַד־רעסאַנטן. ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, פֿלעגט אים געבן אַ קאָפּיקע פֿאַר אַ בריוו; דער גרעסטער טייל פֿלעגט אָפּקומען מיט אַ דאַנק, און אַ מאָל דאָס אויך נישט. אויך ווען די פּאָסט איז שוין אָפֿיציאַליזירט געוואָרן אין אַמדור, פֿלעגט ער נישט באַקומען קיין שום געהאַלט פֿון דער רעגירונג, ווײַל ווי אַ ייִד, איז אים נישט דער־לויבט געווען צו פֿאַרנעמען אַ רעגנטירטע רעגירונג־שטעלע, און ער האָט פֿיגורירט אויף אַ גויִשן נאָמען — „ריאַר", דעם האַלצהעקערס אַ שגץ. דאָס איז געווען דער צאַרישער רעזשים. ווי אַזוי האָט דער דאָזיקער קריפּל אויסגעפֿירט זײַן אַרבעט? ווו האָבן זיך צו אים גענומען די כּוחות אומצוגיין צונויפֿגעוואַקסן הענט און פֿיס און באַ־דינען די שטאָט כּמעט אומזיסט? אומבאַגרײַפֿלעך, ניסים ונפֿלאָות! ער איז געווען, דערצו, אויך גאַנץ פֿרום, און אַרומקריכנדיק איבערן שטאָט פֿלעגט ער נישט פֿאַרפֿעלן צו דאַוונען בציבור און הנאה האָבן צו שפּרינגען „קדוש". אָרעמער ייִדישער קריפּל! ווו נעמט מען דעם פּאָעט וואָס זאָל דיך באַזינגען פֿאַר דײַן אַרבעטזאַמקייט, ער־לעכקייט און אָפּפֿערווויליקייט. זאָלן מײַנע אָרעמע ווערטער דינען ווי אַ זכר פֿאַר דײַן נאָמען.

## אַמדורער ישובניקעס

עס איז אָנגענומען בײַ ייִדן אומעטום, אַז די דאָרפֿסייִדן, די ישובניקעס, זײַנען געווען עמי־הארצים, מגושמדיק און פּראָסט. פֿיל אַנעקדאָטן ווערן דערציילט וועגן דער הנהגה פֿון יענע דאָרפֿסייִדן

און אַ סך וויצן זײַנען געשאַפֿן געוואָרן זינט הונדערטער יאָרן אויפֿן חשבון פֿון די ישובניקעס און ייִדישע אַרענדאַרן פֿון אַמאָליקע יאָרן. ייִדן פֿלעגן זיך גוטמוטיק וויצלען וועגן דעם, ווי די דערמאָנטע ייִדן פֿלעגן אָפּריכטן דעם סדר, אָדער ווי זיי פֿלעגן זיך אויפֿפֿירן ימים־נוראים, ווען זיי פֿלעגן קומען אין שטאָט אַרײַן. אַנעקדאָטן, כמעט גראָטעסקע, פֿלעגט מען דערציילן אויף זייער חשבון. אָבער, ווען איך זאָל משפּטן די ישובניקעס לויט די וואָס איך האָב געקענט פֿון אַמדורער אומגעגנט, דאַן וועט מײַן אורטייל זײַן גאָר אַן אַנדערער פֿון דעם אָנגענומענעם. און איך גלייב נישט, אַז די אַמדורער דאָרפֿס־ייִדן זײַנען געווען אַן אויסנעם. אַ סך פֿון די וואָס איך האָב געקענט, זײַנען געווען בני־תורה און אייניקע מיט פֿיל נאָבעלע מידות און פֿײַנע מאַנירן. איך וועל געבן אייניקע פֿון פֿיל בײַשפּילן.

משה־ירמיה פֿון באַראַנאָווע — געזעסן אין דעם גרויסן דאָרף באַראַנאָווע, אין ייִד צווישן אַ סביבה פֿון הונדערטער מוזשיקעס. קיין איינער פֿון זיי, בוכשטאַבלעך קיינער, האָט זיך נישט געקענט אונטערשרייבן; פֿון לייענען, נישטאָ וואָס צו ריידן. משה־ירמיה האָט דאָרט געהאַלטן דעם שענק און געלעבט פֿון ביטערן טראָפּן. געווען אַ ייִד אַ מוסמך, אַ טיפֿער למדן און אַ גרויסער בקי. אין שטאָט פֿלעג איך אים זען, ווען ער פֿלעגט האָבן יאָרצײַט, אָדער פּו־רים צו דער מגילה. ימים־נוראים פֿלעגט זײַן אַ מנין אין דער דאָר־פֿישער סביבה. אַ פּאָר וואָכן פֿאַר מײַן פֿאַרלאָזן אַמדור בין איך געווען אין באַראַנאָווע וועגן אײַנמאָנען אַ חוב בײַ אַ גוי. איך בין אַרײַן אין קרעטשמע בײַ משה־ירמיהן. דער שענק איז געווען פֿול מיט גויִים און גויעס, אַלט און יונג, געזעסן אַרום אַ גרויסן, גראָבן שמוציקן טיש פֿול מיט פּראָסטע, גראָבע, בײַכיקע גלעזלעך און „גע־באַלאַקעט" וועגן חזירים, פֿערד, קי און קעלבער. אַ גרויסער כלאָפּ האָט געשלאָגן דעם טאַטן מיט אַ פֿיסל פֿון אַ באַנק. דער טומל איז געוואָרן שרעקלעך. איך האָב מיך דערשראָקן. אָבער דער „סטאַר־שינאַ" (עלטסטער) האָט געמאַכט שלום און עס האָט זיך געענדיקט בײַ דעם פֿלעשל, און טאַטע און זון האָבן זיך צעקושט... דעם שענק

האָט אויפגעפּאַסט משה־ירמיהס ווײַב. אין אַ צימער בײַ דער זײַט איז געזעסן משה־ירמיה איבער אַ טור יורה דעה און האָט אַרײַנגעקוקט. אַז ער האָט מיר דערזען, האָט ער זיך אָפּגערופן: נו, עם הדומה לחמור. און באמת, פאַרגלײַכנדיק דעם המון אין שענק מיט משה־ירמיהן, האָט מען מיט אים געמוזט מסכים זײַן. מען האָט געזען צוויי באַראַנעוועס, איינע של מטה, און די צווייטע של מעלה. שיכורע גויִים, דער זון שלאָגט דעם טאַטן מכות־רצח, און דער ישובניק מיטן טור...

דאָס איז וועגן משה־ירמיה. אָבער צי האָט משה־ירמיה אויסגעהאָדעוועט אויך קינדער אין דאָרף לויט זײַן פאַרנעם? האָט יענער „באַראַנעווער מוסמך" כאָטש איבערגעלאָזן איין קינד אויף וועלכן מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ער איז, לכל־הפּחות, עפּעס אַ המשך פון משה־ירמיהן? צום באַדויערן, ניין. איך געדענק ווען ער האָט געבראַכט זײַנעם אַ בניאַק אין שטאָט צו בר־מצווה. יענעם יאָר זײַנען אין אַמדור געווען פאַרמאַכט אַלע שולן און בתי־מדרשים, צוליב דעם וואָס מען האָט נישט אויסגעקליבן די אָפיציעלע גבאים וואָס האָבן געדאַרפט זײַן פאַראַנטוואָרטלעך צו מאַכן „הנותן תשועה" שבת און יום־טוב אין די געהעריקע פלעצער, און מען האָט געדאַוונט דאַן אין דער חסידאַרניע, וועלכע האָט זיך נישט גערעכנט פאַר אַ שול אָדער בית־מדרש. אַ גרויסער עולם בײַם דאַוונען. מען רופט־אויס „יעמוד החתן... בן הרב ר' משה ירמיהו"... נו, דער בן הרב קען, נעבעך, נישט מאַכן די ברכה אויף דער תורה. ייִדן האָבן דאַן געשאָקלט מיט די קעפּ, קרעכצענדיק: „נו, אַ ישובניק, נעבעך". לאָזער דעם רבס האָט באַמערקט: „ער וועט אי"הש זײַן דער ממלא מקום פון רב אין באַראַנעווע"... קיין תורה־ייִדן האָט דער דאָרף נישט אַרויסגעגעבן.

שמואל־ראַשע פּראָקאָפּאָוויטשער. פּראָקאָפּאָוויטש איז געווען אַ דאָרף צוויי ווייאָרסט פון אַמדור. דאָרט איז געווען די „וואָלאָסטנויע אופּראַוולעניע" (דיסטריקט־אַמט), ווו עס פלעגן רעגולירט ווערן אַלע דאָרף־סיכסוכים. ווען מען האָט צוגעפּסקנט, אַז דער אָדער יענער

דאָרפס־גוי פאַרדינט שמיץ, דאַן פלעגט דער פאַרמשפּטער זיך אַרי־בערפעקלען קיין פּראָקאָפּאָוויטש, ווו ער פלעגט כאַקומען די צוגע־פּסקנטע מלקות און קומען צוריק אין דאָרף אַרײַן אַן אָפּגעשמיסע־נער און אַ בעל־תשובה, אַזוי ווי פון דאָס נײַ געבוירן... איינער אַ גוי איז אַ מאָל געקומען צוריק נאָך די מלקות קיין אַמדור עפּעס אײַנקויפן. מען האָט אים געפרעגט: „פּיאָדאָר, שטאָ סלישנאָ?" — פּיאָדאָר, וואָס הערט זיך? — און ער האָט געענטפערט: „ביעטשע־וואָ, דאָסטאָל דוואַדזשעסקאָ" — גאָר נישט, געקראָגן אַ 20ער, דאָס האָט געהייסן, אַז מען האָט אים אַרײַנגעצימבלט צוואַנציק שמיץ.

אין דעם דאָרף איז געזעסן שמואל־יאָשע, אַ ייִד אַ למדן און אַ דרשן מפואר — לויט אַמאָליקן באַגריף. ער פלעגט זיך אויסצײ־כענען מיט זײַנע פּורימדיקע דרשות, וועלכע זײַנען געווען פּילפּול־דיקע, פּיקאַנטע און אָפּט מאָל גראָטעסקע, שטענדיק, נאַטירלעך, לויט דער מאָס טאָלעראַנץ וואָס ס'איז דערלויבט געווען בײַ יענע ייִדן פון אַמדור אין אַ פּורים־טאָג. לויט שמואל־יאָשעס דרשה, האָט אַחשוורוש זיך געקריגט מיט המנען אין דער שיטה פון „יאוש שלא מדעת", און שמואל־יאָשע האָט מאַנעווורירט מיט אַביי און רבא, אויפוויַיזנדיק אַז די בײדע „כאַמולעס" האָבן פאַרגעסן אַז והלכתא כאביי ביע"ל קג"ם. אָט האָט זיך געדאַכט, אַז דער מלך פּרס איז גע־ווען גערעכט מיט זײַן אונטערשרײַבן המנס אורטייל, ווײַל דער רשב"א האָט די אָדער יענע דעפיניציע וועגן דינא דמלכותא דינא, און אָט איז גאָר המן גערעכט, ווײַל דער ריטב"א איז מחולק... אָבער לסוף איז אַרויסגעקומען, אַז אַחשוורוש איז געווען אַ „יורקע" און המן אַ „פּעטרוק", ווײַל זיי האָבן פאַרזען אַ מחצית השקל*... שמואל־יאָשע איז געווען אַ פײַנער שמועסער. זײַנע קינדער זײַנען נישט געווען קיין פּראָסטע, ווײַל פּראָקאָפּאָוויטש איז געווען נאָענט פון אַמדור, און זיי פלעגן לערנען אין אַמדורער חדרים.

* אַגב־אורחא זאָל געזאָגט ווערן, אַז שמואל־יאָשע האָט זײַנע דרשות גע־גנבעט פון „יערות דבש" אָדער „פּרשת דרכים" און האָט זיי צוגעפּאַסט לויט זײַן געשמאַק.

יעקעוו זאַק. מען פלעגט אים רופן אויך יעקעוו זאַרוביטשער, אויפן נאָמען פון דאָרף ווו ער האָט געוווינט. אַ הויכער, בײַכיקער ייִד, מיט אַ פּאָר גרויסע וואָנצעס. זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען ז״ק, אַ כהן, וואָס עס באַדײַט „זרע קודש״ * אַנדערע ייִדן מיטן זעל־ביקן פאַמיליע־נאָמען פלעגן זיך אונטערשרײַבן ז״כ, ראשי־תיבות פון „זרע כהונה״. לאָזער דעם רבס האָט אַ מאָל געזאָגט: „איך ווייס נישט זײַן סדר היחוס, אָבער איין זאַך בין איך זיכער, אַז ער איז אַ גרויסער ׳זאַק׳ מיט לאַנגע אויערן״... געהאַלטן אין אַרענדע די רעגירונג־פּאָסט פון אַמדורער ראַיאָן. פלעגט שטענדיק פאָרן אין אַ בריטשקע מיט אַ שיינעם פערד. אָפט פאַרבראַכט אין גראָדנע. געווען נישט קיין פּראָסטאַק, גערעדט אַ קאָרעקטן רוסיש. פלעגט מאַכן אַ כוסה מיטן איספּראַווניק, און זײַן „זאַק״ איז קיין מאָל נישט געווען ליידיק. ימים־נוראים פלעגט ער דאַווענען אין דער גרויסער שול און זיך געלאָזט דערקענען בײַ די עליות „פּתיחת נעילה״ און „אתה הראת״. אַזוי ווי ער איז געווען אַ כהן, פלעגט מען זיך וויצ־לען, אַז דער מפטיר פון פרשה קרח געהערט צו אים, ווײַל דאָרט רעדט זיך וועגן דעם מעשר פון די כוהנים און לוויים, און עס זאָגט זיך קלאָר „כתבואת גורן וכתבואת יקב״...

איך געדענק ווי זײַן פרוי, טרײַנע, איז געקומען פאַר פסח צו משה אַזשאָרער באַשטעלן באַקן מצה מיטן ערשטן אויוון, ווײַל עס גייט אַרויס כשרער... ווער זשע קען אָפּשאַצן די אַמאָליקע ייִדישע אַריסטאָקראַטיע: האַלטן די פּאָסט, טרינקען מיטן איספּראַווניק, שפּילן אין קאָרטן מיט די העכערע „נאַטשאַלסטוואָ״ און באַזאָרגן מצה פון ערשטן אויוון, ווי אַן אמתער מהדרין מן המהדרין — עקס־טרעם פרום און אָפּגעהיט. ער האָט געשיקט זײַנע צוויי זין, משה און העשל, לערנען אין שטאָט, אָבער קיין בני־תורה זײַנען זיי נישט אַרויס. זײַן צווייטער זון האָט געלערנט בײַ אַהרן קדישן צוזאַמען

---

* געווען דער עלטער־פעטער פון אַברהם זאַק. — רעד׳.

מיט מיר. באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין חדר, האָט ער געוויזן דעם קונץ זיך צו שטעלן אויפֿן קאָפּ מיט די פֿיס צו דער סטעליע. מײַן הייליקער רבי, ר׳ אַהרן קדיש, האָט זיך דערשראָקן און האָט אויסגעשריִען: איך דאַרף נישט קיין „וויראָדאָק״ (אַ משונהדיקע בריה) אין חדר. לסוף, איז העשל אַוועק צוריק קיין זאַרוביטש. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָב איך אים געטראָפֿן מיט אַ בלישטשענדיקן קאָזיראָק, וואָס אין יענער צײַט האָט עס געהייסן אַ געוואַגטע פּריצות...

## אַמדורער גויים

איך פֿון די אַמדורער גויִים וויל איך לאָזן אַ זכר. לאַנגע, דייער לאַנגע דורות האָבן ייִדן און גויִים געוווינט און געלעבט צוזאַמען. ייִדן האָבן געאַרבעט בײַ גויִים און פֿאַרקערט. איך געדענק נישט קיין איין גויִישן שנײַדער. דער דאָזיקער פֿאַך איז געלעגן אין ייִדישע הענט. איין איינציקער גויִישער שוסטער איז אין יענער צײַט געווען אין אַמדור. ער האָט געוווינט בײַם אָנהייב פֿון דער גויִישער גאַס. אַ גוי מיט אַ גרויסער גוליע אויפֿן שטערן. מען האָט אים גערופֿן פּאַניע יולי... און ייִדן פֿלעגן אים געבן אַרבעט. געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אויף לייגן „פּאָדנאָסקעס״ און לאַטעס.

איך וועל פּרוּוון געבן אַ גאַלעריע פֿון גויִים פֿון אַמדור, וועלכע זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט די שטעטלשע ייִדן.

קאַזימיר קאַלאַמביעש — אַ גרויסער גוי מיט אַ לאַנגע, אויסגעקרימטע נאָז. כּל־ימיו געווען דער „סטאַרשינאַ״ (עלטסטער) בײַ די מיעשטשאַניעס און פֿאַררעכנט געווען ווי אַ רײַכער בעל־גוף. ער איז געווען אויסגעבונדן מיט אַלע ייִדישע אינטערעסן פֿון שטאָט; אַרויסגעוויזן אייניקע מאָל אַ ביסל שנאה צו ייִדן, אָבער געמאַכט שלום מיטן גורל, ווײַל אַמדורער חברה האָבן זיך נישט געלאָזט שפּײַען אין דער קאַשע.

פֿאַר דער גאַנצער צײַט וואָס איך האָב געלעבט אין אַמדור איז

געוועז „יד ישראל על העליונה" — ייִדן האָבן געהאַט די איבער־האַנט. עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז אַ נישט־ייִד זאָל אויפֿ־הייבן אַ האַנט קעגן אַ ייִדן. ווען אין אַ מאַרקטאָג, אָדער ווען גויִשע „גאַוואַבראַנצעס" פֿלעגן פֿאַרפֿירן אַ געשלעג מיט ייִדן, דאַן פֿלעגן די ערשטע אַרויסגיין אַן הענט און פֿיס. נאָך מײַן פֿאַרלאָזן אַמדור האָט פּאַסירט, אַז אין אַ זונטיק, ערב יום־כיפּור, ווען שיכּורע גויִים האָבן פֿאַרפֿירט אַ געשלעג מיט ייִדן, איז אַ גויע דערהרגעט געוואָרן אויף טויט דורך אַ ייִדישן שלעגער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פֿיל פֿון די שלעגערס האָבן עוקר געווען קיין אַמעריקע. דער פֿאַל האָט אויפֿגערודערט דאַן אַלע אַמדורער אַרומיקע שטעטלעך. די גראָדנער אָפֿיציעלע רעגירונגס־צײַטונג האָט דאַן אָנגעהויבן אַן אַנ־טיסעמיטישע העצע. אין די אָפֿיציעלע קרײַזן האָט מען באַטיטלט דעם פֿאַל מיטן נאָמען „אַמדורער כּל־נדרי־פּאָגראָם אויף קריסטן".

קאַזימיר קאָלאָמביש האָט געהאַט נעבן זײַן שטוב אַ טיפֿן ברו־נעם מיט ריינעם און זייער געשמאַקן וואַסער. ייִדן מפֿונקים פֿלעגן באַניצן דאָס וואַסער פֿון ברונעם אויף צו מאַכן טיי, באַזונדערס אין דער וואָך פֿון פּסח, ווען דער ייִד פֿלעגט זיך לאָזן ווילגיין... אויך אין מיטן יאָר פֿלעגט מען שעפּן וואַסער פֿון „קאַזימירקעס ברונעם" אויף צו קאָכן אַרבעס. אַמדורער ווײַבער פֿלעגן זאָגן, אַז נאָר מיט יענעם וואַסער צעקאָכן זיך גוט די אַרבעס. הכּלל, קאַזימירקעס ברו־נעם איז געווען אין אַמדור אַ שם־דבר. אין דער אמתן האָט אַמדור נישט געהאַט קיין גוטן וואַסער. מען האָט אַפֿילו איין מאָל אַראָפּגע־בראַכט קאַצאַפּעס פֿון טיף רוסלאַנד, צו גראָבן אַ טיפֿן ברונעם אין סאַמע מיטן מאַרק, אָבער אָן רעזולטאַט. עס איז אויפֿפֿאַלנדיק: בײַ די גויִים זײַנען געווען אַלע ברינעמער מיט קלאָרן און געשמאַקן וואַסער; בײַ די ייִדן — דאָס פֿאַרקערטע.

פֿלעגט קומען די וואָך פֿון פּסח, פֿלעגט זײַן „הימל עפֿן זיך"... אַלע האָבן געשטראָמט צו קאַזימירקעס ברונעם. די גויִשע שכנים פֿלעגן דאָרט אָנטרינקען זייערע פֿערד, וואָס פֿרעסן האָבער און גער־שטן אויך אין דער וואָך פֿון פּסח... נו, איז זיך לײַכט פֿאַרצושטעלן

די סיטואַציע; מען האָט געפונען אין ברונעם אַ גערשט צי אַ האָבער און מען רופט־אויס אין שול און אין אַלע בתי־מדרשים: „קאַזי־מירקעס ברונעם איז חמץ געוואָרן", און דערווײַל האָבן ווײַבער שוין אָפּגעקאָכט די פּסחדיקע מאכלים; מען לויפט צום רב מיט שאלות, ייִדן שרײַען: „חמץ בפּסח!"; די שטיקלעך לומדים פּילפּלען זיך וועגן „חמץ במשהו"... און ווײַבער וויינען, אַז זיי וועלן פאַרפאַלן ווערן אין גיהנום, חס־ושלום, כרת יאָרן, און די גאַנצע שטאָט גייט כּאַדאָראָם. נאַטירלעך, איז אין גאַנצן שולדיק נאָר קאַזימירקע! סטײַטש, פאַר וואָס האָט ער דערלויבט אַז מען זאָל „פּאַיען" פערד בײַ זײַן ברונעם אין דער וואָך פון פּסח... און אַלע קללות פון דער תוכחה פאַלן אויף דעם גויס קאָפּ. אַלע יאָר די זעלביקע מעשה: קולות און גוואַלדן צוליב קאַזימירקעס ברונעם. אלעזר דעם רבס האָט פאַרגעלייגט, מען זאָל אַ נאָמען געבן דעם ברונעם „עשק", ווײַל אַלע יאָר פלעגט מען האָבן גאַנצע עסקים וועגן אים (זע, בראשית, קאַפּיטל 26, פּסוק 20).

אונדזער קאַזימיר האָט זיך אײַנגעלעבט מיט די ייִדן פון שטאָט און פלעגט אָנטייל נעמען אין זייערע ענינים. ער איז אַפילו געווען דורכגעדרונגען מיט זייערע רעליגיעזע ענינים. אַזוי געדענק איך אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל:

אַ געוויסער דאָרפסיונג מיטן נאָמען קדיש „ראַסקאָל", וואָס פלעגט עסן טריפה „קאָלבאַסע" אין יענער צײַט, מיט 60 יאָר צוריק, האָט גערייכערט אַ פּאַפּיראָס אום שבת. די גאַנצע שטאָט איז געווען אויפגערודערט: סטײַטש, רויכערן אום שבת! און אויך קאַזימיר קאָ־לאָמביש איז געווען צווישן די קריטיקערס און האָט זיך אויסגע־דריקט כהאי לישנא: „כוואַראָבאַ נאַ יעוואָ, אָן קוריט פּאַפּיראָסי אווו סובאָטו, עטאָ בריטקאָ" (אַ קרענק אויף אים, ער האָט גערייכערט אום שבת אַ פּאַפּיראָס, פע, דאָס איז מיאוס).

אַגב־אורחא, די אַמדורער שפּעטער אָנגעקומענע ייִדן דאָ, אין אַרגענטינע, האָבן מיר דערציילט, אַז יענער קדיש „ראַסקאָל" איז

אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן אַ בעל־תשובה און פלעגט זיצן אין בית־מדרש און זיך צוהערן ווי מען לערנט עין־יעקב.

יאַשקע נאַרעל — אַ גוי אַ מעכאַניקער און אַ בעל־גוף איז ער געווען. ייִדן פלעגן אים רופן פּאַני יאַניע. געווען איניקע מאָל „סטאַרשינא" און זיך געפירט מעשׂה „שליאַכטיץ". געהאַט אַ זון מיטן נאָמען סטאַשעק, וואָס פלעגט זיך וועלן שדכנען צו ייִדישע מיידלעך, אָבער ער האָט איין מאָל באַקומען אַ רמז, אַז ער וועט שלעכט אָפּ־שנײַדן, און ער האָט אויפגעהערט.

יאַשקע נאַרעל האָט געוווינט נאָענטער צו דער ייִדישער שכונה און האָט זיך פאַררעכנט פאַר אַ גוטן שכן. אָבער געהאַט אַרום שטוב אַ סך הינט, און מיר, ייִדישע קינדער, פלעגן שטענדיק מורא האָבן פאַר יאַשקעס טשאַטע הינט. זײַענדיק אַ מעכאַניקער, פלעגט ער כל־ימיו האַלטן אין פאַרריכטן די מכשירים פון דער שטאָט־פאָזשאַרניע, די לעש־מאַשין, אָבער ווען עס פלעגט אויסברעכן אַ שׂריפה, האָט די מאַשין נישט פונקציאָנירט...

איך געדענק, אַז בײַ יאַשקען אויפן הויף האָט זיך געפונען אַ גאַנצע „מײַסטערסקאַיאַ", געהאַט אַלערליי סאָרטן אינסטרומענטן. ווען מען האָט געדאַרפט פאַרריכטן אַ מאַשין (מ'שטיינס געזאָגט — אַמדורער מאַשינען), אָדער עפּעס אַנדערע שווערע מכשירים, פלעגט מען מוזן אָנקומען צו יאַשקע נאַרעל און צו זײַנע „אינסטרומענטן". אין אַמדור איז נישט געווען קיין איין פאַבריק, אַ חוץ ראובנס ביר־ברויערײַ. און פאַר מײַן צײַט געדענק איך נישט אין מײַן שטאָט קיין איין מאַשין, וואָס זאָל האָבן פאַרדינט דעם דאָזיקן נאָמען. יאַש־קען פלעגט מען אָבער אַרויסרופן אין דעם הויף קראַסניקי (אויפן נאָמען פון זײַן באַלעבאָס, גראַף קראַסינסקי), ווו עס האָט פונקציאָ־נירט אַ בראָנפן־דעסטילאַרניע; אָדער קיין וואָטעשטשינע, ווו עס האָט זיך געפונען אַ גרויסע און מאָדערנע וואַסערמיל, וואָס האָט גע־אַרבעט אויף וואַלצן און אין וועלכער עס זײַנען געווען אײַנגעאָרדנט מאַשינען אויף סטעמפּעוון טוך.

געווען אין אַמדור נאָך אַ גויִשע פאַמיליע פון מעכאַניקערס,

וואָס האָבן געוווינט סוף פון דער ייִדישער גאַס און אָנהייב פון דער גויישקע. מען האָט זיי גערופן „די מיקאָלײַטשיקס"; זייער שטילע גויישע שכנים געווען. זיי פלעגן זיך אויך פירן מעשׂה „שליאַכטע"; נישט איבעריק זיך קאָמוניקירט מיט ייִדן, אַ ביסל „פּאַרביסן", אָבער קיין מאָל נישט אַרויסגעזאָגט עפּעס אַ שלעכטס וואָרט קעגן ייִדן. דאָס האָט אַלץ פּאַסירט אין יענע אַמאָליקע צײַטן פון סוף פּאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, ווען מאָראַליש און פיזיש האָבן די ייִדן געהאַט די איי־בערהאַנט. אין אַלגעמיין, האָבן ייִדן מיט גויים געלעבט בשלום אין אַמדור, ביז נאָך דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, אָרגאַניזירט דורך סטאָליפּינען ימ"ש מיט זײַנע „משרתים".

יאָזעף נאַליעוואַ. און בכדי די אַמדורער גויישע גאַלעריע זאָל זײַן קאָמפּלעט, וויל איך אויך לאָזן אַ זכר פון אַ גויישן משוגענעם..., דער דאָזיקער יאָזעף נאַליעוואַ האָט געהאַט אַ משוגעת צו פּאָדערן בײַ אַלעמען, מען זאָל אים זאָגן „יאָזעף נאַפּראַוואַ" — יאָזעף אויף רעכטס, און טאָמער האָט זיך עמעצער טועה געווען, אָדער געזאָגט אומישנע „יאָזעף נאַליעוואַ" — יאָזעף אויף לינקס — איז אחת דתו להמית... די משוגעת איז אים געקומען פון מיליטער־דינסט. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט אונטערשיידן פון רעכטס ביז לינקס, פאַר וואָס ער האָט באַקומען „מכּת רצח". כּל עבודת פּרך האָט ער געאַרבעט אין דער צײַט פון זײַן לאַנג יאָריקן מיליטער־דינסט, אָבער ער האָט זיך נישט אויסגעלערנט צו וויסן בין ימין לשמאל. ענדלעך איז ער צוריקגעקומען פון דינסט מיט דער משוגעת, אַז אַלע מוזן זאָגן נאָר „נאַפּראַוואַ". עס איז זיך גרינג משער צו זײַן, וואָס אַמדו־רער יונגאַטשעס פלעגן אָפּטאָן מיט יענעם אומגליקלעכן גוי. ווי ער פלעגט זיך נאָר באַווײַזן אין גאַס, פלעגט ער מיט טרערן אין די אויגן זיך בעטן: „יאָזעף נאַפּראַוואַ", און אויף צו להכעיס פלעגן די לאָ־בוסעס שרײַען „יאָזעף נאַליעוואַ". שויבן פלעגן צעבראָכן ווערן, שטיינער פלעגן פליִען און די גאַס פלעגט גיין כאַדאָראָם. עס פלעגט פּאַסירן, אַז אין גאַס פלעגן זיך טרעפן נח דער טויבער מיט יאָזעפן, דאָן איז די סצענע געווען פולקום: פון איין זײַט פלעגט מען נחן

געבן די עליה „לוי" אין מיטן גאַס, און פון דער צווייטער פלעגט מען שרײַען „יאָזעף נאַליעוואַ"... עס פלעגט אויסברעכן אַ געשלעג פון וועלכן אייניקע פלעגן אַרויסגיין בשן ועין. כאַראַקטעריסטיש פלעגט זיין, ווען ביידע משוגעים פלעגן נאָך די געשלעגן זיך קלאָגן אויף זייער ביטערן גורל. נח דער טויבער פלעגט טענהן צו יאָזעפן: „גוואַלד! כאָטש איין מאָל לוי", און יאָזעף: „וואָס אַרט עס זיי, ווען זיי וועלן זאָגן 'נאַפּראַוואָ'?" אַ רחמנות געווען אָנצוקוקן ביידע אומ־גליקלעכע נשמות אין זייערע ליידן.

## גויישע שיכורים

טרעפן גוים שיכורים, איז געווען נישט קיין נאָווינע אין אַמדור. עס איז אפשר געווען אַן אויסנעם צו געפינען נישט קיין שיכורע גוים. געווען אָבער, פּאָר מײַן צײַט, אַ פּאָר ספּעציעלע שיכורים, פון וועלכע עס איז כדאַי צו לאָזן אַ זכר. איינער האָט געהייסן לאַדיש, און דער צווייטער — באַטשקע. ביידע פלעגן שטאַרבן פון הונגער. איינער פון זיי האָט מיר איין מאָל דערציילט, אַז ער האָט ווינטער געגעסן קאָרע פון ביימער, און איז פון דעם מאכל געשוואָלן גע־וואָרן. און ווונדער איבער ווונדער: שטענדיק זײַנען זיי ביידע גע־ווען באַזויפן. ווו זיי האָבן גענומען געלט אויף טרינקען, האָט קיי־נער נישט געוווּסט. לאַדיש איז געווען זייער רעליגיעז; שטענדיק פלעגט ער האַלטן אין איין דערמאָנען גאָטס נאָמען. ער איז אַזוי גע־ווען אַנטציקט פון דער געטלעכקייט, אַז ער פלעגט שטענדיק אויס־שרײַען: „דזיענקויע באָהו זאַ באָהאַ" (אַ דאַנק גאָט פאַר גאָט); אַן אמתער גבירליאַנער אינעם זין פון מציאות ד'... זײַן אַרבעט איז געווען — מאַכן קאַראַמיסלעס, אַ „אינדוסטריע" וואָס האָט אים געגעבן וואַסער אויף קאַשע. ווינטערצײַט איז געווען זײַן אַרבעט צו דרייען דאָס רעדל בײַ „מאָטיע ליניק", אַ ייִד וואָס פלעגט פלעכטן שטריק.

זײַן חבר לדעה איז געווען באַטשקע, וועמענס פרנסה איז באַ־שטאַנען פון מאַכן „פּאָמעלעס" און הילצערנע גראַבליעס. ער פלעגט

מקנא זײַן זײַן קאָלעגע לאַדיש, וועלכער האָט געקענט ציילן ביז 10... ער האָט פאַר קיין פאַל נישט געקענט משיג זײַן, ווי אַזוי 6 מיט 4 איז צוזאַמען 10. ער האָט נאָך פאַרשטאַנען, אַז אַ פינפער מיט אַ פינפער איז אַ צענער, אָבער אַז אַ זעקסער מיט אַ פירער איז אויך אַ צענער — בשום אופן ואופן נישט... „דאָ איז פאַראַן אַ ײדישער געדריי״ — פלעגט ער זאָגן אין זײַן גויִשער שפּראַך. שוין איין מאָל אַ גויִשער מלומד!

איך בין איין מאָל אַרויס מיט מײַן פעטער ר׳ אַברהמל ר׳ מאַטעסעס פון זײַן שטוב און געטראָפן לאַדישן מיט באַטשקען ליגנדיק שיכור בײַ ביידע זײַטן פון גאַס. מײַן רבי האָט דאַן הלציש באַמערקט: פתח בכד — אָנגעהויבן מיטן קרוג (לאַדיש) — וסיים בחבית — און געענדיקט מיטן פעסל (באַטשקע).

איגנאַשקע — אַזוי פלעגט מען אים רופן. געוווינט נעבן ברעגמאַנס בית־מדרש, בשכנות פון מײַן באָבע טויבע ע״ה. ער האָט גערעדט ײדיש אַזוי גוט, אַז מען פלעגט כמעט נישט דערקענען אַז ער איז נישט מאַחינו בני ישראל. דאָך פלעגט ער אייניקע מאָל זיך אַזוי פאַרפלאָנטערן אין זײַן טעגלעכן שמועס מיט ײדן, אַז מען פלעגט גלײַך דערקענען אַז ער איז אַ גוי. ווינטערצײַט איז זײַן אַרבעט געווען צו טרײַבן אָקסן פון אַמדור קיין ווילנע. גאַנצע וואָכן פלעגט ער זיך שלעפּן צו פוס מיט די בהמות, ביז ער פלעגט אָנקומען אין ווילנע. די באַלוינונג פאַר אַזאַ שווערער און אומדאַנקבאַרער אַרבעט פלעגט זײַן אַ נישטיקע, און ווען אים פלעגט אויסקומען צו נעכטיקן מיט די אָקסן אין אַ ײדישער שטעטל, פלעגט ער די בהמות לאָזן אין גאַס און פלעגט אַליין אַרײַנגיין אין בית־מדרש זיך אָנוואַרעמען, און פיל מאָל דאָרט איבערשלאָפן די גאַנצע נאַכט. די ײדן פון די שטעטלעך פון אַמדורער סביבה האָבן אים גוט געקענט און פלעגן אים רופן „דער אַמדורער ישיבה־בחור״. מען פלעגט זיך מיט אים וויצלען און אים פרעגן, פאַר וואָס ער עסט נישט קיין „טעג״? אָבער דאָ פלעגט דערשײַנען דער גוי; ער פלעגט ענטפערן, אַז ער גייט אין בית־המדרש נאָר בײַ נאַכט...

אַזוי ווי ער איז געווען אַ נאָענטער שכן צו ברעגמאַנס בית־המדרש, פלעגט ער ביי נאַכט גנבענען האַלץ וואָס איז געלעגן אין פירהויז. און ווען מען האָט אים געכאַפּט ביי דער האַנט, האָט ער געשווירן אויף זיין „חלק לעולם הבא", אַז ער וועט שוין זיין גוט און פרום...

איך וויל נישט דורכלאָזן נאָך אַ גויִישן שיכור. זיין נאָמען איז געווען איוואַן קאַלענקי. ער איז געווען אַ קאַליקע מיט אויסגעדרייטע הענט, שלעפנדיק איין פוס און דערצו אַ גרויסער פאַרשוין. הכלל, ביי ייִדן וואָלט ער געווען אַ „קדוש"; ביי זיי גייט אַלץ פאַרלוירן, — ווי עס דריקט זיך אויס אייזיק־מאיר דיק...

איך געדענק אַן עפּיזאָד פון מיינע קינדער־יאָרן. פרייטיק־צו־נאַכטס האָט ביי אונדז אין שטוב געפלאַצט דאָס גלעזל פון לאָמפּ און מען האָט מורא געהאַט פאַר אַ שריפה. מען האָט געמוזט אָנקו־מען צו קאַלענקיס אינטערוועניץ: גיין מיט אים אין קראָם (מיין פאָטער ז"ל, האָט געהאַט אַ קראָם) און ברענגען אַ ניי גלעזל. עס איז געווען אַ שווערע פּראָצעדור — געבן צו פאַרשטיין דעם גוי אויפן ווונק, ער זאָל אָנצינדן פייער אין קראָם, כדי ער זאָל זען צו נעמען דאָס גלעזל; זאָגן בפירוש, איז אַ האַרבע שאלה: סטייטש, „אמירה לעכו"ם שבות" — זאָגן אַ גוי ער זאָל עפּעס טאָן אַן אַרבעט אום שבת, איז אויך נישט דערלויבט. און אָט איז מען שוין געקומען אַהיים און מען האָט אים ווי עס איז אַרויפגעשטעלט אויף אַ בענקל. דאָס געפלאַצטע גלעזל איז געווען אָנגעגליט, ער האָט זי גלייך אַ כאַפּ געטאָן מיט בײדע הענט, און צעבראָכן דאָס נייע גלעזל אויך. מיר האָבן געמוזט ענדיקן דאָס עסן ביי די שבת־ליכט. קאַלענקי איז אַוועק מיט פאַרסמאַליעטע הענט, אָבער ער האָט באַקומען זיין לוין: אַ גלעזל בראָנפן מיט אַ מוציא חלה... ער איז געווען אַזוי צופרידן, אַז נאָך שבת האָט ער געפרעגט, צי דעם צווייטן שבת וועט ווייטער פלאַצן דאָס גלעזל...

יעוווּשאַ די שבת־גויע — אויך זי פאַרדינט אַ זכר. איר הויפּט פּראָפעסיע איז געווען — הייצן ווינטער די אויוונס אום שבת אין

ייִדישע הײַזער. די דאָזיקע אַרבעט פלעגט זי דורכפירן בײַ פיל באַ־
לעבאָטים און זי פלעגט אָנווערן דעם חשבון, ווו זי האָט אָנגעהויבן
פריִער און ווו שפּעטער, כדי צו וויסן ווו צו קומען פריִער צו פאַר־
מאַכן די יושקעס. און אין מיטן דערינען פלעגט זי זיך אָנשיכורן,
און דערווײַל ווערט אָפּגעקילט דער אויוון, כאָטש נעם און שרײַ „חי
וקים". מען וועט דערפרוירן ווערן, אין דרויסן ברענט דער פראָסט.
איך געדענק, ווי מיר, קינדער, פלעגן זיך אַליין פאָרען מיט די יוש־
קעס, אָננעמען זיי מיט אַן „אָנעטשע" און פאַרמאַכן דעם קוימען.
עפּעס איז די זאַך נישט געווען אַזוי גלאַט; מײַן פאָטער ע"ה פלעגט
קרעכצן „מוקצה מחמת חסרון כיס", און מײַן מוטער ע"ה פלעגט
מורמלען: „מען וועט נאָך אין גיהנום פאַרפאַלן ווערן צוליב דער
פיאַניצע", און פלעגט צוגעבן נאָך דעם: „מען ליגט בײַ זיי אין
גלות"... יאָ, מײַן טײַערע מאַמע: יעוווּשע, וואָס פלעגט פאַר אַ
שטיקל חלה מיט אַ צוגאָב פון דרײַ קאָפּיקעס אויפשטיין פאַר טאָג,
ווינטער אין די גרויסע פרעסט, צו הייצן דעם אויוון אום שבת, ווען
מיר אַלע פלעגן ליגן אויף די וואַרעמע געלעגערס, — בײַ איר זײַנען
מיר געלעגן אין גלות. נישט אומזיסט פלעגט אַרומגיין צווישן ייִדן
דער וויץ: דערפאַר ווען מיר וועלן זײַן אין אונדזער לאַנד, וועלן
מיר הייצן די הרובע בײַ די גויִים און זיי וועלן ליגן רויִק אויף דיי־
רע וואַרעמע געלעגערס...

## אַמדורער „נאַטשאַלסטוואָ" *

פאַר דער גאַנצער צײַט וואָס איך געדענק, האָט אַמדור געהאָט
נאָר איין פּאָליציייִשן באַאַמטן, און דאָס איז געווען דער „אוראַדניק"
— אַ מין סאָרט סערזשאַנט וואָס האָט געהאַט אונטער זײַן אויפזיכט
די שטאָט מיט איר סביבה. עס איז געווען אויך דער „סטאַראָסטוואָ"
פאַר די „מיעשטשאַנעס" — גויִישע אײַנוווינערס — און אַ ייִדישער
„דעסיאַטניק" אָדער „סאָטסקע", ד"ה, אַן אויפזעער איבער צען אָדער

* רעגירונגס־אויטאָריטעטן.

הונדערט. די אַלע אַמטן זײַנען געווען פון דאַרפישן כאַראַקטער. מיט גאָר אַ קליינעם אויסנעם, איז כל ימיו געווען „אוראַדניק" אַ געוויסער סטרוס, אַ גוי, וואָס האָט קוים זיך געקענט אונטערשרײַבן און איז אָפּגעווען 40 יאָר דער אַמדורער מושל; האָט גערעדט ייִדיש און פלעגט אַליין זאָגן אויף זיך: „דער ערל איז מבין בלשון". ער האָט שוין אויך געוווסט דעם טעם פון ייִדישע קלעפּ. ווען ער האָט עטלעכע מאָל באַלעסטיקט געוויסע אַמדורער גנבים, האָט מען אים אין אַ מיטן דער נאַכט אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ זאַק און מיט שטיינער געשלאָגן מכות־רצח. ער האָט געוווסט ווער עס זײַנען געווען די שלעגערס, אָבער ער האָט געשוויגן, ווײַל ער האָט גוט געוווסט, אַז ער וועט ווינציק וואָס אויספירן בײַ די אַמדורער שלעגערס.

זונטיק, ווען עס פלעגן קומען אַלע גויִים פון די דערפער אין שטאָט אַרײַן, אין צערקווע אָדער קלויסטער, פלעגן די קראָמען מוזן זײַן פאַרמאַכט, לכל־הפחות, ביזן האַלבן טאָג. נו, און וואָס טוט מען ווען דער גאַנצער פּדיון איז פאַרט אײדער מען גייט אין קלויסטער? גיבן זיך אַמדורער ייִדן אַן עצה: עפּעס האָט מען דאָך צו טאָן מיט סטרוסן... און מיט צווײ פונט היטלצוקער, ווי אַ מתנה, איז אַלץ כשר וישר. ווען ייִדן פלעגן זיך שלאָגן מיט גויִים און די לעצטע פלעגן אַוועקגיין מיט צעשפּאָלטענע קעפּ, איז קיין מאָל קיין ייִד נישט געגאַנגען „זיצן". זאָגן, אַז די אַמדורער ייִדן זײַנען געווען אין גלות בײַ די גויִים, וועט זײַן זייער ווײַט פון אמת; די איבערהאַנט איז געווען בײַ די ייִדן. דאָס איז אַלץ געווען ביז די פּאָגראָמען פון 1905. פון דעמאָלט הייבט זיך אָן אַן אַנדער רעזשים.

אַמדור האָט געהערט צו דעם ראַיאָן קריניק־בערעסטאָוויץ־אַמדור, וואָס האָט געהאַט אַ „סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו" (קאָמיסאַר), וועמענס רעזידענץ האָט זיך געפונען אין דער ערשטער פון די אויבן דערמאָנטע דרײַ שטעט, ווײַל דאָרט האָבן זיך געפונען פיל לעדער־פאַבריקן אין וועלכע עס זײַנען געווען באַשעפטיקט פיל אַרבעטערס, אויף וועלכע מען האָט געמוזט האַלטן אַן אויג. איך געדענק גוט דעם לעצטן פּריסטאַוו מיטן נאָמען קירקעוויטש, וועלכער פלעגט קומען

אין אַמדור איין מאָל אין חודש, דינסטיק צום מאַרק. דאַן ווען עס פלעגט פאָרקומען דער פערד־מסחר. גויִים פון די אַרומיקע דערפער, פערד־הענדלערס פון די אַרומיקע שטעט צוזאַמען מיט פאַרשידענע ציגײַנערס מיט שוואַרצע בערד און פײַערדיקע גנבישע אויגן. די קולות ביזן הימל; מען דינגט זיך, מען אַמפּערט זיך; פערד שפּרינגען און טאַנצן; איינער וויל אָפּנאַרן דעם צווייטן; דער שרײַט אַז דער געקויפטער פערד איז בלינד אויף אַן אויג, יענער באַווײַזט אַז דעם פאַרקויפטן פערד האָט מען אונטערגעלייגט אַ הייסע בולבע אונטערן עק און דערפאַר האָט ער אַזוי געטאַנצט און געשפּרונגען; אָבער אין דער אמתן איז ער גאָר אַן אַלטע פאַדלע... עס קומט צו געפּערלעכע קלעפּ און עס ווערט אַ גאַנצע בהלה. אין מיטן קומט צו לויפן קירקעוויטש רײַטנדיק אויף אַ ברענענדיקן פערד, מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט, אויסשרײַענדיק מיט זײַן גראָבער גאַמבע: „טשטאָ טאַקאָיע? סאָבראַניע קאָניצי זדיעס?״ — וואָס הייסט עס, אַ פאַרזאַמלונג פון פערד? — און גלײַך מיטן קאַנטשיק איבער די ציגײַנערישע און גוייִשע קעפּ, אויף רעכטס און לינקס... די לעצטע שרײַען: „אוטשעקײַעם, טוט דלאָ נאַס סמערטי״ — זאָלן מיר מאַכן פּליטה, דאָ וועט זײַן דער טויט. און דער מאַרק ווערט ליידיק. קיין מאָל פלעגט קירקעוויטש נישט אויפהייבן די האַנט אויף אַ ייִדן, האָט זיך עס געמעגט האַנדלען פון די סאַמע ייִדישע שיכורים אָדער גנבים. עס האָט אַ מאָל פּאַסירט, אַז אַן אַמדורער באַוווסטער שיכור איז אין עפּעס נכשול געוואָרן אין אַ מאַרקטאָג אין קריניק, און מען האָט אים געהאַלטן אין איין שלאָגן; איז דאַן געקומען צו לויפן קירקעוויטש מיט צווי אוראַדניקעס און האָט ווײַטער מכבד געווען מיט זײַן נאַגײַקע, נישט דעם אַמדורער ייִדן, נאָר די קרינקער ציגײַנערס, אויסשרײַענדיק: „ביע סמיי, אָן סאַמי הינדורסקי פּיאַניצאַ״ — וואָג נישט, ער איז דער אמתער אַמדורער שיכור...

אַמדורער ייִדן פלעגן זאָגן: קירקעוויטש איז נישט קיין שלעכטער שררה, אָבער אַ מיתה־משונה אויף אים, ער לאָזט נישט האַלטן קיין שמעטניק נעבן שטוב... נו, שוין איין מאָל אַ גזירה! אין דער

אמתן געזאָגט, האָט דער דערמאָנטער פּריסטאַוו זיך פיל אָפּגעגעבן מיט „טשיסטאָטאָ" (ריינקייט) און איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אָנגעהויבן צו ברוקירן די אַמדורער הויפּטגאַסן. זאָל זײַן נאָמען באַקומען אַ תיקון דורך מײַנע זכרונות. וגם חרבנה זכור לטוב.

***

היליק געבוירן־שטעטעלע מײַנס! זאָלן די דאָזיקע פאַרצייכענישן מײַנע בלײַבן ווי אַ זכר פון דיר און פון דעם לעבן פון דײַנע אַמאָליקע ייִדישע אײַנוווינערס, וועלכע זײַנען אַזוי ברוטאַל און אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך דעם אַפּאָקאַליפּטישן אַשמדאי.



אויף דער פאָטאָגראַפיע זעט מען ר׳ ידידיה אפרונען צוזאַמען מיט אָנגעזעענע מנהיגים פון דער אַרגענטינער ציוניסטישער פעדעראַציע; צווישן זיי: מרדכי ראָזאָווסקי, יוסף לוצקי, יעקב בראָנפמאַן, וואָלף ניכענזאָן, נחמן גזנג, שמואל ראַבינאָוויטש, י. שאָטלענדער, יוסף מענדעלסאָן, יצחק קאַפּלאַן, בנימין רינסקי, אַברהם לוצקי און יוסף גרויסמאַן.

# גראָדנער גרויסע רבנים*

עס איז כמעט אוממעגלעך צו שרײַבן, פון ייִדישן שטאַנדפּונקט, וועגן אַ שטאָט מיט אַ גרויסער ייִדישער באַפעלקערונג און נישט אָפּגעבן דעם ריכטיקן פּלאַץ די רבנים, וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אַמאָליקן ייִדישן לעבן. אין דער אַלטער הײם, ווו דער „רבנימטום" איז געווען אַן אינסטיטוציע; ווו די רבנים זײַנען געווען די דעה־זאָגערס אין דער קהילה, — דאָרטן האָבן די רעליגיעזע פירערס געלייגט זייער שטעמפּל אויף אַלע ייִדישע אַנשטאַלטן, אויף אַלע ייִדישע חברות און בכלל אויף דעם גאַנצן ייִדישן לעבן. עס איז אַ גראָבער טעות צו מבטל זײַן די אינטערווענץ פון די רבנים אין דעם קאָלעקטיוון לעבן פונעם מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום און באַטיטלען זיי פאַר בטלנים. ווען נישט די ליכטיקע פיגורן פון ר' דוב־בעריש מײַזליש, ר' יצחק־אלחנן, ר' אליהו־חיים מײַזל, ר' חיים־עוזר גראָדזיענסקי, ד״ר רובינשטיין, ר' נפתלי צבי יהודה באַרלין, ר' חיים סאָלאָוויטשיק, ר' אליקום און נאָך פיל אַנדערע, — וואָלטן די קהילות פון וואַרשע, קאָוונע, ווילנע, לאָדזש, וואָלאָזשין, בריסק, גראָדנע און פון נאָך אַנדערע גרויסע ייִדישע שטעט נישט געווען דערגרייכט זייער גלאַנץ, וואָס האָט געדויערט ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה, אין וועלכער עס זײַנען חרוב געוואָרן טויזנטער און

---

* מיר נעמען אויף אַרײַן אין ידידיה אפרונס זכרונות־בוך זײַן אַרבעט „גראָדנער גרויסע רבנים", ווײַל, ראשית איז די עיר ואם גראָדנע געווען, מחמת נאָענטער שכנהשאַפט (21 וויאָרסט), ענג פאַרבונדן מיט אַמדור, והשנית, ווילן מיר די אַרבעט ניט אויסשליסן פון מחברס עזבון.

טויזנטער ייִדישע קיבוצים, און מיט זיי זעקס מיליאָן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער. גאָט זאָל נעמען נקמה פאַר זייער בלוט.

די גרויסע רבנים פלעגן אין אַמאָליקע צײַטן נעמען אָנטייל אין אַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות מיטן לעבן פון די קהילות, און אין די איניציאַטיוועס פון קאָלעקטיוון כאַראַקטער האָט זיך געפילט די רבנישע אויטאָריטעט. זעלטן ווען האָט אַ באַוועגונג געהאַט דערפאָלג, אויב די גרויסע רעליגיעזע פירערס האָבן נישט געגעבן זייער הסכמה. איניציאַטיוועס פון רעליגיעזן, סאָציאַלן, עקאָנאָמישן, דערציִערישן, פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער זײַנען דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן נאָר דאַן ווען עס איז באַקומען געוואָרן די סאַנקציע פון די גדולי־הדור. ווען נישט, זײַנען זיי געווען פאַרמשפּט צום דורכפאַל. די געשיכטע פון דעם רוסישן און פוילישן ייִדנטום אין זײַנע פאַרשיידנסטע עפּאָכעס, איז פול מיט בײַשפּילן, וואָס באַשטעטיקן דאָס געזאָגטע, און עס וואָלט פיל פּלאַץ פאַרנומען זיי צו ציטירן.

עס איז אָבער כדאַי צו ברענגען איינציקע בײַשפּילן, וועלכע זײַנען מאַסגעביק פאַר אַלע צײַטן.

אין דער צײַט פון ניקאָלײַ דעם ערשטן (1825—1855), ווען די רוסישע רעגירונג האָט אונטערגענומען די איניציאַטיוו צו „בילדן" ייִדן, מיט דער כוונה נישט צו לערנען זיי, נאָר ברענגען זיי צו שמד — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן — האָט זי אָנגעהויבן צו גרינדן ספּעציעלע שולן פאַר ייִדן אין אַלע שטעט, וווּ זיי האָבן געבילדעט גרויסע מאַסן. צו דעם דאָזיקן צוועק האָט דער בילדונג־מיניסטער פון יענער צײַט, אוּוואַראָוו, באַשטימט דעם ד"ר מנחם־מענדל ליליענטאַל פאַר „קאַזיאָני ראַבינער" פון דער שטאָט אָדעס און פאַרן פאַרטיידיקער און פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר דעם בילדונג־סיסטעם פאַר ייִדן אין רוסלאַנד. אין יענער צײַט זײַנען געגרינדט געוואָרן די ראַבינער־שולן פון ווילנע און זשיטאָמיר, וועלכע האָבן פּראָדוצירט, אמת, פיל געלערנטע ייִדן; אָבער, צום באַדויערן, אויך פיל, זייער פיל אַסימילאַנטן און משומדים.

אוואַראָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז צו דערגרייכן זײַן ציל, וועט זײַן אומבאַדינגט נייטיק צו באַקומען די הסכמה פון די רבנישע אויטאָריטעטן, כדי די ייִדישע עלטערן זאָלן שיקן זייערע קינדער אין די „שקאָלעס". און צו דעם צוועק האָט ער זיך אָנגעשטרענגט אַרײַנצושלעפּן אין נעץ ר' ישראל סאַלאַנטער, פאָדערנדיק פון אים אײַנבערצונעמען די לייטונג פון דעם ווילנער ראַבינער־סעמינאַר. דער גרויסער ייִדישער גײַסטיקער מנהיג פונעם ליטווישן ייִדנטום פון יענער צײַט, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר דער גרעסטער ייִדישמאָראַלישער פערזענלעכקייט, האָט דערפילט מיט זײַן אײדעלן ייִדישן חוש, אַז די כוונה פון דעם צורר־היהודים, ניקאָלײַ, איז נישט צו בילדן ייִדן, נאָר אויסצושמדן זיי, און דערפאַר האָט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו אויטאָריזירן מיט זײַן וואָרט, אַז ייִדן זאָלן פרײַוויליק שיקן זייערע קינדער אין די אַזוי גערופענע בילדונג־אַנשטאַלטן. און נאָך ווינציקער האָט ער בדעה געהאַט צו ווערן דער פירער פון יענער ראַבינער־שול. און מורא האָבנדיק פאַר צוואַנגמיטלען מצד ניקאָלײַס רעגירונג, האָט ער פאַרלאָזן רוסלאַנד. די גזירה פון די קאַנטאָניסטן — אַ באַזונדערס גרויזאַמער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון רוסישן ייִדנטום אין יענער צײַט — האָט באַוויזן די ווײַטזעעוודיקייט פון דעם גרויסן ייִד, ר' ישראל סאַלאַנטער.

ווי געזאָגט, האָט די רוסישע רעגירונג באַשטימט דעם ד"ר ליליענטאַלן, צו פאַרווירקלעכן איר איניציאַטיוו, „צו לערנען ייִדן אַנדערע חכמות חוץ תורה". אין דער גרויסער ייִדישער שטאָט מינסק איז זײַן אַרבעט „געקרוינט" געוואָרן מיט דער גרעסטער מפּלה; מען האָט אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער אונטערן געשריי פון: „זנאַט ניע זנאַיעם, שקאָלי ניע זשעלאַיעם" — מיר ווילן פון גאָר נישט וויסן, מיר פאַרלאַנגען נישט קיין שולן.

ד"ר ליליענטאַל האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז געפינען אַ גרויסע ייִדישע אויטאָריטעט פאַר זײַן פּלאַן, און איז פון מינסק אַנטלאָפן קוים מיטן לעבן בײַ נאַכט. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין וואָלאָזשין, וווּ עס האָט זיך דאַן געפונען דער גרויסער גאון און ראש־

ישיבה, ר׳ איצעלע, וועלכער איז געווען דער זון פון ר׳ חיים, דער גרינדער פון דער וואָלאָזשינער ישיבה. ר׳איצעלע איז געווען די גרעסטע רעליגיעזע ייִדישע אויטאָריטעט אין יענער צײַט, זײַענדיק אַפילו אָנערקענט אין די העכערע רעגירונג־ספערעס, מחמת זײַן גרויסן אײַנפלוס אויפן רוסישן ייִדנטום, ווי אויך פאַר זײַנע קענטע־נישן פון דער רוסישער שפּראַך און וועלטלעכן וויסן. ער איז אויך נישט געווען קיין קעגנער, אַז ייִדן זאָלן לערנען אויך אַנדערע וויסנ־שאַפטן.

עס וועט צו פיל פּלאַץ פאַרנעמען דאָ צו באַשרײַבן דאָס, וואָס ד״ר ליליענטאַל האָט פאַרהאַנדלט מיט דעם ליטווישן גאון וועגן זײַן „הייליקער״ מיסיע. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז באַלד נאָך דער דרשה פאַר כל־נדרי, וואָס ר׳ איצעלע האָט געהאַלטן אין שול אין קעגנוואַרט פון ד״ר ליליענטאַל, האָט זיך דער לעצטער אויפגעהויבן פון זײַן פּלאַץ, אַרויף צום אָרון־קודש און אויסגערופן: „איך שווער אין נאָמען פון גאָט און פון דער תורה, אַז מײַן כוונה איז אַן ערלע־כע, און איך דענק, אַז אויך די רעגירונג מיינט נאָר לטובת די ייִדן; אָבער איך שווער, אַז אויב איך וועל אויסגעפינען, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט, וועל איך דאַן זיך צוריקציִען פון מײַן מיסיע״.

דער סוף איז געווען, אַז ד״ר ליליענטאַל איז אַנטלאָפן פון פּע־טערבורג קיין אַמעריקע. ער האָט זיך איבערגעצײַגט, אַז ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער און אַנדערע רבנים זײַנען גערעכט געווען אין זייער חשד. די גרויסע רבנישע אויטאָריטעטן האָבן באַזיגט דעם גרויסן און שטאַרקן ניקאָלײַ. ייִדן האָבן זייערע קינדער נישט געשיקט אין די „שקאָלעס״, ווײַל עס האָט געפעלט צו דעם די הסכמה, די צו־שטימונג פון די גײַסטיקע פירערס. (זע, „רשומות״, כרך ראשון 43, 148, אד״ט „זכרונות ושמועות״ פון א. י. פּפירנא, און דאָס היסטאָ־רישע ווערק פון שאול גינזבורג, דריטער טייל).

עס איז אויך כדאַי צו דערמאָנען די טראַגישע און שענדלעכע עפּאָכע פון די קאַנטאָניסטן און „פּוימאַניקעס״ אין דער צײַט פון דעם דערמאָנטן ניקאָלײַ דעם ערשטן. קליינע קינדער פלעגן גרויזאַם

אַרויסגעריסן ווערן פון זייערע ייִדישע היימען און פלעגן אַוועקגע־שיקט ווערן אין די טיף־רוסישע גובערניעס און „אָבלאַסטן", כדי אָפּגעשמדט צו ווערן דאָרט אין די הענט פון די רוסישע דערציִערס און „מחנכים". אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון פאָריקן יאָרהונ־דערט איז זייער פיל געשריבן געוואָרן וועגן יענער שרעקלעכער צײַט פאַר דעם רוסישן ייִדנטום — אין רוסיש, העברעיִש און ייִדיש. דער שרײַבער יהודה שטיינבערג האָט פיל באַלויכטן יענע שוידער־לעכע צײַט אין זײַן ווערק „בימים ההם". עס האָבן וועגן דעם אויך געשריבן שאול גינזבורג א"אַנד.

עס איז איצט פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז אין דער אַזוי גע־רופענער רוסיפיצירנדיקער אויסבילדונג־עפּאָכע פון רוסישן ייִדנטום בעת דער ממשלה פון ניקאָלײַ דעם ערשטן, האָבן פיל ייִדן מיטגע־האָלפן דערצו, און די גרעסטע כאַפּערס פון די אָרעמע קליינע ייִדישע קינדער זײַנען געווען פון אַחינו בני ישראל, געשטיצט פון די קהל־שע רעדלפירערס און תקיפים פון יענער צײַט.

אָבער די גרויסע רבנים פון יענער צײַט האָבן שטאַרק פּראָ־טעסטירט קעגן די גוואַלטאַטן פון די „קהלשע קליאַמקעס", וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן דער צאַרישער רעגירונג צו דער „רעקרוטשינע" און „פּאָימאַניקעס", טראָץ דעם וואָס אָפט מאָל איז געשטאַנען אין געפאַר דאָס לעבן פון די רבנים מצד ניקאָלײַס משרתים.

עס איז באַוווּסט דער פּראָטעסט פון ר' טעוועלע מינסקער קעגן די ייִדישע קינדער־כאַפּערס, אויסשרײַענדיק אין שול דעם פּסוק: „וגונב איש ומכרו ונמצא בידו מות יומת". און עס ווערט דערצײלט אַפילו אַ לעגענדע, אַז גלײַך נאָך דעם דאָזיקן אויסגעשריי, זײַנען צוויי כאַפּערס געפאַלן טויט אויפן שולהויף.

עס האָט אויך פּאַסירט, אַז אַ געוויסער ליטווישער גאון פון יע־נער טרויעריקער צײַט, דאַכט זיך, אַז ר' אליהו לידער, האָט זיך אַ מאָל קעגנגעשטעלט אַ געוויסן תקיף, וואָס האָט געהייסן דעם שמש פון שול אַרויספירן אַ מאַמען, בײַ וועמען מען האָט צוגענומען איר

בן־יחיד, מחמת איר פּראָטעסט קעגן דער גרויזאַמער עוולה. יענער רב האָט אויסגעשריִען: „מערדער! דו האָסט מקיים געווען דעם פּסוק: 'שלח תשלח את האם ואת הבנים תקח לך' — שיקט־אַרויס די מאַמע און די קינדער נעם צו פאַר זיך...״ און גלײַך נאָך דעם האָט ער געכאַפּט אַ האַק און איז געלאָפן צום הויז, וווּ עס זײַנען געווען פאַרשפּאַרט די אומשולדיקע קינדער, צעבראָכן די טיר און אַרויסגעלאָזט די פאַרשפּאַרטע.

אַזאַ כוח פון אויטאָריטעט האָבן געהאַט יענע רבנים, ווײַל הינ־טער זיי איז געשטאַנען דאָס גאַנצע פאָלק. זיי זײַנען געגאַנגען אויף מסירת־נפש לטובת די אָרעמע מאַסן, און האָבן מקדש־השם געווען ווען מען האָט געדאַרפט מציל זײַן ייִדישע נפשות פון די ייִדישע און ניט־ייִדישע רויבערס און גזלנים. זעלטן ווען פלעגן זיי אונטער־שטיצן די שטאַרקע און גביראָקראַטיע, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די אינטערעסן פון די אָרעמע און געדריקטע. און אַזעלכע גרוי־סע גײַסטיקע פירערס האָט אויך געהאַט די שטאָט גראָדנע, אָדער הוראָדנאַ, ווי מען פלעגט איר רופן צווישן ייִדן.

## אייניקע גרויסע גראָדנער רבנים אין פאַרשיידענע צייטן

עס וואָלט געווען מײַן ווונטש צו געבן אַן אויסשעפּנדיקע באַ־שרײַבונג פון אַלע רבנים, וואָס גראָדנע האָט פאַרמאָגט, זינט ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין איר. צום באַדויערן, באַזיץ איך נישט דעם גאַנצן נייטיקן מאַטעריאַל פאַר דעם דאָזיקן צוועק. באַזונדערס פעלן מיר די שאלות־ותשובות פון געוויסע רבנים און פוסקים פון 16טן יאָרהונדערט ,וואָס וואָלטן געוואָרפן אַ שײַן אויף יענער עפּאָכע. איך באַניץ מיך ס'רוב מיט מײַן זכרון און מיט נישט קיין פולקומענע ענציקלאָפּעדישע דאַטעס.

איך וועל נאָר פּרווון געבן אַן איבערבליק איבער די גאָר גרוי־סע רבנים, וועלכע האָבן פאַרנומען דעם כסא־הרבנות לאַנגע יאָרן

אין גראָדנע. און זאָל ביי דער געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז עס פלעגט גאָר אָפט פּאַסירן אין דער אַלטער היים, אַז גראָד שטעט פון קלענערן פאַרנעם פלעגן האָבן באַוווּסטערע רבנים אין תורה און חכמה, ווי אַנדערע פיל גרעסערע שטעט. עס איז גע־ווען כמעט אַ כלל, אַז די רבנים פלעגן מאַכן גרויס די שטעט דורך זייער תורה, און נישט די שטעט די רבנים. וואַרשעווער רבנות איז, צום ביישפּיל, נישט געווען אַזוי וויכטיק ווי ווילנער, אָדער קאָוונער רבנות; און ביאַליסטאָק האָט מער געקלונגען מיט איר שם אַלס תורה־פּלאַץ, ווי די גרויסע באַפעלקערטע ייִדישע אָדעס, ווייל די אָנגע־זעענע גרויסע רבנים, ווי ר׳ חיים־עוזר גראָדזיענסקי, ר׳ יצחק־אלחנן און ר׳ שמואל מאָהילעווער ז״ל האָבן געגעבן גלאַנץ די אויבן דערמאָנטע שטעט. עס האָט פיל מאָל פּאַסירט, אַז מען האָט פאַר־געלייגט דעם כסא־הרבנות פון גרויסע שטעט צו רבנים פון פיל קלענערע שטעט; אָבער די דאָזיקע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן זייערע שטעט, טראָץ דעם וואָס די גרויסע קהילות פלעגן אָנהאַלטן פיל העכערע און באַדייטנדיקערע שכירות ווי די קלענערע פון זיי. ר׳ אליהו־חיים מייזל פון לאָדזש, ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק פון בריסק, ר׳ שמואל מאָהילעווער פון ביאַליסטאָק, ר׳ חיים־עוזר גראָדזיענסקי פון ווילנע און אַנדערע, זיינען פאַרבליבן אויף זייערע ערטער און זייער כבוד האָט געמאַכט אַ שם די שטעט פון זייער רבנות.

מיר געפינען פיל גרויסע שטעט, און באַזונדערס אין דער גע־וועזענער ליטע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין „אָפיציעלע רבנים״. די רעליגיעזע פאַרשטייערס, אָדער גייסטיקע מנהיגים פלעגן טראָגן דעם טיטל: אַב בית־דין (פאַרקירצט — אב״ד), מורה־הוראה, ראש־הדיינים, גדול, אָדער מ״צ (מורה־צדק), אָבער נישט רב. אַזעלכעס האָט פּאַסירט מיט מינסק. דאָרט האָט דער העכסטער רעליגיעזער רעפּרעזענטאַנט געטראָגן דעם נאָמען גדול. דער יראת־הכבוד פאַר די פאַרשטאָרבענע רבנים איז געווען אַזוי גרויס, אַז די קאַנדידאַטן פלעגן מורא האָבן צו פאַרטרעטן זייער פּלאַץ, ווייל טאָמער וועט זיי אויסקומען צו בייטן אַ תקנה פון פריִערדיקן רב, אָדער אָננעמען אַ

נײַע, וואָס איז נישט בהסכם מיט דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם פּאַרגייענדיקן.

דער טעם פון אָפּהאַלטן זיך אָדער ווידערשטאַנד פון די נײַע רבנים צו פאַרטרעטן די שטעלעס פון די אַוועקגעגאַנגענע גדולים פלעגט זײַן, ווי דער תלמודישער רעגלאַמענט ווײַזט־אָן: „אין בית־דין יכול לבטל דברי בי"ד חבירו, אלא אם כן גדול ממנו בחכמה ובמנין" (מגילה ב'), דאָס הייסט: קיין יורידישע אויטאָריטעט קען ניט צונישט מאַכן די החלטות פון אַ צווייטער, סײַדן זי פילט זיך העכער אין וויסן און אין צאָל. די יעניקע רבנים, וואָס פלעגן מורא האָבן פאַר דעם דאָזיקן רעגלאַמענט, פלעגן גלײַכער נישט אָננעמען יענע רבנות־שטעלע. ס'זײַנען אָבער געווען רבנים מיט גרויס אוי־טאָריטעט, וואָס פלעגן זאָגן: מיר פילן זיך שטאַרקער פון די אַוועק־געגאַנגענע און מיר פאַרטרעטן זייערע פלעצער. אַזאַ פאַל האָט פּאַ־סירט אין מײַן געבוירן־שטאָט אַמדור, נאָך דעם טויט פון דעם גרויסן רב ר' איסר, ווען מײַן גרויסער עלטער־פעטער ר' אַברהם־עזרא האָט געזאָגט: „איך נעם אויף מיר דעם אַמט, ווײַל איך פיל זיך בכוח ממשיך צו זײַן די רבנות פון גרויסן פאָרגייער".

מערסטנטייל אָבער פלעגן אין אַזעלכע פאַלן בלײַבן גרויסע שטעט אָן אָפיציעלע רבנים, און אַלע גרויסע און וויכטיקע רעלי־גיעזע שאלות און פּראָבלעמען פלעגן געלייזט ווערן דורך די מורה־הוראות, דיינים, אָדער אַנדערע תלמודישע אויטאָריטעטן. ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז די אַזוי גערופענע ממלאי־מקום, די רבנישע שטעלפאַרטרעטערס, פלעגן תמיד זײַן גרויסע גאונים און זייער טי־פע קענטעניש אין ים־התלמוד פלעגט קלינגען און שמ'ען אין אַלע יידישע קרײַזן.

דאָס ערשטע, וואָס מ'פלעגט פאָדערן פון אַ רב אין אַ גרויסער שטאָט, אָדער קהילה איז געווען לומדות און גאונות. מען פלעגט זיך נישט אינטערעסירן, צי איז דער קאַנדידאַט אַ „ידען" אין דער לאַנדשפּראַך, און ס'איז טייל מאָל גאָר נישט געווען קיין גרויסע מעלה, אויב אַ רב איז יאָ געווען באַהאַוונט אין דער רוסישער

אָדער פוילישער שפּראַך. עס איז באַוווּסט, אַז ר׳ יצחק־אלחנן און ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ז״ל האָבן ניט פאַרשטאַנען און נישט געקענט ריידן קיין איין וואָרט אין דער לאַנדשפּראַך. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיטן רב שמואל מאָהילעווער.

אין די לעצטע יאָרן פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז פאַר־רופן געוואָרן אַן „אַספּת הרבנים" אין וואַרשע, און צווישן אַנדערע פאַרשיידענע וויטאַלע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די רוסישע און פּוי־לישע רבנים האָבן זיך אינטערעסירט, איז אויך אַרויפגעשווומען די פראַגע וועגן פאָדערן אין דער צוקונפט אַ געוויסע פאַרבאַרייטונג אין די לאַנדשפּראַכן פון די באַטרעפנדיקע רבנים. אַ סך יונגע רבנים האָבן אַרגומענטירט, אַז די רעליגיעזע פאַרשטייערס דאַרפן און מוזן קענען די אָפיציעלע לאַנדשפּראַכן. דאַן האָט זיך אויפגעע־הויבן ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק און סאַרקאַסטיש געזאָגט: „מאַלע וואָס אַ רב מוז און דאַרף קענען, הלמאַי דאַרף ער קענען לערנען און ער קען נישט"... נאַטירלעך, איז דער פאָרשלאָג פון די יונגע רבנים דורכגעפאַלן אויף יענער רבנים־פאַרזאַמלונג און עס האָט זיך אַלץ אין דעם רוסישן ייִדנטום געפירט ווי פריִער.

פאַרשטייט זיך, אַז עס זײַנען געווען אויסנעמען, באַזונדערס אין די ערשטע צענדליקער פון איצטיקן יאָרהונדערט. אַזוי געפינען מיר דעם רב רובינשטיין ז״ל, וועלכער איז געווען אַ גרויסער קענער פון רוסיש, פּויליש, דײַטש און פראַנצייזיש, אַ חוץ זײַן גרויסע לומדות אין תלמוד און פּוסקים. עס איז אויך כדאַי צו דערמאָנען הרב י. ל. צירעלזאָן ע״ה, וועלכער איז געווען סענאַטאָר אין רומענישן פּאַרלאַ־מענט און איז געווען גאַנץ גוט באַהאַוונט אין דער רוסישער און רומענישער שפּראַך.

זאָל ווידער דאָ דערמאָנט ווערן דער פאַל פון הרב רובינשטיין, וועלכער האָט קאַנדידירט אויף דעם אַמט פון רב־הכולל פון ווילנע, אונטער דער פּוילישער מלוכה. זײַנע חכמות־חיצוניות האָבן אים דערלויבט דעם דאָזיקן אַמט לויט די געזעצן פון פּילסודסקיס רע־גירונג. אָבער זײַן לומדות איז געווען זייער אַ שוואַכע לגבי זײַן

גרויסן בר־פּלוגתא ר' חיים־עוזר גראָדזיענסקי ז"ל, און די ווילנער קהילה האָט אָנערקענט בלויז דעם לעצטן, ווײַל ער איז געווען דער גאון, דער „שר־התורה".

***

איך וויל דאָ געבן אייניקע סטאַטיסטישע ציפערן וועגן דער צאָל פון די גראָדנער ייִדן אין פאַרשיידענע צײַטן. די שטאָט גופא איז געגרינדעט געוואָרן אין 11טן יאָרהונדערט, און עס האָבן זיך דאָרט שוין געפונען ייִדן אין 14טן יאָרהונדערט; און מיט הונדערט יאָר שפּעטער איז שוין אַפילו דאָרט פאָרגעקומען אַ גירוש פון ייִדן, דעקרעטירט פון אַלעקסאַנדער יאַגעלאָן, גרויספירשט פון ליטע. און מיט נאָך הונדערט יאָר שפּעטער זײַנען דאָרט געמאַכט געוואָרן באַשרענקונגען פון ייִדישן רעכט. אין 1547 באַקומען די גראָדנער ייִדן אַ דערלויבעניש אויפצונעמען אַ רב; די ייִדישע לאַגע פלעגט זיך בײַטן אין גראָדנע מיט דעם אַרויפשטײַגן אויפן ליטווישן טראָן פון דעם אָדער יענעם גרויספירשט, און לויט דעם טעמפּעראַמענט אָדער משוגעת פון יענע מושלים.

אין יאָר 1560 האָבן זיך געפונען אין גראָדנע 60 ייִדישע משפּחות, צווישן 543 עקסיסטירנדיקע הײַזער. די ייִדן האָבן אין יענער צײַט געוווינט אויף דער ייִדישער גאַס, האָבנדיק אַ שול און אויך אַן אייגענעם שפּיטאָל אויף פּלעבאַנסקי־גאַס *.

אין 16טן יאָרהונדערט האָט גראָדנע געהאַט פאַר אַ רב דעם גרויסן און באַוווסטן גאון ר' מרדכי יפה, דער מחבר פון די „לבושים", וועלכער האָט אויסגעבויט די גרויסע פּרעכטיקע שול, וואָס האָט געטראָגן זײַן נאָמען ביז אין די לעצטע יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. אויף דער וואַנט פון דער שול איז געווען אָנגעשריבן: „הבית המקדש המעט כוננה ויסדה הגאון הלבוש" (פרט: השל"ח — 1578).

---

* זע, „אוצר ישראל" פון אײַזנשטיין, 4טער טייל, ז' 119.

אין 1790 איז שוין פאָרגעקומען אַן עלילת־דם אין גראָדנע, פּראָוואָצירט פון די יעזויִטן: אין דעם צווייטן טאָג שבועות פון דעם זעלביקן יאָר האָט מען הינגעריכט דעם קדוש ר׳ אליעזר בר׳ שלמה פון ווערבאַלאָוו, צעשניַידנדיק זיַין גוף אויף פיר טיילן אונ־טער דעם צייכן פון אַ צלם.

אין 1795 איז גראָדנע אַרונטערגעפאַלן אונטער דער רוסישער מאַכט. דאַן האָבן דאָרט געוווינט 2000 ייִדישע נפשות; גראָדנע איז צו יענער ציַיט געווען כמעט אַ ייִדישע שטאָט. אין 1816 זיַינען שוין דאָרט געווען 8422 ייִדן און 1451 נישט־ייִדן. אין 1907 האָט גראָדנע געציילט אַן אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון 46.871 נפשות, פון וועלכע 25.000 זיַינען געווען ייִדן.

דער ערשטער רב, וואָס איז באַקאַנט פון גראָדנע, איז געווען ר׳ נתן שפּיראָ אַשכנזי. עס איז וועגן זיַין טעטיקייט קיין סך נישט באַוווּסט; דאָס איינציקע וואָס מען ווייסט איז, אַז ער איז געווען דער מחבר פון דעם ספר „מבוא שערים" — אַ פּירוש אויף דעם חיבור „שערי דורא" פון דעם גאון ר׳ יצחק מדורא, וואָס האָט געלעבט מיט העכער 600 יאָר פריִער. מען שריַיבט אים צו אויך דעם ספר „באורי רש"י", אָבער עס איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. לויט דעם ספר „באר שבע" — געבראַכט אין „שם הגדולים" פון ר׳ חיים־יוסף אַזולײַ, איז דער מחבר פון „באורי רש"י" געווען אַן אַנדער גאון. ר׳ נתן שפּיראָ אַשכנזי איז געשטאָרבן אין יאָר השל"ז — 1577. מען זאָגט, אַז דער קראָקער רב און בעל־מקובל, מחבר פון ספר „מגלה עמוקות", איז געווען דער אייניקל פון רב נתן שפּיראָ און האָט גע־טראָגן דעם זעלביקן נאָמען.

דער צווייטער באַוווּסטער רב אין גראָדנע איז געווען דער פריִער דערמאָנטער גאון ר׳ מרדכי יפה, באַקאַנט אין דער פּוסקישער וועלט אונטערן נאָמען „בעל הלבושים".

עס איז נישט באַוווּסט אויף זיכער דער ריכטיקער טאָג ווען ער איז געבוירן געוואָרן, אָבער לויט השערות, האָט עס פּאַסירט אין יאָר 1530, אין דער שטאָט פּראָג; ער איז נפטר געוואָרן אין פּויזן,

דעם 3טן אָדר 1612, אַזוי אַז ער האָט געהאַט אַ לאַנגע עלטער (82 יאָר). אַחוץ זײַן טיפֿער גאונות אין תלמוד און אין דער אַלטער פֿוס־קישער ליטעראַטור, איז ער אויך געווען אַ גרויסער מלומד אין פֿי־לאָסאָפֿיע, מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע. ער האָט זיך אויך אינטע־רעסירט מיט חכמת הקבלה. לויט ער אַליין שרײַבט אין דער הקדמה פֿון זײַן ספר לבוש „אור יקרות", זײַנען זײַנע לערערס געווען דער רש"ל און רמ"א (ראשי־תיבות פֿון ר' שלמה לוריא און ר' משה אי־סערלעס), די צוויי גרעסטע גאונים פֿון פּוילישן ייִדנטום פֿון 16טן יאָרהונדערט, און ר' מתתיהו בר' שלמה דעלקרוט (די ערשטע צוויי אין תלמוד און פּוסקים, און דער לעצטער — אין קבלה).

מיר געפֿינען ר' מרדכי יפֿהן אַלס ראש פֿון פּראָגער ישיבה נאָך אין זײַנע יונגע יאָרן. אין יאָר 1561 פֿאַרלאָזט ער פּראָג, צוזאַמען מיט אַלע ייִדן, צוליב דעם „גירוש פּראָג", דעקרעטירט פֿון קייסער פֿערדינאַנד פֿון בעהמען. ער האַלט זיך אויף אַ לאַנגע צײַט אין ווע־נעדיג (איטאַליע). דאָרט, ווי עס ווײַזט־אויס, האָט ער געלערנט מיס־טיק בײַ דעם מקובל דעלקרוט.

עס איז פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז דער „לבוש" זאָל האָבן געווען דער גרינדער פֿון „ועד הארצות", אין וועלכן עס זײַנען געווען אָנגעשלאָסן גרויס־פּוילן (פּויזן), קליין־פּוילן (קראָקע) און אוקראַיִנע אָדער רוס־לאַנד (לעמבערג), און שפּעטער ליטע. מיט אָט דער מיינונג האַלט אָן פּראָפּ' גרעץ און אַנדערע ייִדישע היסטאָריקערס, אָבער שאול־פּנחס ראַבינאָוויטש, איבערזעצער אין העברעיִש פֿון גרעצס ווערק אין דײַטש „געשיכטע דער יודען", שטימט נישט אײַן מיט דעם ערשטן. אליהו הרכבי, אין זײַן גרויסער אַרבעט אונטער דעם טיטל: „קדשים וגם ישנים", געדרוקט ווי אַ הוספה צו דעם העברעיִשן טעקסט פֿון שפ"ר, איז אויך מסכים מיט אים, שטיצנדיק זיך אויף די אויסצוגן פֿון די פּנקסים פֿונעם „ועד שלש הארצות", „ועד אַרבע הארצות" און „ועד ליטא". איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז דער לבוש איז געווען איינער פֿון די שטאַרקסטע טאָנגעבערס אין דעם „ועד הארצות", און זײַן וואָרט איז געווען אויטאָריטאַטיוו. אַזוי ווידער,

געפינען מיר אין דעם ספר „נתיבות עולם" פון דעם מהר"ל מפּראָג — וועגן וועמען עס איז געשאַפן געוואָרן די לעגענדע פון גולם — אַ חרם אונטערגעשריבן פון דעם לבוש, אויף די פּערזאָנען וואָס האָבן פאַרלוימדט דעם כבוד פון אַ געוויסער מיוחסדיקער משפחה פון יענער צײַט; און אין דעם פנקס „פּחנא" געפינען מיר איבערגעזעצט אין יידיש־טײַטש, אַן אויפרוף, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף דעם יערוסלאַווער יאַריד, אין יאָר 1640 (אונטערגעשריבן פון דעם תוס־פות יום־טוב), אַ באַשטעטיקונג פון אַ תקנה מיט פופציק יאָר פריער אין דער שטאָט לובלין — דאָס פּלאַץ פון דעם „ועד הארצות" — און אויף וועלכער די ערשטע חתימה איז פון ר' מרדכי יפה. דער דער־מאָנטער כרוז, אָדער קול־קורא באַציט זיך צו דעם האַרבן איסור פאַר די קהילות וועגן אויפנעמען אַ רב דורך אונטערקויף־געלט. די רבנים פון יענער צײַט פאַרבאָטן דעם דאָזיקן טאָט מיט קללות און חרמות. ווי עס ווײַזט־אויס, איז אין יענער צײַט אָנגעגאַנגען דער מיטל צו באַקומען אַ שטעלע פון רבנות דורך געבן „מתנת יד" צו די ראשי־הקהל, און דאָס האָט נישט צוגעגעבן קיין כבוד דער אינסטי־טוציע פון רבנים. דערפאַר איז פאַרשטענדלעך דער דערמאָנטער חרם און דער טאָן פון אינהאַלט.

דער „בעל הלבושים". ווי געזאָגט, ווערט ר' מרדכי יפה באַ־צייכנט אין דער פוסקישער ליטעראַטור אונטער דעם טיטל „בעל־הלבושים". דער נאָמען איז באַזירט אויף דעם פסוק פון מגילת אסתר (קאַפּ' ח', פסוק ט"ו און ט"ז), וואָס לויטעט: „ומרדכי יצא מלפני המלך בלבוש מלכות תכלת וחור ועטרת זהב גדולה ותכריך בוץ וארגמן והעיר שושן צהלה ושמחה. ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר". אַלזאָ: ער האָט געהייסן מרדכי, און דעם ספר האָט ער אַ נאָמען געגעבן „לבוש מלכות", אײַנגעטיילט אין צען קלענערע ספרים, סעיפים אָדער טיילן, אונטער די ווײַטערדיקע נעמען:

א) „לבוש התכלת", אין וועלכן ער באַהאַנדלט די אַלע דינים פון „טור" און „שולחן־ערוך אורח חיים" ביז די דינים פון שבת, לויטן סדר פון די פריערדיקע פוסקים;

ב) „לבוש החור", אַנטהאַלט אַלע דינים פון שבת;

ג) „לבוש עטרת זהב" — אַלע דינים פון „יורה דעה": כשרות און טריפות, בשר וחלב, תערובות און אַזוי ווײַטער;

ד) „לבוש הבוץ וארגמן" — אויף די דינים פון פאַמיליען־לעבן, וועלכע געפינען זיך אין „שולחן הערוך אבן העזר";

ה) „לבוש עיר שושן" — אויף אַלע דינים פון יוריספּרודענץ, לויט דעם סדר פון „חושן־משפט";

ו) „לבוש האורה" — אַ פּירוש אויף רש"י און אַנדערע מפר־שים אויף תורה;

ז) „לבוש שמחה וששון" — דרשות אויף ימים־טובים, חתונות און בריתן. (אַט דער ספר איז נאָך אין כתב־יד, אויב איך בין מיך נישט טועה);

ח) „לבוש אור יקרות", וועלכער איז אײַנגעטיילט אין קלענערע ספרים אונטער די טיטלען: „לבוש פנת יקרות" אויף דעם „מורה נבוכים" פון רמב"ם;

ט) „לבוש אוצר היקר" — אויף אַסטראָנאָמיע, און —

י) „לבוש אבן היקרה" אויף קבלה.

די אַלע נעמען פון די צען טיילן פונעם גרויסן ספר „לבוש מל־כות", געפינען זיך אין די הויפּטווערטער פון די ציטירטע צוויי פסו־קים פון „מגילת אסתר", וואָס רידן וועגן דעם טואַלעט פון מרדכין, ווען ער איז אויפגענומען געוואָרן פון אַחשוורושן פאַר גרויסוויזיר אַנשטאָט המנען.

ר' מרדכי יפה האָט זיך לאַנגע יאָרן אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו קאָנדענסירן און קאָדיפיצירן די אַלע דינים און הלכות, וואָס גע־פינען זיך אין ים התלמוד אין אַ נישט סיסטעמאַטישער פאָרעם. דער ערשטער, וואָס האָט געפּרווט דאָס צו טאָן, איז געווען ר' יצחק אַלפס פון דער שטאָט פאַס (אַפריקע), וועלכער האָט רעדוצירט דעם תלמוד נאָר אויף דער הלכישער טייל און די דינים וועלכע ווערן פּראַקטי־

צירט נאָכן חורבן, איבערלאָזנדיק די, וועלכע זײַנען געווען אין קראַפט נאָך פאַר דעם חורבן, וואָס עס ווערט גערופן אין דער רבנישער לי־טעראַטור אונטער דעם טיטל: „דער אַלפס״, אָדער „דער רי״ף״ — ראשי־תיבות פון ר׳ יצחק פסי (געבוירן 1013, געשטאָרבן 1103).

מער געוואַגט אויף דעם געביט איז געווען ר׳ משה בר׳ מימון — דער רמב״ם (געבוירן 1135, געשטאָרבן 1205), וועלכער האָט געשאַפן דעם גרויסן און ריזיקן חיבור „משנה תורה״, אָדער „יד החזקה״, אײַנגעטיילט אין פערצן ספרים — ווי עס באַטרעפט דאָס וואָרט „יד״ — און וועלכער נעמט־אַרום אַלע דינים און הלכות פון תלמוד בבלי און ירושלמי, און די תשובות פון די פריִערדיקע גאונים. אַלע ספרים פון רמב״ם זײַנען פאַרפאַסט געוואָרן אין דער אַראַבישער שפּראַך, מיטן אויסנעם פון „יד החזקה״, וועלכער איז געשריבען אין העברעיִש, און דאָס איז דער סוד, וואָס ער איז אַזוי פּאָפּולער און צוגענגלעך פאַר אַלע קלאַסן לומדים. ווען דער דאָזיקער ספר וואָלט, חס־ושלום, פאַרפאַסט געווען אין אַראַביש און וואָלט געמוזט אָנקומען צו דער איבערזעצונג אויף העברעיִש, דורך די תבונס אָדער אַלחרי־זיס, וואָלט ער נישט דערגרייכט די פּאָפּולאַריטעט אין דער לומדי־שער וועלט, און וואָלט פאַרבליבן נאָר פאַר געציילטע יחידי־סגולה, אַזוי ווי דער „מורה נבוכים״ און נאָך אַנדערע ספרים פון מיטל־עלטער.

דער גרויסער גאון ר׳ מרדכי בר׳ הלל אַשכנזי האָט פאַרפאַסט דעם „ספר המרדכי״ אויף די הלכות פון אַלפ״ס, וואָס נעמט אַרום אַלע דינים פון דער גמרא, רש״י און תוספות. געלעבט אין 13טן יאָרהונדערט. געבוירן אין עסטרײַך, און איז דערהרגעט געוואָרן על קידוש־השם, צוזאַמען מיט זײַן פרוי און קינדער, אין דער אומווער־דיקער שטאָט נירנבערג, ערב שבת מנחם אָב, 1293.

די דאָזיקע דאַטע איז נישט קיין גענויע, ווײַל אייניקע ייִדישע היסטאָריקערס מיינען, אַז ער איז אומגעקומען מיט 50 יאָר פריִער.

אין דעם זעלביקן וועג איז געגאַנגען ר׳ אָשר בר׳ יחיאל, פאַר־קירצט אונטערן נאָמען: ראָ״ש. געבוירן אין דײַטשלאַנד אין יאָר

1250 און געשטאָרבן אין טאָלעדאָ, שפּאַניע, אין 1328. דער „קיצור התלמוד" פון ראַ"ש גייט לעצטנס געבונדן צוזאַמען מיטן טעקסט פון תלמוד אין די גרויסע אויסגאַבעס פון דעם לעצטן. דער רי"ף, רמב"ם און ראַ"ש זײַנען פאַררעכנט ווי די גרעסטע קאָדיפיצירער און ווערן גערופן „שלושה עמודי ההוראה" (די דרײַ יוריספּרודענץ־קאָלומנעס).

גאָר אַ גרויסן, קאָלאָסאַלן ווערק אויף דעם זעלביקן געביט האָט פאַרפאַסט דער גרויסער גאון ר' יעקב בר' אָשר, אַ זון פון דעם אויבן דערמאָנטן ראַ"ש, אונטערן נאָמען: „טורים". דער דאָזיקער חיבור איז אײַנגעטיילט אין פיר גרויסע ספרים, מיט די נעמען: „טור אורח חיים", „טור יורה דעה", „טור אבן העזר" און „טור חושן משפט", וועלכע אַנטהאַלטן אַלע דינים און בבלי, ירושלמי, תשובות הגאונים און די הלכות פון זײַן פאָטער ראַ"ש. דער „טור" איז פאַררעכנט פאַרן גרעסטן פּוסק אין דער רבנישער וועלט. ער האָט אויך פאַר־פאַסט דעם פּירוש אויף תורה אונטער דעם טיטל „בעל הטורים", און איז געדרוקט אין אַ פאַרקירצטער פאָרעם אין אַלע גרויסע אויס־גאַבעס פון די „חמישה חומשי תורה". ר' יעקב בעל־הטורים איז געבוירן געוואָרן אין דײַטשלאַנד און איז נפטר געוואָרן אין טאָלעדאָ אין 1340. עס איז נישט באַוווּסט דאָס יאָר פון זײַן געבוירן און די דאַטע פון זײַן טויט איז אויך נישט קיין פעסטגעשטעלטע. עס איז נאָר באַוווּסט, אַז אין 1305 האָט ער אויסגעוואַנדערט פון דײַטשלאַנד קיין שפּאַניע, צוזאַמען מיט זײַן פאָטער, דער ראַ"ש ז"ל. אויף זײַן מצבה איז פאַרצייכנט די פּרשה און דער חודש, אָבער נישט דאָס יאָר פון זײַן פּטירה.

נאָך דעם בעל־הטורים איז געקומען דער קאָלאָסאַלער פּוסק ר' יוסף קאָרו, וועלכער האָט געשאַפן זײַן גרויסן ספר „שולחן ערוך" (דער געגרייטער טיש), אַ קיצור פון אַלע דינים וואָס זײַנען אויפגע־קליבן געוואָרן פון זײַן פאָרגייער ר' יעקב בעל־הטורים און פון אים גופא אין זײַן גרויסן ווערק „בית יוסף".

דער מחבר פון דעם לעצט דערמאָנטן ספר און דעם „שולחן ערוך", ווערט פאַררעכנט ווי דער לעצטער גרויסער פּוסק פון די

ראשונים און פון די גרעסטע רבנישע אויטאָריטעטן אין דער ייִדי־
שער יוריספּרודענץ, באַזונדערס בײַ די ספרדישע ייִדן.

ר׳ משה איסערליס, אָפּגעקירצט רמ״א, האָט געמאַכט אַ קיצור
פון זײַן ספר „דרכי משה״ און צוגעגעבן צום „שולחן ערוך״ די דינים
וואָס דער „בית יוסף״ האָט אויסגעלאָזן.

דער דאָזיקער חיבור ווערט אָנגערופן אין דער פּוסקישער וועלט
מיטן נאָמען „מפּה״ (אַ טישטעך), דאָס הייסט, ער האָט פאַרשפּרייט
דעם טיש פון זײַן צײַט־חבר.

ר׳ יוסף קאַרו איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע אין יאָר הרמ״ח
(5248) לויט דער ייִדישער צײַט־רעכענונג, און איז נפטר געוואָרן
אין צפת, ארץ־ישראל, אין יאָר השל״ה (5335) לויט דער רעכענונג
פון בריאת־העולם, אָדער אין 1574 לויט דער קריסטלעכער צײַט־
רעכענונג.

דער רמ״א איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע, אין יאָר 1520, און
איז געשטאָרבן אין 1572. דער ערשטער האָט דערגרייכט אַן עלטער
פון 87 יאָר, בעת דער צווייטער — 52. אויך די דאַטעס וועגן דעם
געבוירן און שטאַרבן פון דעם לעצטן זײַנען מטושטשדיק, ווײַל איניי־
קע ווילן האָבן, אַז ער איז געשטאָרבן גאָר יונג. אַ לעגענדע דערציילט,
אַז ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 33 יאָר — ל״ג — אין ל״ג־
בעומר פון יאָר של״ג, און אין יענעם טאָג איז אין קראָקע אויסגע־
פאַלן אַ שניי (שלג).... עס איז נאַטירלעך, נישט מער ווי אַ לע־
גענדע, ווײַל עס איז אומנאַטירלעך, אַז אין קראָקע זאָל אויספאַלן
שניי אין 18טן טאָג פון חודש איר, די דאַטע פון ל״ג־בעומר.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז דער גרויסער גאון ר׳ דוד סגל,
מחבר פון ספר „טורי זהב״, פאַרקירצט: ט״ז — אַ פּירוש אויף אַלע
פיר „טורים״ און „שולחן ערוך״, שרײַבט אין דעם דערמאָנטן ספר
אויף „אורח חיים״, סי׳ ת״ך, אַז דער רמ״א איז נפטר געוואָרן אין
ל״ג־בעומר פון יאָר של״ג. דערפון נעמט זיך, וואָרשײַנלעך, די אויבן
דערמאָנטע קאָמבינאַציע פון די צאָלן: 33.

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז מיט די אויבן דערמאָנטע פּוסקים

האָב איך װײַט ניט אױסגעשעפּט די צאָל חיבורים אױף פּסקי־הלכה, װאָס זײַנען אָנגעשריבן געװאָרן פֿאַר זײ און נאָך זײ, באַזונדערס די גאונים פֿון בעלי־התוספות; אָבער דער צװעק פֿון דער איצטיקער אַרבעט איז נישט צו געבן די געשיכטע פֿון די פּוסקים און אױך נישט קײן אָפּהאַנדלונג װעגן דיערע חיבורים.

ר׳ מרדכי יפה האָט געװוּסט פֿון די אַלע מחברים פֿון קיצורי־הלכות פֿון תלמוד, און נישט פֿון אַלע איז ער געװען צופֿרידן. ער האָט, בכן, געפּלאַנט צו שרײַבן אַ ספר אױף דעם זעלביקן געביט, אין װעלכן ער האָט געװאָלט פֿאַרפֿולקומען דאָס, װאָס די קדמונים האָבן פֿאַרפֿעלט. געפֿינענדיק זיך אין איטאַליע, האָט ער זיך דער־װוּסט, אַז ר׳ יוסף קאַרו, דער מחבר פֿון „בית יוסף״, קלײַבט זיך צו פֿאַרעפֿנטלעכן זײַן ספר „בירורי הפּוסקים״, אָדער „שולחן ערוך״, לױט די אױספֿירונגען פֿון זײַן ספר „בית יוסף״, און ער, ר׳ מרדכי יפה, פֿאַרלאָזט דעם געדאַנק צו שרײַבן זײַן געװוּנטשן װערק. דער־װײַל דערשײַנט דער „שולחן ערוך״ און ר׳ מרדכי יפה געפֿינט־אױס, אַז דער דאָזיקער ספר איז נישט פֿולקום צוליב זײַן קורצקײט און דאָס נישט דערקלערן די טעמים און מאָטיװן פֿון אַלע עקסטראַקטיר־טע דינים, און ער זעצט זיך װײַטער אָװעק שרײַבן זײַן פּראָיעקטירטן ספר, אין װעלכן ער װיל צוגעבן אַלע דינים פֿון די חכמי־אַשכנז (דער מחבר פֿון „בית יוסף״ איז געװען אַ ספרדי, און פֿאָלגלעך, אַנט־האַלט זײַן חיבור נאָר די דינים און מנהגים פֿון די ספרדים); ער דערװוּסט זיך אָבער, אַז זײַן רבי, ר׳ משה איסערליס, דער אױבן דערמאָנטער רמ״א, גיט זיך שױן אָפּ מיט דער דאָזיקער אַרבעט װעגן הלכה, הײבט ער אָן שרײַבן זײַן װערק „לבוש פּנת יקרת״ אױף דעם „מורה נבוכים״ פֿון רבמ״ם. (פֿאַרענדיקט אין חודש אָב פֿון יאָר שמ״ט (1589) און געדרוקט צום ערשטן מאָל מיט 6 יאָר שפּעטער, אין 1594, מיט נאָך אַנדערע ספרים).

אָבער װען ער באַקומט דעם „שולחן ערוך״ פֿון ר׳ יוסף קאַרו, געדרוקט צוזאַמען מיטן „מפּה״ פֿון רמ״א, באַשליסט ער אָנצושרײַבן זײַן גרױס װערק אונטערן נאָמען „לבושים״, װאָס איז דער מיטלװעג

צווישן דעם לאַנגן „בית יוסף" און זײַן עקסטראַקט, דעם „שולחן ערוך". פון דעם לבוש' ספר זײַנען דערשינען נאָר די ווײַטערדיקע פינף טיילן: „לבוש התכלת", „לבוש החור" — אויף די דינים פון „אורח חיים"; „לבוש עטרת זהב" — אויף „יורה דעה"; „לבוש בוץ וארגמן" — אויף „אבן העזר"; און לבוש עיר שושן" — אויפן „חושן משפט". עס איז כדאַי צו דערמאָנען בײַ דער געלעגנהייט, אַז דער גרויסער גאון ר' יום־טוב ליפמאַן העליר, דער מחבר פון גרויסן ספר „תוספות יו"ט" אויף משניות (געבוירן אין וואַלערשטיין אין יאָר של"ט — 1579 און געשטאָרבן אין קראָקע אין יאָר תי"ד — 1654), האָט אָנגעשריבן אַ קריטיק אויפן „לבוש" אונטערן טיטל „מלבושי יו"ט".

ר' מרדכי שרײַבט אין זײַן הקדמה צו די ערשטע פינף טיילן פון די „לבושים": „ער האָט געוואָלט שרײַבן זײַן ווערק נאָך דעם ווי עס איז דערשינען דער 'טור', ווײַל ער האָט זיך געגעבן רעכענונג, אַז פאַר דעם גרויסן גאון ר' יעקב בעל־הטורים, איז זײַן ספר אַ קיצור פון די דינים, אָבער פאַר אונדז איז ער נאָך צו־לאַנג, און דערפאַר זועט ער, ר' מרדכי יפה, שרײַבן אַ קורצן ווערק". ר' יוסף קאַרו האָט זיך אָבער מקדים געווען. דער „שולחן ערוך" איז אים אָבער נישט געפעלן געוואָרן, „כי קצר קצרה ידו בו מאוד ולא יספיק כלל למעיינים בו, כי הוא כספר החתום וכחלום בלא פתרון וכאלו היה הכל הלכה למשה מסיני, בלי שום טעם" — ווײַל ער האָט אים זייער פאַרקירצט און וועט נישט צופרידנשטעלן די, וועלכע וועלן זיך אין אים פאַרטיפן, זײַענדיק ווי אַ פאַרשלאָסענער בוך און אַזוי ווי אַ חלום אָן אַן אַנטשיידונג, און אַזוי ווי אַלץ וואָלט געווען אַ געזעץ פון באַרג סיני, אָן קיין דערקלערונג.

אויף דעם ספר פון זײַן רבין, דער רמ"א, שרײַבט ער: „זייערע ווערטער זײַנען נישט מײַנע; זיי האָבן געשריבן זײַערע ווערטער אָן טעם; זיי האָבן געגרייט אַ טיש פול מיט אַלע מאכלים, גוט צוגעפּראַוועטע, אָבער אָן זאַלץ, ווײַל אַ דין אָן אַ מאָטיוו איז ווי אַ געקעכץ אָן זאַלץ".

דער לבוש באַניצט זייער אַ קלאָרע און דײַטלעכע שפּראַך. זײַן

אינטערפּרעטאַציע פון די דינים איז פול מיט געזונטער לאָגיק. ער איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון פּילפּול וועלכער „פאַרקריפּלט דעם געדאַנק", זײַענדיק, אין קעגנטייל, אַ מענטש מיט אַ קלאָרן שכל און שטרענג סיסטעמאַטיש אינעם לערנען און אין שרײַבן.

פון דעסט וועגן זײַנען די „לבושים" נישט אָנגענומען געוואָרן אין דער רבנישער און פּוסקישער וועלט. די אמתע אויטאָריטעטן אויפן געביט פון „פּסקי הלכה" זײַנען געבליבן בײַ די ייִדן פון דער גאַנצער וועלט — דער „טור" און דער „שולחן ערוך".

הכל תלוי במזל, אַפילו ספר־תורה שבהיכל. פיל ייִדישע היס־טאָריקערס גיבן זיך אַ סך אָפּ מיט אָט דער פראַגע, פאַר וואָס דער בעל־הלבושים האָט נישט זוכה געווען, אַז זײַנע פּוסקי־הלכות זאָלן אָנגענומען ווערן בײַ דער רבנישער וועלט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ווי אַ פּוסק איז ער פיל דײַטלעכער און מער פּרעציז, ווי זײַנע פאָרגייערס, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז ער גיט־אָן דעם מקור פון יעדן דין און דעם מאָטיוו פון יעדער מצווה, לויטן תלמוד און גאונים. דער לבוש אַליין שרײַבט אין דער צווייטער הקדמה צו זײַנע ספרים „לבוש התכלת" און „לבוש האור" אויף די דינים פון „אורח חיים", אַז אַ געוויסער חכם מיטן נאָמען ר' יוסף קלבן, האָט אים געבראַכט זײַנעם אַ ספר, געשריבן אין דעם זעלביקן גײַסט ווי דער „לבוש" און פאַרפאַסט צוליבן זעלביקן מאָטיוו, ווײַל דער „שולחן ערוך" פון ר' יוסף קאַרו איז צו־קורץ און אָן טעמים. און נאָך דעם ווי ביידע האָבן דיסקוטירט וועגן זייערע ספרים, האָט ר' יוסף קלבן אָנערקענט, אַז דער „לבוש" איז מער וויכטיקער און סיסטעמאַטישער ווי זײַן מאַנוסקריפּט און האָט דערפאַר באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פון זײַן אַרבעט. אָבער כדי זײַן מי זאָל נישט זײַן אומזיסט, האָט ער פאָרגע־לייגט, אַז דער לבוש זאָל אַרײַנגעבן אין זײַן ספר די טעמים פון די דינים, וועלכע יענער האָט מחדש געווען און וואָס דער לבוש האָט דורכגעלאָזן. דער לעצטער האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג. (זע, 3טער טייל „תולדות הפוסקים" פון רב־צעיר, חיים טשערנאָוויץ, ז' 110).

דער בעל־הלבושים איז אויך געווען רב אין פויזן, לובלין און קרעמעניץ. מיר באַציִען זיך אָבער אין אָט דער אַרבעט נאָר וועגן זײַן אַקטואַציע אין דער שטאָט הוראָדנאָ (גראָדנע). אין יאָר תשל״ב (1572), ווערט ער אויפגענומען פאַר רב אין אָט דער שטאָט אויפן פּלאַץ פון ר׳ נתן שפּיראָ אַשכנזי, אָבער צוליב דעם קאָנפליקט וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן צווישן אים און דעם ראש־ישיבה ר׳ משה, (דער ברודער פון ר׳ שלמה־אפרים איש לונטשיץ, דער מחבר פון „כלי יקר״ אויף חומש אין „עוללות אפרים״, געווען אויך רב אין פּראָג, צוזאַמען מיט דעם „שלה הקדוש״) האָט ער פאַרלאָזן גראָדנע. אין יאָר 1588 ווערט ער אויפגענומען פאַר רב אין דער שטאָט לובלין, וואָס איז דאָן געווען די רעזידענץ פון דעם „ועד שלש ארצות״ און האָט זיך גערעכנט פאַר דעם פּלאַץ פון די גרעסטע רבנים און לומ־דים.

דורכן גרויסן אײַנפלוס פון דעם לבוש, האָט זיך דער „ועד ליטא״ אָנגעשלאָסן אין דעם „ועד שלש ארצות״.

ר׳ מרדכי יפה האָט זײַן גאַנץ לעבן זיך אָפּגעגעבן בלב־ונפש מיט די ענינים פון רעליגיעזן און קהלשן לעבן. צוויי טעג פאַר זײַן פּטירה, שרײַבט ער נאָך אַ תשובה צו דעם „ועד אַרבע הארצות״, און ענדיקט מיט די ווײַטערדיקע ווערטער: „אני מוטל עכשיו על ערש דוי, לא עליכם, ותולה בדין מלך־מלכי־המלכים, חותם בידים רפות: מרדכי נקרא יפה״ — איך ליג איצט אויפן קראַנקנבעט, נישט פאַר אײַך געדאַכט, און וואַרט אויף דעם דעקרעט פונעם מלך־מלכי־המלכים און צייכן מיט ציטערדיקע הענט. צוליב דער סיבה, איז זײַן שריפט נישט לייענבאַר און צוויי עדות באַשטעטיקן זײַן אונטער־שריפט..

אויף זײַן צעבראָכענער מצבה אין פּאָזען האָט מען קוים גע־קענט איבערלייענען דעם שריפט (ווער ווייסט, צי די מצבה איז נאָך הײַנט פאַראַן, נאָך דעם ווי די שמוציקע הענט פון די טמאדיקע נאַ־ציס האָבן געשענדט די קברים פון אונדזערע קדושים): „ציון זה לראש הגאון אב״ד מוה׳ מרדכי יפה ז״ל, ג׳ אָדר שע״ב״.. (זע,

„תולדות הפוסקים" פון שמעון־משה האַנעס, ז' 136, געדרוקט לעצטנס אין ניו־יאָרק).

## לעגענדעס, געשאַפֿנע אַרום דעם לבוש

אַלע לעגענדעס וועגן גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס ווערן געשאַפֿן צווישן פֿאָלק, וואַרפֿן כמעט שטענדיק אַ שײַן אויף דעם פּאַרנעם אָדער די גרויסקייט פֿון די באַטרעפֿנדיקע גדולים. אויך אַרום ר' מרדכי יפה האָבן גראָדנער ייִדן געשאַפֿן און אויסגעפֿונען אַ סך לעגענדעס. אָט זײַנען אייניקע פֿון זיי:

1) פֿאַר וואָס דער נאָמען לבוש? גראָדנער אַלטע לומדים פֿלעגן דערציילן מפּי השמועה, בין מנחה למעריב, אָט די לעגענדע: דער לבוש איז געווען אַ גרויסער הדרת־פּנים, ס'האָט גערוט אויף אים די שכינה. אַ געוויסע ליטווישע פּרינצעסין האָט זיך אין אים פּשוט פֿאַרליבט, צוליב זײַן רייצנדיקער פֿיגור. זי האָט אים איין מאָל אײַנגעלאַדן צו זיך, כדי איבערצושמועסן מיט אים וועגן פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון די ייִדישע אײַנוווינערס פֿון גראָדנע און אומגעגנט. איז ווען ער איז צו איר געקומען, האָט זי אים פֿאַרגעלייגט איר מיאוסן און אומווערדיקן פּלאַן... און ווען דער לבוש האָט, ווי פֿאַרשטענדלעך, אָפּגעוואָרפֿן איר אוממאָראַלישן פֿאָרשלאָג, האָט זי אים געלאָזט פֿאַרשפּאַרן אין איר שלאָס, וועלנדיק דורך דעם אים צווינגען נאָכצוגעבן איר תאווה. דער גרויסער צדיק, געפֿינענדיק זיך אין אַזאַ געפֿערלעכער סיטואַציע, האָט באַשלאָסן אײַנצושטעלן זײַן לעבן און מקיים זײַן דאָס געבאָט פֿון „יהרג ואל יעבור", ד"ה, בעסער אומקומען איידער נאָכגעבן אַזאַ מיאוסן פֿאַל, און ער האָט זיך אַראָפּגעוואָרפֿן אין דעם שמוציקן גרוב פֿון בית־הכסא. ער האָט זיך אַזוי אַרום געראָטעוועט בײַנאַכט, און איז אַרויס, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, „אײַנגעריכט" אין שמוץ. אויף דער צווייטער נאַכט האָט מען אים מודיע געווען אין חלום: דו האָסט זיך מוסר־נפֿש און מקדש־השם געווען, מיט אײַנשמוציקן דײַן קערפּער, דערפֿאַר וועסטו מאַכן אַ חיבור,

וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „לבוש" — אַ קלייד. גלײַך נאָך דעם האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן דעם ספר „עשרה לבושים" און האָט באַ־קומען דעם טיטל „בעל־הלבושים".

2) עס איז אויבן דערמאָנט געוואָרן די גרויסע שול, וואָס ר' מרדכי יפה האָט געלאָזט בויען אין הוראָדנאָ. וועגן איר ווערט דער־ציילט אָט די לעגענדע: אין 16טן יאָרהונדערט, די צײַט ווען דער לבוש האָט אָמטירט אין גראָדנע, האָבן די יעזויִטן געבושעוועט אין ליטע און האָבן געפּועלט, אַז קיין שול־געבײַדע זאָל נישט טאָרן גע־בויט ווערן העכער ווי די קלויסטערס. ר' מרדכי יפה האָט געהאָט אויך אַן אַרכיטעקטאָנישן חוש, לויט ווי עס באַשטעטיקן אַלע ייִדישע היסטאָריקערס. ער איז אויך געווען נישט פרעמד אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן און אוניווערסאַלע שפּראַכן — האָט ער מײַסטערהאַפט געבויט די דערמאָנטע שול, אַז איר טורעם, אָדער דער שפּיץ, זאָל פאַרט אויסקומען העכער פון יעדער געבײַדע פון שטאָט, ווי עס פאַ־דערן די פאַרשריפטן פון בנין בית־הכנסת. היות גראָדנע האָט אין יענער צײַט פאַרמאָגט פיל קלויסטערס, האָט ער אַזוי אויסגעפּלאַנירט, אַז די מזרח־וואַנט זאָל נישט אויסקומען קעגן וועלכן ס'איז נישט קלויסטער. און ווירקלעך, די וועלכע געדענקען נאָך דעם בנין פון יענער היסטאָרישער שול, וועלן זיך דערמאָנען, אַז די מזרח־וואַנט איז געווען געבויט מיט אַ סך ווינקלען און פאַרשיידענע אָפּנײַגונגען, וואָס האָט באַוויזן בולט, אַז איר מײַסטער האָט געהאַט אַ געוויסע כוונה בײַם געבן איר די דערמאָנטע פאָרעם.

אַלטע ייִדן פלעגן צוגעבן מיט פּיעטעט, אַז אַ געוויסער ייִדישער קצב האָט אויסגעבויט פאַר דער שול אַ קונציקע אײַזערנע טיר, אָבער זייער אַ שווערע, און ווען דער לבוש האָט איר באַטראַכט, האָט ער זיך אָפּגערופן צום קצב: „חילך לאורייתא" — דײַן קראַפט איז פאַר דער תורה — „טראָג איר אַוועק גלײַך אין שול". דער קצב האָט אַליין גענומען די שווערע טיר און האָט זי אַוועקגעטראָגן צו דער שול, אַ משא צו וועלכער מען האָט, נאָרמאַל, געדאַרפט האָבן פופצן מענטשן... דער לבוש האָט אים דאַן געזאָגט: גאָט האָט

דיר געגעבן כּוח צו לעבן אַ סך יאָרן. די לעגענדע גיט־צו, אַז דער דערמאָנטער קצב האָט געלעבט העכער הונדערט יאָר, צוליב דער ברכה פון דעם גרויסן צדיק, דער בעל־הלבושים.

דעם לבושס שול איז אָפּגעברענט געוואָרן אין יאָר 1599, אָבער זי איז גלײַך צוריק אויפגעבויט געוואָרן אין איר פּרימיטיוון סטיל. איך האָב, יינגלווײַז, געזען איין מאָל די שול און בין אַרויס באַאײַנ־פלוסט מיט קדושה פון יענער לעגענדאַרישער געבײַדע. אין יאָר 1895 האָב איך פאַרלאָזן גראָדנע, וועלכע האָט דאַן געהערט צו רוס־לאַנד, און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, זײַענדיק שוין אין אַרגענטי־נע, איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די שול איז חרוב געוואָרן דורך אַ שׂרפה. מײַן פאָטער ז״ל האָט געגעבן אַ קרעכץ, אַרויסזאָגנדיק נאָר די ווערטער: „אוי! דעם לבושס שול״, און איז געבליבן ווי אַן אָבל. אין זײַן קרעכץ האָב איך געפילט עפּעס ווי אַ נבואה, וואָס האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז מיט דעם חורבן פון לבושס שול איז חרוב געוואָרן דער יידישער גײַסט פון הוראָדנאָ, וואָס אויף איר פלעגן די אַמאָליקע רבנים שרײַבן „הר אַדוני״ — גאָטס באַרג.

איך חזר איבער: עס איז געווען כמעט אַ כּלל, אַז די רבנים פלעגן מאַכן גרויס די שטעט דורך זייער תורה, און נישט די שטעט — די רבנים. דער לבוש, אין באַצוג צו גראָדנע, האָט עס באַשטע־טיקט. ווען יידן־לומדים פלעגן ריידן וועגן די שטעט קראָקע, פּראָג, פּאָזען, לובלין, ווילנע, בריסק, כּערסאָן א״אַנד, פלעגן זיי זיך דער־מאָנען אין די גרויסע רבנים וואָס האָבן דאָרט אויסגעאיבט זייער ווירקונג: דער ב״ח (ר׳ יואל סירקיס), דער מהרש״א (ר׳ שמואל־אליעזר אידלש), דער רמ״א (ר׳ משה איסרלס), דער מהר״ל (יהודה ליוואי בר׳ בצלאל), דער מהרש״ל (ר׳ שלמה לוריא), דער מהר״ם (ר׳ מאיר מלובלין), דער של״ה — „שני לוחות הברית״ (ר׳ ישעיה הורוויץ), דער „תבואת שור״ (ר׳ אפרים־זלמן שור), דער „שפתי כהן״, ש״ך (ר׳ שבתי כהן), דער „טורי זהב״ (ר׳ דוד הלוי סגל), דער וויל־נער גאון (נישט געווען קיין רב), דער „מלבי״ם״ (ר׳ מאיר־לייבוש בן יחיאל־מיכל) און פיל אַנדערע. אין פריערדיקע צײַטן פלעגט די

וויכטיקייט פון יעדער שטאָט זײַן פֿאַרבונדן מיט דעם רבֿ, אָדער גדול, וואָס האָט דאָרט אַמטירט, אַנדערש האָבן אונדזערע פֿאָרגייערס ניט פֿאַרשטאַנען. בײַ דער געלעגנהייט קומט מיר אַרויף אויפֿן געדאַנק דער אַנעקדאָט, וואָס ליטווישע ייִדן פֿלעגן דערציילן אויף ר׳ אײַזעלע חריף, סלאָנימער רבֿ, אין באַצוג צו רבנים: אין אַ שטאָט האָט זיך געשאַפֿן אַ סיכסוך צווישן דעם אָרטיקן רבֿ און די באַלעבאַטים, וואָס האָבן פּרעטענדירט, אַז דער ערשטער קען נישט גענוג לערנען, לויט זייער אָפּשאַצונג. ווען דער סיכסוך איז געקומען צו ר׳ אײַזעלען און ער האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז די טענה פֿון די באַלעבאַטים איז אַ באַרעכטיקטע, האָט ער געזאָגט צום רבֿ: „רבי, איר זײַט דאָך אַן ערלעכער ייִד, טאָ ווי קענט איר וווינען אין אַ שטאָט וווּ עס איז נישטאָ קיין רבֿ?״...

דער רבֿ פֿלעגט, בכן, צוגעבן גלאַנץ און גרויסקייט דער שטאָט. ער פֿלעגט אָבער דאַרפֿן פֿאַרמאָגן די נייטיקע אייגנשאַפֿטן. ווען מען דערמאָנט די שטאָט הוראָדנאָ, קומען אויפֿן געדאַנק באַלד די נעמען פֿון די גרויסע רבנים, וואָס האָבן דאָרט אויסגעאיבט זייער אײַנפֿלוס. פֿון מיטלעלטער ביזן חורבן השלישי פֿון אונדזער פֿאָלק. אויפֿן ערשטן פּלאַץ פֿיגורירט דער רבֿ מרדכי יפה, דער בעל־הלבושים.

ד״ר יצחק ריבקינד

# צו דער געשיכטע פון אַמדור

דער היסטאָריקער און שפּראַכפאָרשער ד״ר יצחק ריבקינד ז״ל (געלעבט אין ניו־יאָרק) איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון אַמדור. מיר גיבן דאָ דעריבער, ווי אַ נאָכוואָרט, אַ פראַגמענט פון זײַנעם אַן עסיי (געדרוקט אין 1937) וועגן דער געשיכטע פון דאָזיקן שטעטל, וואָס קען דינען ווי אַ דערגאַנצונג צו ידידיה אפרונס זכרונות.

רעדאַקציע

כאָטש אַליין נישט געבוירן אין אַמדור, נאָר געווען, אַזוי צו זאָגן, אַן אַמדורער „נכתב״, פון דאָרט פלעג איך באַקומען מײַן רוסישן פּאַס — דאָך האָב איך אַלע מאָל געפילט אַ נאָענטקייט און היימישקייט צו דעם געבוירן־שטעטל פון מײַן פאָטער, זײַנע עלטערן און עלטערנס עלטערן.

אַמדור איז געווען אַ ייִדיש שטעטל מיט אַ היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט פון עטלעכע הונדערט יאָר, נאָך פון דעם 16טן יאָרהונדערט. גענוי ווען ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין אַמדור און ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָרטן פאָרמירן אַ ייִדישער ישוב — איז נישט באַוווּסט. אָבער מען געפינט שוין אַ דאָקומענט פון 1539, וועגן תביעות פון אַמדורער ייִדן [1].

ס׳וואָלט דעריבער אויך באַדאַרפט זײַן איינע פון די הויפּט אויפגאַבעס, אויפצוהאַלטן און צו ראַטעווען אַלץ וואָס איז נאָך פאַרבליבן

[1] „רעגעסטי אי נאַדפּיסי״ I, ז׳ 278.

פון דער פאַרגאַנגענהייט; אַלץ וואָס איז נאָך נישט פאַרשווונדן אָדער פאַרניכט געוואָרן דורך מלחמות אָדער שרפות; אַזוי ווי ס'האָט פּאַסירט אין דער לעצטער וועלט־מלחמה און דער עיקר, אין דער גרויסער שרפה פון 1882, ווען דאָס שטעטל און אַ סך פון אירע אַל־טערטימלעכקייטן, ווי די אַלטע שול, אַלטע פּנקסים און ספרים — זײַנען אַוועק מיטן פײַער.

נאָך דער גרויסער שרפה, האָט טאַקע אַ קרוב אונדזערער, ר' אליעזר ברעגמאַן, בײַגעשטאַנען זײַן געבוירן־שטעטל אַמדור אין נויט, ווען ער האָט, מיט אַ ברייטער האַנט, צוריק אויפגעבויט דאָן די נייטיקע שטאָטישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אים אָפּגעקאָסט אַ סומע פון צען טויזנט רובל, אויב נישט מער[2], וואָס איז, פאַר יענע יאָרן, אַ גאָר היפּשע סומע.

אָט האָב איך אַליין געהאַט פּאָלגנדיקע דערפאַרונג. מיט עט־לעכע יאָרן צוריק האָבן איך געבעטן, מען זאָל פאַר מיר פאָטאָגראַ־פירן די מצבה פון מײַן עלטער־זיידן ר' איסר (געבוירן אין אַמדור אַרום 1800 און נפטר געוואָרן דאָרט צו 69 יאָר, הושענא רבא תרכ"ט), דער דיין דאָרט זײַן גאַנץ לעבן — האָט מען נאָר אַ טייל פון דער מצבה אַנטציפערט און איז לייענבאַר, דאָס איבעריקע שוין נישט. וואָס קען מען שוין דערוואַרטן פון מצבות, וועלכע זײַנען אַלט אַ פּאָר הונדערט יאָר — ווער ווייס אַפילו צי ס'איז פון זיי געבליבן אַ זכר! און אונטער מצבות ליגן דאָך באַגראָבן נישט נאָר מענטשן, נאָר גאַנצע וועלטן. מצבות זײַנען געשיכטע.

טראָץ דעם וואָס אַמדור איז, ווי דערמאָנט, אַ היסטאָריש ייִדיש שטעטל, איז וועגן איר נאָך גאָר ווייניק וואָס געשריבן געוואָרן. חוץ אַ פּאָר געציילטע שורות אין די ייִדישע ענציקלאָפּעדיעס[3], האָט זי

[2] זע די קאָרעספּאָנדענצן אין „המליץ", 1883, ז' 685, און אין „הצפירה", 1884, ז' 291. די לעצטע קאָרעספּאָנדענץ איז געשריבן פון אַברהם בהרב הג' מ' יצחק אײַזיק בכרך.

[3] זע אין דער „ייִדיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע", באַנד VIII, ז' 172; די

צו קיין גרעסערע אַרבעט נישט זוכה געווען, ווער רעדט צו אַ מאָנאָ־גראַפיע — געוויס נישט.

אַמדור האָט געשפּילט אַ ראָלע אין דער ייִדישער אויטאָנאָמיע און האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דעם ייִדישן סיים אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד („ועד מדינת ליטא"). די 37סטע סעסיע פון דעם סיים איז, ווינטער 1720, צונויפגערופן געוואָרן אין אַמדור און אַ ריי וויכטיקע תקנות און באַשלוסן זײַנען דאָן אויף די זיצונגען אָנגענומען געוואָרן [4]. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, פיל געהויבן דעם פּרעסטיזש פון אַמדור.

אויך דער אַמדורער כסא־הרבנות איז געווען זייער אָנגעזען און הויך געשעצט. די אַמדורער רבנות איז נישט געווען נאָר אַ שטאָטישע, אַן אָרטיקע, נאָר פאַרן גאַנצן גליל, פאַר דעם קרײַז אַרום. אַזוי פלעגט מען טאַקע רופן „אמדור וגליל הוראדנא".

---

דײַטשע ענציקלאָפּעדיע „יודאַיקאַ" VIII, ז' 414 און „אשכול", אנציקלופדיה ישר־אלית, באַנד II, ז' 827. צום באַדויערן, איז נישט אָנגעגעבן אין אַלע ביבליאָגראַפיעס פון די דערמאָנטע ענציקלאָפּעדיעס דער וויכטיקסטער אַרטיקל איבער אַמדור, געשריבן אונטער די ראשי־תיבות „יביא"ך" (יהודה בן אײַזיק בכרך, פאָטער פון פאַני זאַק. רעדז') „לקורות הקהילה אמדור" אין „הצפירה", 1888, בײַלאַגעס צו די נומערן 13 און 19. גראָד פעלט די בײַלאַגע צום נומער 13 אין דעם יאָרגאַנג „הצפירה" פון סעמינאַר־ביבליאָטעק און כ'האָב עס ערשט באַקומען, ווען מײַן אַרטיקל איז שוין געווען פאַרטיק צום דרוק, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט אויסצוניצן אייניקע וויכטיקע פּרטים און פאַקטן.

[4] זע, דובנוב: „פנקס המדינה", ברלין תרפ"ה, זז' 243—248; ישראל היילפרין: תוספות ומלואים ל„פנקס מדינת ליטא", ירושלים תרצ"ה, זז' 50—55, ז' 88. דאָך פעלן נאָך געוויסע אַמדורער תקנות. אַזוי פעלט אין ביידע אויבן דערמאָנטע מקורות אַ תקנה פון ו' שבט, אויף וועלכער דער דעמאָלטיקער אַמדורער רב, ר' דוד בר' ישראל, איז אונטערגעשריבן דער ערשטער. פאַרגלײַך: „דעת קדושים", פּטרבורג, תרנ"ז, נח, ז' 12. זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן אַ הסכמה, וואָס איז געגעבן געוואָרן יום ד' ז' שבט ת"פ: „פה ק"ק אמדור בהתוועדות קודש המדינה יצ"ו" אויף דער „הגדה של פסח עם פירוש עבודת הגפן", געדרוקט אופן באַך תפ"ב — 1722 (ש. ווינערס רשימה נומער 76).

